**דאָס בוך דערשיינט מיט דער הילף פון :**

**קרן לאה גולדברג ע״י האוניברסיטה העברית, ירושלים**
האיגוד הישראלי ללוחמי הבריגדות הבינלאומיות בספרד
קרן תל־אביב לספרות ולאמנות ע״ש יהושע רבינוביץ
אליעזר פינעס־פאָנד פאַר קולטור און ליטעראַטור
**ליטעראַטור־פאָנד א״נ פון יהושע און רבקה גאָלדבערג, ת״א**
אירגון יוצאי לובלין בישראל
קרן ע״ש בלה דובז׳ינסקה ז״ל מלובלין
בצלאל און סאָניאַ קעסטנער, ת״א
טרוליק און צילע פעלד, אַנטווערפּען
משה לעווינזאָן, פּאַריז

בנימין לובעלסקי

# ייִדן
# אין שפּאַנישן
# בירגערקריג
# 1939-1936

פאַרצייכענונגען פון אַ ייִדישן פרייַוויליקן



ה. לייוויק - פאַרלאַג
בײַם פאַראיין פון ייִדישע שרייַבערס
און זשורנאַליסטן אין ישראל



**דער מחבר בעתן בירגערקריג אין שפּאַניע**

צייכענונג פון שפּאַנישן קינסטלער פערנאַנדאָ ראַמאָן, 1938

דיר, מיין ליכטיקער זון
**סטעפאַן,**
געפאַלן אויפן גולן

# אַ וואָרט פריִער

אַרום פערציק טויזנט פרייוויליקע פון דריי און פופציק לענדער האָבן אויסגעפילט די רייען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע, וואָס האָט אין די יאָרן 1936 ־ 1939 געקעמפט אויף דער זייט פון דער רעפּובליקאַנישער שפּאַניע קעגן די פראַנקאָ־אויפשטענדלער. דאָס איז געווען אַ קאַמף קעגן פאַשיזם און נאַציזם, וואָס האָבן באַדראָט איינראָפּע און די גאַנצע וועלט. צווישן די פערציק טויזנט זענען געווען בערך אַכט טויזנט ייִדישע פרייוויליקע, וועלכע זענען שוין דעמאָלט — פאַרן צווייטן וועלטקריג, פאַר די היטלעריסטישע געטאָס און אויסראָט־לאַגערן — אַוועק קיין שפּאַניע קעמפן קעגן היטלערס „קאָנדאָר־לעגיאָן״, קעגן מוסאָליניס „שוואַרצע העמד־לער״, וואָס זענען געקומען העלפן דעם גענעראַל פראַנקאָ.

מען ווייסט ווייניק וועגן די דאָזיקע ייִדישע קעמפער, וועגן זייערע העלדישע מעשׂים און העלדישן טויט פון אַ סך פון זיי. ווער זענען זיי געווען?

אין די געדענקביכער פון די פראַנצייזישע פרייוויליקע זענען זיי געווען פראַנצויזן. אין די געדענקביכער פון די פּאָליאַקן זענען זיי געווען פּאָליאַקן אאַז״וו. מען איראָניזירט אָפט וועגן גלות־ייִד ווי אַ קעמפער. גאָר אָפט שטעלט מען אים פאָר ווי אַן אומבאַהאָלפּע־נעם פּחדן, און אונדזער יוגנט אין ישׂראל, אין אַמעריקע צי אַנדערש וווּ וויל קאָנקרעטע פאַקטן וואָס זאָלן אָפּלייקענען די דאָזיקע אַנטי־סעמיטישע אינסינואַציע און באַווייזן, אַז ייִדן האָבן מיט געווער אין האַנט געקעמפט קעגן די נאַציס און פאַשיסטן און אָנגעהויבן דעם דאָזיקן קאַמף שוין אויף די שלאַכטפעלדער אין שפּאַניע.

כ׳וועל צוריקגיין צו יענע טעג, ווען כ׳בין, פון בעלגיע, געקומען קיין שפּאַניע מיט אַ גרופּע ייִדישע פרייוויליקע קעמפן פאַר דער שפּאַנישער רעפּובליק, קעגן פראַנקאָ־רעזשים.

ס׳איז געווען דער 2טער נאָוועמבער 1936. די קאַמפן פאַר מאַדריד זענען אָנגעגאַנגען אין פולן ברען. ניט געווען קיין צייט צו פאַרלירן אויף מיליטערישער שולונג און שוין דעם 8טן נאָוועמבער זענען מיר געווען אַ טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אויפן מאַדרידער פראָנט.

כ׳בין פאַרבליבן קעמפן אויף די פאַרשיידענע פראָנטן, מערסטנס אויפן צענטראַלן און דרום־פראָנט, ביז די איינהייטן פון דער אינ־

טערבריגאַדע זענען צוריקגערופן געוואָרן פון שלאַכטפעלד און אונ־טער דער אויפזיכט פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע, באַשטימט דורך דער פעלקער־ליגע, פאַרלאָזט שפּאַניע.

ס׳איז געווען דער 6טער פעברואַר 1939, ווען אַ שטאַרקער קאָנטיגענט פון אינטערבריגאַדיסטן איז אַריבער די שפּאַניש־פראַנ־צייזישע גרענעץ. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגע תּקופה פון לאַגערן אין פראַנקרייך (אַרזשעלעס, גירס, ווערנעט) און אויף דער פאַר־שיקונג אין צפון־אַפריקע (דזשעלפאַ). די פאַרשיקונג האָט זיך פאַר־ענדיקט אין מאַי 1943, זעקס חדשים נאָכן לאַנדן פון די אַליִירטע אין צפון־אַפריקע.

אין מוח זענען פאַרבליבן זכרונות וועגן חברים, שלאַכטבילדער, לאַגער־לעבן, געשעענישן. האָב איך אַ טייל פון זיי פאַרצייכנט, אַט ווי זיי זענען אויפגעשווומען אין מיין זכרון.

כ׳האָב ניט געשריבן קיין געשיכטע. מען קען אין מיינע פאַר־צייכענונגען זיך אָנשטויסן אין דעם אָדער יענעם פאַקט, כ׳פרעטענ־דיר אָבער ניט צו האָבן געשריבן וועגן אַלץ. כ׳האָב, מערסטנס, גע־שריבן וועגן מענטשן וואָס כ׳האָב געקענט, וועגן נאָענטע חברים, פאַרבונדענע מיט געשעענישן און פאַקטן.

דער מענטשלעכער געדאַנק שטייט ניט אויפן אָרט, ער אַנט־וויקלט זיך, ענדערט זיך. אַ סך פון דעם, אין וואָס כ׳האָב געגלייבט און געגאַנגען פאַר דעם אין פייער, איז אומגעקומען אין פאַרמעסט מיט דער צייט. וואָלט איך, מיט אַ פערציק יאָר צוריק, געשריבן די געשיכטע פון די פרייוויליקע אין שפּאַניע, וואָלט זי, אַוודאי, אַנדערש אויסגעזען ווי ווען כ׳וואָלט זי געשריבן היינט, נאָך דעם ווי אַ סך פאַקטן זענען מיר אַנטפּלעקט און קלאָרער געוואָרן.

מיינע פאַרצייכענונגען און באַטראַכטונגען זענען בלויז **מיינע**, פאַרצייכנט ווי אַ **חוב** לגבי חברים, וועלכע האָבן זייערע יונגע לעבנס גרויסמוטיק מקריב געווען אויפן פרייהייט־מזבח. כ׳האָב אויסגעלאָדן פון האַרץ זכרונות און געפילן, וועלכע כ׳האָב ניט געקענט און ניט געוואָלט פאַרשפּאַרן אין זיך.

ייִדישע פרייוויליקע וואָס האָבן געקעמפט פאַר דער פרייהייט פון שפּאַנישן פאָלק, זענען טייער דעם ייִדישן האַרץ, ווי אַלע די וועלכע האָבן ווו ניט איז געקעמפט קעגן פאַשיזם און נאַציזם, פאַר פרייהייט און רעכט, פאַרן כּבוד פון ייִד און מענטש.

זאָל דאָס דאָזיקע בוך זיין אַ באַשיידענער צושטייער צום פאַר־אייביקן זייער אָנדענק.

**בנימין לובעלסקי**

# דאָן ראַפּאַעל

די האַרמאַטן זענען געווען אַלטע. דאָס האָט זיך ניט געלאָזט אָפּלייקע־נען. צו זייער לאַפעטע איז געווען צוגעפעסטיקט אַ מעטאַלענע פּליטע מיט דער אויפשריפט: „שניידער־קרעזאָ, 1870". ס׳הייסט, אַז די האַרמאַטן שטאַמען פון פראַנצייזיש־פּרייסישן קריג. צו אונדז, קיין שפּאַניע, זענען זיי געקומען פון ראַטן־פאַרבאַנד. און היות מיר זענען אין 1937, קען מען מאַכן אַ פּשוטן חשבון: נאָך דריי יאָר וועלן מיר קענען פּראַוועץ דעם 70סטן געבוירן־טאָג פון אונדזערע זקנים...

למען האמת דאַרף מען זאָגן, אַז זיי זענען ניט געווען אַזוי שלעכט. אויף אַ האַרמאַט פון קאַליבער 155, מיט וועלכן מען קען שיסן אויף 12 און אַ האַלבן קילאָמעטער, דאַרף מען זיך ניט באַקלאָגן. זיי האָבן געשאָסן גוט און פּינקטלעך. אַגב, וואָס שייך דער פּינקטלעכקייט האָבן מיר תּמיד אַ ביסל געצווייפלט. די האַרמאַטן זענען געווען פעלד־האַרמאַטן, ניט קיין האַובי־צערס. די לופע האָט ניט געהאַט קיין צוריקלויף. נאָכן אויסשיסן האָט זיך דער האַרמאַט צוריקגעוואָרפן מיט זיין גאַנצער קראַפט אויף דער לאַפעטע, אויף די רעדער. די לאַפעטע איז, ווי געוויינטלעך, געווען פון שטאָל; די רעדער אויף וועלכע זי האָט גערוט, זענען געווען גראָבע, געזונטע, פון האָלץ. טאַקע דיק דעמבנהאָלץ, אָבער פאָרט בלויז האָלץ. האָט פון צייט צו צייט, ווען דער האַרמאַט האָט זיך צוריקגעזעצט, עפּעס אַ קראַך געטאָן, און — פאַרטיק. אין ראָד האָט געפּלאַצט אַ שפּריכע. אמת, ס׳האָט זיך געלאָזט פאַר־ריכטן, אָבער שיסן האָט מען דערווייליע ניט געקענט. מען האָט דעם האַר־מאַט געמוזט צובינדן צו אַ לאַסטוואָגן און שלעפּן ווי אַן אַלטע שקאַפּע, נעבעך, צום פאַרריכטן. דער לאַסטוואָגן איז דעמאָלט געפאָרן פאַמעלעך און דער האַרמאַט, אַ מין שטאָלענע ראָסינאַנטע וואָס האָט ווידער פאַרבלאָנ־דזשעט אויף די וועגן פון עקסטרעמאַדוראַ, האָט זיך אונטערגעהוידעט מיט דער אַ ביסל פאַרשעמטער לופע אַרויף־אַראָפּ, רעכטס־לינקס, און אַזוי אַ

40־30 קילאָמעטער, ביז דער נאָענטסטער באַווינטער שטאָט ערגעץ אויפֿן דרום־פּראָנט אין שפּאַניע.



אין שטאָט איז געווען דאָס זיצאָרט פֿון שטאַב. מיט אים האָט מען עס באַדאַרפֿט אונטערהאַנדלען, געפֿינען מיט זיין הילף דעם ריכטיקן שמיד, אַכטונג געבן ביים פֿאַרריכטן און באַצאָלן. די דאָזיקע אָפּעראַציעס האָבן אָפּט מאָל געבראַכט אין שטאָט אַריין אויף עטלעכע טעג קעמפֿער פֿון אונדזער איינהייט.

אין אָוונט האָבן מיר זיך אַלע געטראָפֿן אַרום טיש: דער שמיד, זיין משפּחה און מיטאַרבעטער, און מיר, די חברה פֿון דער איינהייט. אַרום טיש איז געווען רוישיק, לעבעדיק. אַלץ וואָס מיר האָבן באַקומען פֿון דער אינ־טענדאַנטור: קאָנסערוון, פֿלייש, בעבלעך, ברויט, וויין, פּרוכטן — האָבן מיר צוגעשטעלט דער בעל־הביתטע, און צום אָוונט איז עס אויפֿגעשווומען אויפֿן טיש אָפּגעקאָכט, צוגעריכט. דער רויטער וויין איז געווען אַ טייערער פֿריינד — ער האָט געוואַרעמט, געמונטערט, אַרויסגעריסן פֿון האַרצן אַ ליד — אַ ליד אין פּויליש, רוסיש אָדער גאָר — ייִדיש. אין שטוב האָבן זיך איינציקווייז אַריינגעשלייכט שכנים, צוגעזעצט זיך, אויסגעפֿילט דאָס הויז.

אַ צוויי הייזקעס וייטער פֿון דער שמידעריי איז געשטאַנען דאָס הויז פֿונעם אַלטן דאָקטער, דאָן ראַפֿאַעל. כ׳דערמאָן זיך ניט, ווי אַזוי ס׳איז געשען, אַז אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן מיך צוויי טעכטער זיינע געבראַכט צו זייער הויז, און דורך אַ לאַנגן קאָרידאָר, מיט צימערן פֿון ביידע זייטן, געפֿירט צום הויפּט־סאַלאָן, פֿון וועלכן די גלעזערנע אויבנאָן־וואַנט האָט זיך געעפֿנט אויף אַ ברייטן פּאַטיאָ, פֿאַרטרונקען אין גרינס און שאָטן.

אין קיך האָט מען גענומען צוגרייטן עפּעס צום טרינקען. דער שמועס — אַן אויסטויש פֿון האַלבע ווערטער, האָט זיך אָנגעהויבן. כ׳בין געזעסן און באַטראַכט דעם אַרום. אַ געמיטלעכע מאַדאָנע האָט אַראָפּגעשמייכלט פֿון דער וואַנט. אַרום און אַרום זענען געווען צעהאַנגען לאַנדשאַפֿטן, בילדער און צווישן זיי דאָס אומבאַדינגטע בילד אין יעדן שפּאַנישן הויז — אַ טאָ־

רעראָ אין פּולן גלאַנץ. געווען זענען עס בילדער פון די צוויי עלטערע זין פון דאָן ראַפאַעל — כואַן און כאָזע,ביידע היינט דאָקטוירים. אָבער וועלכער שפּאַניער קוקט עס ניט מיט קינאה אויף דעם שטאָלצן טאָרעראָ און פרובירט ניט זיין גליק אין דאָזיקן רומרייכן פאַך, באַזונדערש ווען דער טאַטע אַליין איז דער בעל־הבית פון דער אָקסנקאַמף־אַרענע און גיט אַלע מעגלעכקייטן דערצו. מען האָט מיר אונטערגעטראָגן בילדער פון די טעכטער אין פּולן נאַציאָנאַלן טראַכט — מיט היט, באַלעראָ און קאַסטאַניעטן. און בילדער אַזעלכע האָבן ניט געפעלט.

ראַפאַעלס משפחה האָט געציילט צען פּערזאָן: פיר זין, פיר טעכטער, די מוטער, גו און ער, דער אַלטער דאָקטער, דאָן ראַפאַעל. דאָן ראַפאַעל — אַרום די זעכציק, אַ הויכער שיינער מאַן מיט אַ הויכן שטערן, אַרומגעזוימט מיט געלאָקטע האָר, וואָס האָבן אים צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן — אַ געמיש פון עלטער און יוגנט, געזעצטקייט און שטיפערישקייט.

דאָן ראַפאַעל האָט געשטאַמט פון אַ רייכער משפחה. דער פאָטער איז געווען אַ באַנקיר, אַ בעל־הבית פון מערערע הייזער און אויך פון פלאַזאַ דע טאָראָס — דער אָקסנקאַמף־אַרענע. ווען די פראַנקיסטן האָבן צייטווייליק באַהערשט די שטאָט, איז דאָן ראַפאַעל מיט אַ טייל פון דער באַפעלקערונג אַוועק אין די בערג. דאָרטן איז ער געבליבן ביז די רעפּובליקאַנער האָבן צוריק איינגענומען די שטאָט.

ווי קומט עס, וואָס דאָן ראַפאַעל איז געבליבן מיט די רעפּובליקאַנער און ניט געגאַנגען מיט די פראַנקיסטן, ווי ס'האָט געטאָן דער רוב פון דער רייכער געזעלשאַפט? ער איז ניט געווען קיין קאָמוניסט, קיין סאָציאַליסט און זיכער ניט קיין אַנאַרכיסט, טאָ וואָס האָט אים צוריקגעהאַלטן פון מיטגיין מיט די איבעריקע פון זיינס גלייכן?

ווי יעדער דאָקטער איז ער געוואָרן מאָביליזירט און צוגעטיילט צו אַ שפּיטאָל. זיין גראַד — קאַפּיטאַן. לויט זיין עלטער און פּראַקטיק איז עס ניט געווען קיין הויכער גראַד. ער האָט עס געוווּסט, אָבער אויסגעמיטן צוריידן וועגן דעם.

איצט איז דאָן ראַפאַעל געזעסן אין זיין פאָטערשטול, גערעדט מיט געלאַסענע באַוועגונגען, מיט אַ נידעריקער שטים. ניט נייטיק געווען קיין

דראַסטישע באַמערקונגען. אַלץ איז אין פלוג פאַרשטאַנען געוואָרן. אַלץ איז פאָרגעקומען כמעט שעפּטשענדיק.

אין אַרומיקן צעבושעוועטן ים פון קריג איז דאָס הויז געווען אַ זעל־טענער אינדזל פון רו און פרידן. אין דאָזיקן הויז בין איך מיט דער צייט געוואָרן אַ בן־בית. דאָ האָב איך פאַרבראַכט מערערע ווינטער־אָוונטן און לאַנגע זומערטעג.



אין שטאָט אַריין פלעג איך קומען מיט פאַרשיידענע שליחותן. אַ מאָל צו דערליידיקן ענינים אין שטאַב, אַ מאָל אָנטיילצונעמען אין אַ קאָנגרעס, אַ מיטינג, אַ מאַניפעסטאַציע. ווי נאָר כ׳האָב געשטעלט די ערשטע טריט אין שטאָט, האָט מען עס שוין געוווסט ביי דאָן ראַפאַעל און מען האָט גע־נומען וואַרעמען וואַסער, כ׳זאָל זיך קענען גוט אויסבאָדן. ווי באַלד כ׳בין פאַרטיק געוואָרן מיט מיינע אויפגאַבעס, האָב איך גלייך געאײַלט „אַהיים" — ס׳הייסט, צו דאָן ראַפאַעל. קוים האָב איך זיך אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, האָב איך געמוזט זיך פאַרענטפערן: וואָס איז געשען? וואָס האָט מיך פאַר־האַלטן אין וועג? מען האָט געזאָרגט וועגן מיר ווי וועגן איינעם פון דער משפּחה.

— מען האָט דיך דאָ זייער גערן — האָט מיר בסוד דערציילט די קריאָדאַ, די הויז־דינערין.

הלמאַי זאָל איך לייקענען, די דאָזיקע משפּחה אין דער ווייטער און פרעמ־דער שפּאַניע איז מיר געווען גאָר נאָענט צום האַרצן. כ׳האָב זיי אַלע ליב באַקומען — די טאַטע־מאַמע, ווי טאַטע־מאַמע און די שוועסטער און ברידער — ווי שוועסטער און ברידער. כ׳בין קיין מאָל ניט געגאַנגען אין דער אינטענדאַנטור אָפּצונעמען מיין חלק שפּייז, וואָס מיר האָט געקומט פאַרן אויסהאַלטן זיך אין שטאָט. ברענגען די מאָגערע קריגס־פּאָרציע צו דאָן ראַפאַעל אין הויז האָט קיין טעם ניט געהאַט. אַ שאָד געווען צו פּטרן צייט אויף דעם. פאַר אַ מענטש מער ביים טיש איז דאָרטן ניט געווען קיין פּראָב־לעם. הגם ער איז געווען אַ מיליטערישער דאָקטער, האָט אים די ציווילע

באַפעלקערונג ניט צו רו געלאָזט, דאָן ראַפאַעלן, און געקומען צו אים מיט יעדער ערנסטער קראַנקייט. קיין געלט האָט ער ניט געוואָלט נעמען, האָט מען געבראַכט מתנות — ווער אַ הינדל, ווער פּוטער, קעז, אייער, און וואָס ניט?

כּוואַן און כאָזע, זיינע זין, האָב איך זעלטן געטראָפן אין דער היים — די מערסטע צייט זענען זיי געווען בײַ זייער אַרבעט אין שפּיטאָל. אין דער היים פלעג איך טרעפן די ייִנגערע זין — מיגעל, אין אָנהייב פון זיינע מעדיציניש שטודיעס, און פּאַקאָ, נאָך אַ שילער פון דער מיטלשול. מיט זיי האָבן איך געשמועסט, געשפּילט שאָך, געשטיפט. נו, און די טעכטער, אוי די טעכטער!

פיר טעכטער — יעדע איינע, אַ באַזונדערע וועלט און אַ באַזונדערער שיינקייטטיפּ. באַזונדערש האָב איך זיך באַפריינדט מיט די צוויי ייִנגערע, מאַריאַ, פון אַ יאָר 19 און פּעפּיטאַ, אַ יאָר 17. אויב פּעפּיטאַ איז געווען פון פראַנצייזישן טיפּ — עלעגאַנט, גראַציעז, שאַרמאַנט, איז מאַריאַ געווען פון טיפּ סעניאָריטאַ פון סעווילאַ — די שווערע, שוואַרצע האָר, באַצירט מיט אַ בלום, האָבן נאָך העלער געמאַכט דאָס ליכטיקע פּנים וואָס האָט געפישופט מיט ווייסע פּערלדיקע ציין, און די שוואַרצע אויגן האָבן געברענט און געלאַכט. האָסטו געקוקט אויף איר, האָסטו געזען דעם לעבעדיקן מאָדעל פון גאָיאַס מאַכאַ דעסנודאַ.

ווען די משפּחה האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן, ספּעציעל צו אָוונטברויט, איז געווען רוישיק. דאָס אָוונטברויט איז געווען אַ באַזונדערע צערעמאָניע. ס׳האָט זיך באַטייליקט אין דעם די גאַנצע משפּחה, טייל מאָל אַפילו דאָן ראַפאַעלס ברודער, „על טיאָ״ — דער פעטער און זיין פרוי און אַנדערע משפּחה־מיטגלידער.

געגעסן האָט מען שפּעט, אַ זייגער ניין אין אָוונט, און אַפילו שפּעטער.

— ווי קומט עס — האָב איך אַ מאָל אַ פרעג געטאָן — וואָס איר, אַ דאָקטער, זעצט זיך עסן אַזוי שפּעט און איר גייט אַלע שלאָפן מיט אַ פולן מאָגן?

האָט ער געענטפערט:

— עסן פריִער האָט אַ מעלה, מען גייט שלאָפן נאָכן פאַרדייען. אָבער

האָסט אַוודאי באַמערקט, אַז נאָכן עסן ווערט אַ מענטש שלעפעריק. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס דאָס עסן פּראָדוצירט גאַז, אויך איינשלעפערנדיקע גאַזן. דאָס עסן שפּעט האָט דעריבער אויך זיין מעלה.

דאָן ראַפאַעל איז ערנסט איבערצייגט געווען אין אָט דער דערשיינונג.

אָוונט־עסן צווישן ניין און צען איז געווען דאָ אַן אייזערנער מינהג.

איין מאָל איז דאָס עסן פאַרשפּעטיקט געוואָרן צוליב אַ באַזונדערער סיבה. דער טיש איז שוין געווען באַשטעלט לויט אַלע כּללים, און אַלע זענען שוין געזעסן אַרום אים. די מאַמע האָט אויפגעהערט צו גיין אַהער און אַהין צו דער קיך, די קריאַדאָ איז געשטאַנען רויִק, פאַררוקט אין אַ ווינקל. אָבער קיינער האָט זיך ניט דערוועגט עפּעס אָנצורירן.

— וואָס איז געשען? — האָב איך שטיל געפרעגט ביי פּעפּיטאָן, מיין טיש־שכנה.

— פּאַקאָ איז נאָך ניטאָ.

צוליב דער שטאַרקער „באַוועגונג" אַרום טיש האָב איך טאַקע ניט באַמערקט, אַז ער פעלט.

— כ'האָב אים אָקערשט געזען דאָ, פאַרן הויז, פאַרטיפט אין אַ שמועס מיט אַ שיין מיידל — האָב איך געפרווּווט זי באַרויִקן.

— יאָ, ס'האָט זיך צו אים צוגעקלעפּט אַ רעפוכיאַדאַ, וואָס פאַרדרייט אים דעם קאָפּ. מיר ווייסן ניט ווער זי איז, און ער האַלט פאַר די עקזאַמענס.

— איר האָט אים עפּעס געזאָגט?

— ניין, גאָרניט. ער דאַרף אַליין פאַרשטיין.

כ'האָב געקוקט אויף די אַרומיקע. אַ טייל האָט שטיל צווישן זיך געשמועסט, אַ טייל — געשוויגן. דאָס וואָרט „פּאַקאָ" האָט קיינער פון מויל ניט אַרויסגעבראַכט — ניט ניייטיק געווען. די לופט איז געווען פול מיט אים.

אַ שטאַרק פאַרשפּעטיקטער האָט זיך פּאַקאָ אַריינגעשלייכט, אַוועק וואַשן די הענט און לסוף פאַרנומען זיין אָרט ביים טיש. נאָך אַ רגע, ווען פּאַקאָ איז שוין געזעסן צוזאַמען מיט אַלעמען, האָט דאָן ראַפאַעל אויסגעשטרעקט די האַנט און גענומען אַ שטיקל ברויט. ס'איז ניט געזאָגט געוואָרן קיין תּפילה, ניט געמאַכט געוואָרן קיין באַזונדערער צייכן — די סעודה האָט זיך אָנגעהויבן.

— ווען וועט פּאַקאָ באַקומען זיין פּסק פון טאָטן? — האָב איך אַ פרעג געטאָן פּעפּיטאָן.

— ער וועט ניט באַקומען. ער האָט שוין פאַרשטאַנען.

אייזערנע כּללים פון אַ באַשטימטער פאַמיליע־עטיק האָבן געהערשט אין הויז. זיי האָבן אויף קיינעם ניט געדריקט. זיי זענען געווען אייגן און ליב.

אַ מאָל האָב איך אויפן טיש באַמערקט אַ בוך פון אַן אַנאַרכיסטישן שרייבער אויף דער טעמע פרוי־שלאַנג, מיט אַ געהעריקער „אילוסטראַציע" (אַוודאי פּאַקאָ האָט עס פאַרשלעפּט אַהיים). האָב איך געפרעגט דאָן ראַפאַעלן:

— ווער לייענט עס?

— כ'וואָלט ניט װעלן, אַז עמעצער זאָל עס לייענען. ס'איז קעגן יעדן קריסטלעכן פּרינציפּ, אַפילו קעגן יעדן מענטשלעכן!

דאָס ערשטע מאָל האָב איך דאָן ראַפאַעלן געהערט רעדן קלאָר קעגן אַנאַרכיזם. וואָס שייך דעם קריסטלעכן פּרינציפּ, האָב איך ניט געוווּסט, אויף וויפל ער איז אים געווען טייער. האָט ער דאָך אין דער זעלבער צייט גערעדט וועגן אַ מענטשלעכן פּריניציפּ אויך. וועלכער האָט דאָ איבערגע־וויגן?

דער רעליגיעזער אני־מאמין פון דער משפּחה האָט מיך אינטריגירט. מיין ערשטער פּרוּוו אויסצופאָרשן די זאַך האָט זיך געענדיקט מיט אַ פיאַסקאָ. כ'האָב געפרעגט מאַריאַ, אַזוי זיך, אָן שום צוגרייטונגען:

— מאַריאַ, וואָס איז אַזוינס אַ ייִד? האָסטו שוין געזען אַ ייִד?

— כ'ווייס ניט. מען זאָגט, ייִדן האָבן טייוולשע עקן — און זי האָט זיך צעלאַכט.

כ'האָב מיט אַ שמייכל אַ גלעט געטאָן איר חנוודיקן קאָפּ און מער גאָר־נישט ניט געפרעגט. זי וואָלט ניט געהאַט מער וואָס צו זאָגן. לעבן אונדז איז געשטאַנען אַ טישל און אויף דעם — אַ שאָכברעט מיט אַלע פיגורן. מיר האָבן גענומען שפּילן. די אַראָפּגענומענע פיגורן האָב איך באַקומען אין האַנט אויף אַריינצולייגן זיי אין אַ שאַכטל, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ שטול ביי מיין זייט. מאַריאַ האָט שוין לאַנג אָפּגעגעבן די פיגור, אָבער איר האַנט, אַ לייכטע, וואַרעמע, פילעוודיקע האָט זיך פאַרהאַלטן אין מיין האַנט...

ווען כ׳האָב נאָך דעם, ביים טיי, געפרעגט, צי מען קאָן דאָ קויפן שטאָף אויף אויפצונייען אַ מיליטערישן מונדיר, ווייל כ׳וויל אַ ביסל אָפּפרישן מיין קליידונג, האָט זיך דאָס הויזגעזינט איבערגעקוקט. דאָן ראַפאַעל האָט מיט אַ דעצידירנדיקער שטים באַשלאָסן, אַז מאָרגן וועלן מאַריאַ און פּעפּיטאַ גיין מיט מיר קויפן שטאָף און באַזאָרגן עס צום שניידער.

— דער פאָטער האָט צו דיר דעם העכסטן צוטרוי — האָט באַמערקט מאַריאַ.

כ׳האָב זיך געמאַכט ניט פאַרשטיין.

— ווייסט דאָך — האָט דאָן ראַפאַעל דערגאַנצט — ס׳איז קריגסצייט. די גאַסן זענען פול מיט סאָלדאַטן. כ׳האָב ניט גערן, אַז מיידלעך זאָלן זיך דרייען אין גאַס מיט מיליטער־לייט.

— און מיט בען? (אַזוי האָט מען מיך דאָרטן גערופן) — האָט פּעפּיטאַ גלייך געפרעגט.

— בען איז עפּעס אַנדערש — האָט דער פאָטער געפּסקנט.

ניט ביי איין געלעגנהייט האָב איך געפילט, אַז פאַר דאָן ראַפאַעל בין איך „עפּעס אַנדערש". ווען כ׳האָב דערנאָך געגומען ריידן וועגן מיינע פּלע־נער אויף אורלויב, האָט דאָן ראַפאַעל אַ זאָג געטאָן:

— ווען וועסט האָבן דיין אורלויב, קום אַהער מיטן וואָגן, וועסט נעמען מאַריאַ און פּעפּיטאַ און פאָרן צו אונדז אין טשאַפּאַראַל. וועסט זען, ווי שיין דאָרטן איז. דאָרטן קען מען זיך מען זיך אויסרוען.

דער טשאַפּאַראַל איז געווען די זומער־דאַטשע פון דאָן ראַפאַעלס משפּחה. צוליב דער מלחמה איז זי געשטאַנען ליידיק. שווער געווען אַהינ־צופאָרן. ס׳האָט מיך שטאַרק געמאַניעט דער דאָזיקער פאַרשלאָג. זיין מיט מאַריא און פּעפּיטאַ ווייט פון טומל און קריג, פאַרלוירן ערגעץ צווישן די בערג פון דער סיערא־מאָרענאַ אויף דער עקסטרעמאַדוראַ־ערד... די לאַגע אויף די פראָנטן איז אָבער געוואָרן ערנסטער און, צום באַדויער, האָב איך דעם דאָזיקן אורלויב ניט רעאַליזירט.

צו מאָרגנס בין איך אַוועק אין שטאָט מיט מאַריאַ און פּעפּיטאַ, כדי צו קויפן דעם שטאָף און ברענגען אים צום שניידער. ס׳איז געווען די צייט פון פאָלקספראָנט און קריג. מיינע באַגלייטערינס, אָנגעטאָן אין לייכטע קאָס־

טיומען — מאַריאַ אין אַ מער טונקעלן, פּעפּיטאַ אין אַ העלערן — האָבן אויסגעמיטן יעדן שרייענדיקן עפעקט, כּדי ניט צוצוציִען די אויפמערקזאַמקייט. ס׳איז געווען אַרום עלף אין דער פרי. די גאַסן פון שטעטל זענען געווען באַלעבט. אַ גיין און קומען פון די שטאָטישע, פון די אַרומיקע שפּיטעלער, סאָלדאַטן — סתם ענטשופּאַדאָס.

טרעפן איינעם פון די אינטערבריגאַדעס, און אַזאַ סימן — אַ דרייעקיקן שטערן — האָבן מיר געהאַט אויפן אַרבל, מיט צוויי סעניאָריטאַס, אין מיטן העלן טאָג, איז זיכער ניט געווען קיין אָפּטע דערשיינונג. צו די פרייוויליקע פון די אינטערבריגאַדעס האָבן די שפּאַניער געהאַט אַ טיפע סימפּאַטיע, אָבער דאָ מוז איך זיך מודה זיין, איז די אויפמערקזאַמקייט געגאַנגען אויסדריקלעך צו מיינע צוויי באַגלייטערינס. ווייזט אויס, אַז די שפּאַנישע סאָלדאַטן האָבן זיך געקענט אויפן חן פון זייערע פרויען, און מאַריאַ און פּעפּיטאַ האָבן געהאַט חן! געווען אַזעלכע, וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען און פאַרהאַלטן דעם בליק. געווען אַזעלכע, וואָס זענען פּשוט פאַרגאַפט געוואָרן, און געווען אַזעלכע, וואָס זענען אַריין אין שפּאַנישן התלהבות־טראַנס, ווי בעתן ברען פון אַקסטאַזאַמף, און אויסגעדריקט זייער התפּעלות מיט אַ היל־כיקן „אָליי״־געשריי, מיט אַ צוגאָב פון „געבענטשט זאָל זיין די מאַמע״ און געגומען אַראָפּשלעפּן היטלען, רוקזעק, רעקלעך, גרייט זיי צו וואַרפן צו די פיס פון מיינע סעניאָריטאַס.

כ׳בין געווען אַ ביסל פאַרלוירן אין דעם ספּעקטאַקל. כ׳האָב געזען אַזעלכע סצענעס אין טעאַטער, בעת קאָנצערטן, אָבער ניט סתם אַזוי אין מיטן גאַס. מיינע צוויי באַגלייטערינס האָבן זייער דיסקרעט אָנגענומען די דאָזיקע קאַבאַלעראָ־פאַרערונג און גלייכצייטיק פאַרגעזעצט זייער וועג. כ׳האָב פאַרשטאַנען, פאַר וואָס דאָן ראַפאַעל האָט ניט געוואָלט, אַז זיינע טעכ־טער זאָלן זיך דרייען איבער די גאַסן אין דער צייט פון קריג. ער האָט געקענט די שיינקייט, דעם רייץ פון זיינע טעכטער און געווען שטאָלץ מיט זיי. אָבער איך בין דאָך געווען „עפּעס אַנדערש״.

איין מאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— וועלכע דו ווערסט ווערן, ווערסטו דיר אויסקלייבן. זאָל זיך נאָר דער קריג ענדיקן.

דער אויסוואַל איז ניט געווען קיין לייכטער. צום סוף פון דער מלחמה איז נאָך געווען ווייט. ביי דאַן ראַפּאַעל איז עס אָבער ניט געווען סתּם געזאָגט. ער האָט געלעבט מיטן געדאַנק און מיך געזען ווי איינעם פון דער משפּחה.

ווען מיר זענען געזעסן אין סאַלאָן נאָכן עסן און דאַן ראַפּאַעל האָט פאַררייכערט זיין ציגאַר, די עלטערע זין — זייערע סיגאַרעטן, האָט מיך פּעפּיטאַ געפרעגט:

— דו רייכערסט ניט?

— ניין — האָב איך געענטפערט — מיט איין פאַרגעניגן ווייניקער אין לעבן.

— זאָלסט וויסן, בען — האָט זיך דאַן ראַפּאַעל אָנגעשלאָסן אין שמועס — אַז ס'איז טאַקע מיט אַ פאַרגעניגן ווייניקער, אָבער איצט, קריגסצייט, איז ניטאָ וואָס צו באַדויערן. נאָכן קריג וועל איך דיך אויסלערנען רייכערן, וועסטו זען, ווי גוט עס איז. נאָך אַ געשמאַקן מיטאָג, אַז דו פאַררייכערסט אַ סיגאַרעט, פילסטו אַ טאָפּעלן טעם.

דאַן ראַפּאַעל האָט געמאַכט פּלענער פאַר דער צוקונפט. ער האָט געצויגן דעם ציגאַר און אַרויסגעלאָזט געדיכטע קנוילן רויך.



דער פאַרערגערטער מצב אויף די פראָנטן האָט זיך שווער געלייגט אויפן הינטערלאַנד. יעדער טאָג האָט געבראַכט זיינע איוב־בשורות. יעדע פאַרלוירענע פּאָזיציע האָט אָנגעפילט דאָס האַרץ פון דאַן ראַפּאַעל מיט ספקות און פּיין. אין הויז זענען אויפגעשוווּמען נייע געשטאַלטן, וועלכע כ'האָב דאָ ביז איצט ניט געזען. זיי זענען געקומען זוכן ראַט און שוץ ביי דאַן ראַפּאַעל.

איין מאָל, אין אָוונט, האָב איך אין פּאַטיאָ געטראָפן אַ זייער אַלטן מאַן. ער איז געזעסן אויף אַ שטול און מיטביידע הענט זיך געשטיצט אויף אַ שטעקן, וועלכן ער האָט געהאַלטן פאַר זיך. פון אַ קייטל אַרום האַלדז איז אַראָפּגעהאַנגען אַ גאָלדן ציילמל. לעבן אים איז געזעסן דאַן ראַפּאַעל. ער

האָט ווי תּמיד מיך אויפגענומען וואַרעם, מיך באַוואָרפן מיט די אַנגענומענע פראַגעס: וואָס מאַכסטו? וואָס הערט זיך? ווען דאַרפסטו צוריקפאָרן? פראַגעס וואָס האָבן זיך געשיט מיט אַזאַ טעמפּאָ, אַז כ׳האָב ניט באַוויזן זיי אָפּצוענטפערן. דער אַלטער מאַן האָט פון דער ערשטער מינוט ניט אַראָפּ־געלאָזט פון מיר זיין פאָרשערישן בליק. אין צווישן איז דאָן ראַפאַעל אַריין אין אַ לענגערן שמועס מיט מיר. דער אַלטער איז געזעסן, געשוויגן און גע־קוקט. געקוקט אויף דאָן ראַפאַעל, אויף דעם אָרום, אויף מיר. זיין בליק איז געוואָרן אַלץ מער פרעגעריש, פאָרשעריש און אומרויִק.

— אַ יאָ, לאָמיך דיך פאָרשטעלן פאַר דאָן עליאַס, — און דאָן ראַפאַעל האָט גענומען מיך פאָרשטעלן.

כ׳האָב זיך אַ ביסל פאַררייטלט — אַזוי פיל שבחים האָב איך נאָך קיין מאָל ניט געהערט.

דאָן עליאַס האָט ווייטער געקוקט אויף מיר מיט אַ פאָרשנדיקן בליק.

— דו זעסט ניט, אַז ס׳איז אַן אונדזעריקער? — האָט צו אים גע־זאָגט דאָן ראַפאַעל.

דאָן עליאַס האָט אַלץ ניט פאַרשטאַנען.

— דו זעסט ניט, לויט זיין שׂכל, זיין באַנעם, אַז ער איז אַ ייִד?...

כ׳האָב זיך באַמיט ווייטער צו שמועסן און אויפפירן זיך אין דעם אָוונט ווי יעדן אַנדערן אָוונט. ס׳זענען אין צווישן אַריינגעקומען נאָך מענטשן. מען איז אַריבער אויף אַנדערע טעמעס. מיין געדאַנק איז אָבער געווען ווייט אַוועק. פון דער אינקוויזיציע ביז צו דעם דאָזיקן טאָג זענען אַריבער מער ווי 450 יאָר. כ׳האָב געהאַט ווען וואָס צו טראַכטן. אין מוח האָבן געשלאָגן געדאַנקען ווי האַמערס...



אין גיכן זענען די אינטעבריגאַדעס צוריקגערופן געוואָרן פון די פראָנטן. די אַלטע האַרמאַטן האָבן מיר איבערגעגעבן אונדזערע שפּאַנישע פריינד. כ׳בין אַוועק צוזאַמען מיט די אינטערבריגאַדעס. זיך אויפגעהאַלטן אַ קורצע צייט אין וואַלענציע און אומגעגנט. פון דאָרטן האָב איך נאָך קאָרעספּאָנדירט

מיט מיין משפחה אין דרום־שפּאַניע. דערנאָך בין איך אַריבערגעפאָרן קיין באַרצעלאָנע, דערנאָך — נאָך מער קיין צפון, אַריבער די פראַנצייזישע גרענעץ. כ׳בין אינטערנירט געוואָרן. גאַנץ שפּאַניע איז אַרונטערגעפאַלן אונטער פראַנקאָס רעזשים. ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. כ׳בין דעפּאָרטירט געוואָרן קיין צפון־אַפריקע. ניט געווען קיין צייט צו שרייבן.

דער גורל פון דאָן ראַפאַעל און זיין משפחה האָט מיך ניט געלאָזט רוען. פון ערגעץ אַ לאַגער אויף די זאַמדן פון סאַהאַראַ האָב איך, נאָך אַן איבעררייס פון פיר יאָר, געשיקט אַ בריוו צו זיי. דער ענטפער האָט אויף זיך ניט געלאָזט לאַנג וואַרטן. געשריבן האָט פּעפּיטאַ פון מאַדריד. אין אַ שלל פון העפלעכקייט־פראַזן, צום אָנהייב און צום סוף פון בריוו, איז גע־ווען איינגעהילט די טראַגישע וואָר. כ׳בין געוויר געוואָרן, אַז „דער פּעטער געפינט זיך אין אַ סאַנאַטאָריע אין סעגאָוויע, און די מומע געפינט זיך אין אַ קלויסטער, באַוואַכט פון הייליקע שוועסטער”. געהייסן האָט עס, אַז ביידע געפינען זיך אין תּפיסה. ס׳איז מיר אויסגערעכנט געוואָרן דער גורל פון יעדן איינעם. און דאָן ראַפאַעל? „וועסט ווערן באַזונדערש טרויעריק — האָט געשריבן פּעפּיטאַ — ווען וועסט לייענען וועגן זיין טראַגישן גורל אין זעלבן שטעטל, ווו דו פלעגסט קומען אונדז באַזוכן”. לויט דער אָנגעגע־בענער דאַטע איז דאָן ראַפאַעל גלייך נאָכן אַריינקומען פון די פראַנקאָ־חיילות דערשאָסן געוואָרן...

געבענטשט זאָל זיין זיין אָנדענק!

# אַ פּשוטער חבֿרה־מאַן

אַבראַשע איז געווען אַ פליייש־אַרבעטער.

— אַ יונג מיט ברייטע פּלייצעס, געזונטע הענט ?

— ניין.

— אַ יונג וואָס אַז ער רעדט אַ וואָרט, ציטערן די שויבן ?

— ניין, ניין.

— נו גוט, פּשוט אַ פליייש־אַרבעטער.

— ניין, אַזוי פּשוט איז עס אויך ניט. אַ סך מענטשן, וועלכע שטייען אויסערן פאַך, מיינען אַז אַלע פליייש־אַרבעטער זענען פּשוטע אַרבעטער. איך האָב אויך אַזוי געמיינט, ביז כ׳בין אין אַ שיינעם טאָג פאַרבעטן געוואָרן אויף זייערס אַן אינטימער פייערונג.

ס׳איז געווען אַ שבת־נאָכמיטאָג. אַלע זענען געקומען אין נייינקע יום־טובדיקע בגדים, וועלכע זענען געלעגן אויף זיי ווי אָפּגעגאָסן: פּליי־צעס, ברוסטקאַסטנס האָט חבֿרה געהאַט, ס׳איז געווען אויף וואָס צו גיסן! זיי זענען געווען אין ווייסע, בלאַנקנדיקע העמדער, פרישע שעמערירנדיקע קראַוואַטן, געזונט און עלעגאַנט!

— געזונטע אַרבעטער, געזונטע פאַרדינער — האָט מיר אויפגעקלערט פּיזוקע. — נעמען אַ שעפּס און אין משך פון געציילטע מינוטן אים אָפּ־שינדן, ניט אָנרירנדיק קיין איבעריק שטיקל פעל, צי פליייש, רייניקן, אַוועקלייגן טייל צו טייל, שיין, ריין, שנעל — איז ניט קיין פּשוטע אַרבעט. מען דאַרף דערצו זיין שטאַרק, פלינק און מען דאַרף קענען!

די פאַרזאַמלטע זענען געווען ערשטקלאַסיקע קוואַליפיצירטע אַרבע־טער, די עליטע פון פאַך — שוין גאָרניט קיין פּשוטע אַרבעטער.

אַבראַשע האָט צו זיי ניט געהערט. כ׳האָב אים אַפילו ניט געטראָפן צווישן די פאַרבעטענע. ער איז געווען אַ פליישער־אַרבעטער, אָבער פון דער נידעריקסטער קאַטעגאָריע. ער האָט געוואַשן די ברעטער, צוגערוימט

דאָס אַרבעטסאָרט און דערנאָך אויף אַ טריפּלעקס, אַ דריירעדערדיקן ראָווער צעפּירט איבער די אַנטווערפּענער גאַסן די פּעקלעך פליייש, וועלכע די מאַדאַמען האָבן געקויפט ביי זיין אַרבעט־געבער. קיין גרויסער פאַרדינער איז ער ניט געווען. ער איז געווען אַ פּשוטער, אַ זייער פּשוטער פליייש־אַרבעטער.

— פּרנסה איז פּרנסה — האָט געזאָגט אַבראַשע און געשלעפּט די פּעק־לעך אומעטום, ווו מען האָט באַדאַרפט.

ווען ער איז פּאַרטיק געוואָרן מיט דער רייניקונג־אַרבעט, פלעגט ער אַריינקומען אין געשעפט, שטיין ביים קאַנטאָר, קוקן אויף די קונים, זיך צוהערן ווי דער בעל־הבית שמועסט מיט זיי, זיך צוגעהערט, אָבסערווירט.

— וואָס איז דאָס אינטערעסאַנטע אין דעם, אַבראַשע?

— איי, גיי שוין גיי! דו שטייסט אַזוי פון דער זייט און דאָ גייען פאַרביי מענטשן, מענטשן, יעדערער מיט זיין כאַראַקטער און געוווינהייטן. מענטשן באַשיידענע, חוצפּהדיקע, מיט זייערע איינפאַלן און פאַרלאַנגען.

— דאָס אינטערעסירט דיך אַזוי?

— וואָס הייסט? כ׳האָב אַ ווילדע הנאה דערפון, כאָטש טייל מאָל טראָגט עס מיך אונטער.

— אַ טעאַטער?

— און נאָך ווי! טייל מאָל טרעט איך אַפילו אַריין אין שפּיל.

— און דער בעל־הבית זאָגט דיר גאָרניט?

— וואָס זאָל ער זאָגן, למשל, אין אַזאַ פאַל: קומט זיך אַריין אַ דאַ־מעטשקע און נעמט דורכוואַרפן און שמעקן אַלע וווּרשטן, און קען זיך ניט באַשליסן. גראָד אַ באַקאַנטע בעל־הביתטע דערלויבט זי זיך ווידער אַ מאָל און ווידער אַ מאָל אָנצוהייבן פון דאָס ניי די זעלבע אַרבעט: שמעקן און טאַפּן, טאַפּן און שמעקן. איך שטיי און קוק. כ׳האָב שוין געמיינט, אַז אָט־אָט און כ׳וועל דערהערן אַ פּאָר געפּעפּערטע ווערטער פון בעל־הבית. אָבער ער — ניין. ער זאָגט גאָרניט. ווידער האָט זי גענומען שמעקן און טאַפּן און סוף־סוף אָנגעוויזן אויף אַ לאַנגן, גוט גערייכערטן קראַקאָווער וווּרשט און אַ זאָג געטאָן:

— אָט, פון דעם!

— וויפל, מאַדאַם ? — האָט מיין בעל־הבית געפרעגט.

— הונדערט און פופציק גראַם, און כ׳וועל בעטן מען זאָל עס מיר באַ־זאָרגן אַהיים.

— הערסט, כ׳האָב געמיינט, אַז מיין בעל־הבית וועט פּלאַצן ווי אַ גוט אָנגעבלאָזענער פּענכער נאָך אַ שטאָך מיט אַ שפּילקע.

— ווייסט, אַבאַראַשע, מיט קונים מוז מען זיך רעכענען.

— אוי, לאָז צו רו. דאָס מאָל איז געווען באמת צו פיל און כ׳האָב מיר געטראַכט : וואַרט וואַרט, כ׳וועל דיר שוין צושניידן אַ ווורשט ! כ׳האָב צו־זאַמענגענומען אַלע איבערגעלאָזענע פּעקלעך, צווישן זיי אויך דאָס פּעקעלע מיט די הונדערט און פופציק גראַם פאַר דער מאַדאַם, און היידאַ — צו דער אַרבעט ! געפאָרן !

— האָסט גערן די אַרבעט, אַבראַשע ?

— וואָס אַן אמת — יאָ ! ווייסט, דו דרייסט די פּעדאַלן, דו שניידסט דורך די גאַסן צו ערשט פּאַמעלעך, דערנאָך שנעלער, שנעלער, עס פליִען דיך פאַרביי מענטשן, הייזער, און דער וואָגן גייט אויף דיין באַפעל.

— וועגן וואָס טראַכסטו ווען דו פאָרסט ?

— אוי, פאַרשיידנס.

— למשל ?

— ווען דער ראָווער פליט, טראַכט איך וועגן דער לאָגיק פון די פיזישע געזעצן. אַ קליין רעדל באַוועגט אַ גרעסערס, דאָס גרעסערע נאָך אַ גרעסערס און איטלעכס טראָגט ביי זיין חלק צו דער שנעלקייט. ווען נאָך אַ רעדל, נאָך אַ ראָד — וואָלט עס ניט געגעבן אַזאַ שנעלקייט, וואָס וואָלט אויפגעהויבן דאָס וועגל אין דער לופטן ?

— אַבראַשע, דו הייבסט שוין אָן קאָנקורירן מיט איינשטיינען... פאַר־וואַנדלסט שנעלקייט אין קראַפט.

— יענער איינשטיין בין איך... כ׳האָב אין לעבן ניט געלערנט קיין פיזיק. אָבער ווייסט, טייל מאָל טראַכט איך : די פיס — אין דעם פאַל, די קראַפט — שאַפן שנעלקייט. וויפל שנעלקייט קען שאַפן מיין קראַפט ? ווי אַזוי קען מען זי פאַרגרעסערן ? איז ניט פאַראַן עפּעס אַזעלכעס, ווי למשל, אַ שנעלקייט וואָס ווירקט צוריק אויף דער קראַפט און זי ווירקט צוריק

אויף דער שנעלקייט, און אַזוי שטאַרקער, שנעלער, שטאַרקער, שנעלער, שנעלער!

— אַבראַשע, דאָ מישסטו שוין אַריין דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, וועלכן האָסט אַוודאי געלערנט אין דיין „פּאָליטישן קרייזל”: די מאַטעריע ווירקט אויפן גייסט, וואָס ווירקט אויף דער מאַטעריע און אַזוי ווייטער און ווייטער...

— נו טאָקע! הער אָבער: איך פֿלי אַזוי מיט מיין וואָגן, שוין אַפילו אַ ביסל צו האַסטיק. זיך פֿאַרטראַכט, קיין לייזונג צו מיין פיזיק־פּראָבלעם זע איך ניט. אָט בין איך שוין אין קוואַרטאַל, ווו כ׳דאַרף צעטיילן מערערע פּעקלעך. דאָס צעטיילן איז גראָד ניט קאָמפּליצירט. גייסט צו צום געהעריקן הויז, דריקסט אָן אויפן געהעריקן קנאָפּ. די מאַדאַם קוקט אַראָפּ פון פענצ־טער, גייט אַליין אַראָפּ אָדער שיקט אַ הויז־דינערין צי אַ קינד אָפּצונעמען דאָס פּעקל. און אָט בין איך ביים אַדרעס, ווו כ׳האָב באַדאַרפט איבערגעבן דער מאַדאַמעשי די הונדערט און פופציק גראַם וווּרשט...

— האָסט שוין אַוודאי שטאַרק געבענקט נאָך איר!

— שאַ, שווייג! כ׳האָב אָנגעקלונגען. אויף מיין קלונג איז די מאַדאַם אַרויסגעגאַנגען אויפן באַלקאָן, גענומען ווייזן מיר, ווי אַזוי אַרויפצוגיין צו איר אויפן שטאָק. אין האַנט האָב איך געהאַלטן דאָס פּיצימאָנטשיק פּעקעלע, שיין פֿאַרבונדן מיט אַ שטריקעלע און אַ שלייף, ווו אַריינצושטעקן דעם פינגער. איך נעם אַזוי דאָס פּעקעלע אין האַנט, קוק אַזוי אויף דער מאַדאַמעשי — זי איז געשטאַנען אין דער גאַנצער ברייט צו מיר — און גיב איר אַזוי אַ וואָרף דאָס פּעקעלע גלייך אין דער נאָז אַריין! און כ׳בין מיר רויִק צוריק אַרויף אויפן זאָטל פון מיין ראָווער און גענומען דרייען די פּעדאַלן פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, ווייטער צו פֿאַרטיילן די איבעריקע פּעקלעך.

— וואָס האָט געזאָגט דער בעל־הבית?

— ער האָט מיך געפרעגט, ווי תמיד: „אַבראַשע, האָסט באַזאָרגט אַלע פּעקלעך?” איך האָב אים דערציילט די גאַנצע סצענע מיט דער מאַדאַם, און ער האָט פאַרענדיקט מיטן זאָג: „קרעפּלעך זאָלסטו עסן”. וועט ער מיט מיר אָנהייבן אַ וויכּוח? בעסער, וואָס ער האָט עס ניט געטאָן. ווייסט, קענסט אַ מאָל זיין גערעכט, אָבער מיט אַ בעל־הבית איז בעסער ניט צו דיסקוטירן.

אַבראַשע האָט ניט דיסקוטירט מיטן בעל־הבית. וואָס אַן אמת, מיט די איבעריקע אַרבעטער האָט ער אויך ניט צו פיל דיסקוטירט. אַבראַשע האָט מיינסטנס געשוויגן, אַפילו שוין צו פיל געשוויגן. דאָס האָט גורם געווען, אַז מען האָט זיך צו אים ווייניק געווענדט, ניט קיין סך זיך מיט אים גע־רעכנט.

אַבראַשע האָט זיך דערמיט ניט איבערגענומען. ער איז געבליבן מיט זיך אַליין. געלייענט אַ סך. געלייענט, וואָס אים איז נאָר געקומען אונטער דער האַנט: ראָמאַנען, געשיכטע, סאָציאָלאָגיע. ער האָט אָבער דערפון ניט גערעדט. ווען מען האָט אים צוגעדריקט צו דער וואַנט, האָט מען פון אים אַרויסגעריסן אַ מיינונג — און דאָס שטאַרק צו דער זאַך. ניט איינער האָט זיך געוווּנדערט צו הערן פון אים אַזאַ קאַלטע, געזונטע מיינונג.

זיין באַשיידנקייט האָט מיך ניט איין מאָל אַרויסגעפירט פון די כּלים.

— וואָס לייגסטו זיך אין אַזאַ קליין שקעטעלע? — האָב איך אים אַ מאָל געפרעגט.

— וואָס איז?

— וויפל שפּראַכן רעדסטו, אַבאַראַשע?

— נו, ווי דו הערסט רייד איך ייִדיש, נו, און רוסיש אויך.

— און ליטוויש?

— ליטוויש אויך.

— און פּלעמיש?

— פּלעמיש אויך. און דאָס איז עס.

— וואָס דערציילסטו מעשׂיות. כ׳האָב דיר אַ מאָל געבראַכט אַן אור־קראַיִניש בוך, האָסטו מיר דערנאָך דערציילט וועגן אים מיט אַלע פּיטשעוו־קעס.

— וואָס איז דאָ זיך צו וווּנדערן? כּמעט די זעלבע אותיות ווי רוסיש, און רוסיש זאָל איך ניט קענען? ס׳איז דאָך אַזוי פּשוט!

אַלץ איז ביי אים געווען פּשוט. אַזוי פּשוט, ווי ער אַליין. ער האָט גע־הערט צו זיין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. געווען אַ מיטגליד אין מערערע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס. ער האָט געקלעפּט אַפישן, קאָלפּאָרטירט צייטונגען, גע־זאַמלט געלט. ניט דורכגעלאָזט קיין איין פאַרזאַמלונג. אָבער צו די אָנפירנ־

דיקע חברים האָט ער ניט געהערט. ס'וואָלט קיינעם ניט איינגעפֿאַלן אים פֿאַרצושלאָגן בעת וואַלן צו אַ פֿירנדיקער קערפּערשאַפֿט. ער איז געווען אַ גוטער, פּשוטער חבר פֿון דער ריי.

אַבראַשע האָט ניט געהאַט קיין פֿרוי, קיין חברטע. ער האָט געפּרוּווט דאָ און דאָרטן זיך דערנענטערן, אָבער די מיידלעך האָבן אים ניט גענומען ערנסט. שאַרף און בליציק איז ער ניט געווען, קיין וויץ קיין מאָל ניט דער־ציילט, קיין קונצן ניט געמאַכט — האָט ער זיך אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן מיט גאָרנישט ניט אויסגעצייכנט. זיין לעבן האָט זיך געצויגן מאָנאָטאָן: פֿון דער היים צו דער אַרבעט, צו דער אָפּגערעדטער צייט צו דער פֿאַרזאַמ־לונג, און צוריק אַהיים.

ווען ס'האָט זיך אין אָנהייב יולי 1936 אָרגאַניזירט אַ בעלגישע גרופּע צו פֿאָרן צו דער דערעפֿענונג פֿון דער ספּאַרטאַקיאַדע אין באַרצעלאָנע, האָט אַבראַשע זיך אין איר אָנגעשלאָסן.

קיין ספּאָרטלער איז ער ניט געווען, אָבער פֿאָרן אויף דער ספּאַרטאַקיאַדע קיין באַרצעלאָנע, אין דער פֿאָלקספֿראָנט־שפּאַניע, איז כּדאַי געווען.

און ער איז אַהינגעפֿאָרן.



די נסיעה פֿון אַנטווערפּן קיין באַרצעלאָנע איז אַדורך אין אַ געהויבענער שטימונג, ספּעציעל פֿון פּערפּיניאַן אָן, ווו דער צוג איז אָנגעשוואָלן גע־וואָרן מיט יובלענדיקע, טומלדיקע פּראַנצויזן און שפּאַניער פֿון פּראַנקרייך. אויף דער שפּאַנישער ערד, אין פֿיגעראַס, האָט זיך דער צוג באַצירט און באַהאַנגען מיט קרענץ, טראַנספּאַראַנטן און מענטשן, און איז אין אַ זוניקן מאָרגן אַריין אין רעשנדיקן וואָקזאַל פֿון באַרצעלאָנע.

וואָס דאָרטן האָט זיך געטאָן! מוזיק האָט אויסגעפֿילט אַלע ווינקעלעך. טענער לעבעדיקע, פֿאַרשטאַרקטע דורך צאָלרייכע מעגאַפֿאָנען, צוגעפּעס־טיקטע כּמעט צו יעדער קאָלאָנע האָבן אָנגעפֿילט די לופֿט.

ס'האָבן זיך געהערט לאָזונגען. מענטשן האָבן געשריִען, אַפּלאָדירט, אַרומגעכאַפּט זיך, געקלאַפּט זיך איבער די אַקסלען — אַ שׂמחה, אַ פֿרייד,

ווי אַלטע פריינד וואָלטן זיך געטראָפן נאָך אַ לאַנגער צעשיידונג. קוים זיך באַפרייט פון איינעמס אָרעמס, איז מען אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס פון אַ צווייטן, און מען האָט זיך געפרייט, געקלאַפּט אין אַקסל, עך! ביסט דאָ! גוט וואָס ביסט געקומען!

משוגעים, די דאָזיקע שפּאַניער — האָט זיך געטראַכט אַבראַשע — אַזוי פיל פריינדשאַפט, פרייד, ענטוזיאַזם. אַרום און אַרום האָסטו נאָר גע־הערט: „קאַמאַראַדאַ!" „קאַמעראַד!" „קאָמרעד!" אין פאַרשיידענע אינטאָ־נאַציעס און פאַרשיידענע שפּראַכן. ס'איז געווען ווי אַן אַלגעמיינער נאָמען וועלכן אַלע האָבן געטראָגן מיט שטאָלץ. מען האָט ניט באַדאַרפט קיינעם זוכן — יעדערער איז אַנטקעגנגעגאַנגען מיט אַ ברייטן שמייכל, מיט אַ וואַ־רעמקייט — פשוט אַנטקעגנגעטראָגן דאָס אייגענע האַרץ מיט ביידע הענט. יעדערער האָט געשלעפּט צו זיך אין קלוב, אַהיים. אומעטום האָט געוואַרט אַ געדעקטער טיש און ווייַן, ווייַן, זיסוואַרג, עסן, לידער, געשרייען — ביז הייזעריק ווערן.

וויוואַ! ווי־וואַ!



דעם שיינעם שפּאַנישן הימל האָט איבערגעשניטן אַ בליץ, און אַ דונ־נער האָט אַ קנאַל געטאָן. מיט אַ שנעלקייט פון אַ בליץ האָט זיך צעטראָגן די זאַוורוכע. אויף דער שטאָט, אויפן לאַנד האָט אַראָפּגענידערט אַ שטו־רעם. ער האָט צעשטערט די שׂמחה, די פרייד. צעטריבן די פייערלעכקייט, צעקלונגען די גלאָקן — אויפשטאַנד! פראַנקאָ האָט אָנגעהויבן זיין רעוואָלט.

די לויפער, די שפּרינגער, די דיסק־ און שפּיז־וואַרפער, די לייכט־אַטלעטן, די שווערע־אַטלעטן האָבן פאַרלאָזט דעם שפּילפּלאַץ, פאַרביטן די ספּאָרט־מכשירים אויף הייס געוועהר און זיך געטראָגן באַוואָפנטע קעגן שׂונא.

די רייען פון די שפּאַנישע קעמפער זענען שנעל אָנגעשוואָלן מיט די געקומענע געסט פון אויסלאַנד — פראַנצויזן, דייטשן און איטאַליענער — עמיגראַנטן, געקומענע צו דער ספּאַרטאַקיאַדע. זיי האָבן זיך באַוואָפנט און

ביי דער זייט פון די שפּאַניער צוגעטראָטן צום קאַמף. אויך די גרופּע פון בעלגיע האָט זיך אָנגעשלאָסן אין קאַמף. אמת, ניט אַלע. אַ טייל איז אין אַ פּאָר טעג אַרום אָפּגעשוווּמען צוריק קיין בעלגיע: צו מאָביליזירן הילף פאַר שפּאַניע.

אַבראַשע איז געווען צווישן די, וואָס זענען געבליבן אין שפּאַניע.

ער איז געווען אויפן אָרט, איז ער דאָ געבליבן — פּראָסט און פּשוט.

ער איז געווען אַ פּשוטער חברה־מאַן.



ווען אַבראַשע איז צו מאָרגנס אַרויס אויף דער ראַמבלאַ, איז די לופט געווען פול מיט שיסעריי. דער המון איז געווען אויפגערודערט.

— צו דער טעלעפאָניקאַ! — האָט עמעצער אַ געשריי געטאָן.

דער עולם האָט זיך אַ וואָרף געטאָן דורך דער ראַמבלאַ. די פּרעכטיקע ברייטע אַלעע, אויסגעפּילט מיט קאַפעהייזער און בלומען, צו דער פּלאַזאַ דע קאַטאַלוניאַ. אַבראַשע איז אין דעם פרימאָרגן געווען אַנגעטאָן אין אַ ווייס העמד, ווייסע קורצע הויזן און סאַנדאַלן. אין דעם הייסן פרימאָרגן איז עס געווען באַקוועם. אַזוי איז ער מיטגעלאָפן. אַזוי איז ער אַריין אין קאַמף.

ווען אַבראַשע איז אַרויס אויף דער פּלאַזאַ דע קאַטאַלוניאַ האָט דאָס פייער זיך געטראָגן פון צוויי זייטן, ווו די פאַשיסטישע אויפשטענדלער האָבן זיך פאַרפעסטיקט — פון לוקסוריעזן האָטעל קאָלאָן און פון דער טעלעפאָ־ניקאַ. פּאַקטיש איז די שיסעריי געקומען פון אַלע זייטן — אַלע האָבן גע־שאָסן, כאָטש ניט יעדערער האָט געוווּסט וווּהין מען דאַרף שיסן. מען איז געלאָפן, געשאָסן, געטראָטעוועט, פאָרויס, פאָרויס, שנעלער, שנעלער!

ווען אַבראַשע איז אַרויס פון האָטעל קאָלאָן, האָט ער שוין געהאַט אַ רעמינגטאָן־געווער, פּאַטראָנען און אַן אויפגעשוואָלן האַרץ פונעם נייעם נצחון, וועלכן ס'האָבן אָפּגעהאַלטן די באַרצעלאָנער אַרבעטער, צו וועלכע ער האָט זיך מיט איין מאָל דערפילט ווי אַ נאַטירלעכער שותף.

מיט אַ מאַרשירנדיקן אָטריאַד איז ער אַוועק אין די קאַשאַרן. זיי האָבן געטראָגן דעם נאָמען קאַרלאָס מאַרקס. דאָרטן איז ער אָנגעשלאָסן געוואָרן

אין אַן אָפּטיילונג. ווען ער האָט באַקומען אַ מיליטערישע העמד, הויזן און אַ פוראַזשערקע, און טאַקע מיט אַ רויטן טראָלב, וואָס האָט געוואַנדלט אויפן שטערן, צווישן די אויגן, האָט ער זיך דערפילט ווי כּוּאַן, כאָזע, ענריקאָ — ווי אַלע אַרום: מיטגעטומלט אין זייער טומל, געלעבט זייער לעבן, געקעמפט זייער קאַמף. דער רעש פון די לעצטע נצחונות איז נאָך ניט אַריבער, ווען ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז פאַשיסטישע קאָהאָרטעס פון הועסקאָ און סאַראַגאָסאַ גרייטן אַ מאַרש אויף באַרצעלאָנע. אין באַרצעלאָנע זענען אָרגאַניזירט געוואָרן פרייוויליקע איינהייטן. מיט דער ערשטער קאָלאָנע פון אויסלענדישע פרייוויליקע, מיט דער טעלמאַן־קאָלאָנע איז אַבראַשע אַוועק אויפן אַראַגאָנער פראָנט צו שטורעמען הועסקאָ.



ווען איך האָב אים געטראָפן אין פיר חדשים אַרום אין באַרצעלאָנע, איז ער שוין געווען אַ פאַרהאַרטעוועטער קעמפער. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ מיליטערישן מונדיר און איבער אים אַריבערגעוואָרפן אַ קאָץ, וואָס האָט געהאַט אַ לאָך אין דער מיט. דורכשטופנדיק דעם קאָפּ דורך דער לאָך האָט זיך באַקומען אַ משונהדיקער צודעק: אַ מין מאַנטל, וואָס איז אין קליאָשן אַראָפּגעהאַנגען מיט שפּיצן צו דער ערד. ווען דער ווינט האָט געבלאָזן, האָט ער אונטערגעיאָגט די פּאָלעס, ווי געוואָלט אַוועקטראָגן אַבראַשען.

— אַ פיינער מאַנטל, כ׳האָב נאָך אַזעלכן ניט געהאַט.

— ערשטקלאַסיק אויפגעגנייט — האָב איך באַמערקט.

— די לעצטע באַרצעלאָנער מאָדע — האָט אַבראַשע צוגעגעבן און זיך צעלאַכט.

ס׳איז געווען אָנהייב נאָוועמבער, אין דער פולער פראַנקאָ־אָפענסיווע. אונדזער שמועס האָט זיך באַגרענעצט צו אַלגעמיינע איינדרוקן. לאַנג האָבן מיר ניט געשמועסט. מיר האָבן ניט געהאַט קיין צייט. ניט ער, ניט איך.

כ׳בין אַוועק אויף דרום דורך וואַלענסיאַ, אַלבאַסעטע אויפן מאַדרידער פראָנט. ער איז געבליבן אויף דעם אַראַגאָנער.



די קאַטאַלאָנער אַרבעטער, מיט וועלכע אַבראַשע איז געשטאַנען אין איין ריי אין קאַמף, האָבן אים גיך ליב באַקומען. ער איז געווען איבערגע־געבן, גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר יעדן איינעם — פשוט, אָן קונצן. ער אַליין האָט פון קיינעם גאָרניט באַדאַרפט, שטענדיק געהאַט צו פיל, גרייט אַוועקצוגעבן. ווען מען האָט ביי אים געבעטן עפּעס, וואָס ער האָט ניט גע־האַט און האָט עס אָבער געקענט באַקומען, איז ער געלאָפן, געקראָגן און עס אַוועקגעגעבן. נו, אַזאַ איז ער געווען! און אַ געזונטן פּראַקטישן חוש האָט ער געהאַט, געוווּסט ווו מען קען עפּעס אויפטרייבן, אָרגאַניזירן. גאָר גיך איז ער באַשטימט געוואָרן פאַר אַ פאַרבינדלער צווישן זיין איינהייט און דעם שטאַב, מיטן הינטערלאַנד. מען האָט אים אָפט געשיקט באַזאָרגן געווער, אַמוניציע, פּראָוויאַנט. ער האָט געוואַנדערט צווישן פראָנט און הינטערלאַנד, צווישן די ליניעס. דער קאָץ־מאַנטל צעפּאָכעט אויפן ווינט, די ביקס פאַר־וואָרפן איבערן קאָפּ און אַקסל.

— אַבראַשע, זאָג זיי דאָרטן... — און מען האָט אים אויסגערעכנט אַ לאַנגן צעטל מיט ענינים צו דערליידיקן אין שטאַב צי אין הינטערלאַנד.

— בוען מוטשאַטשאָ — אַ גוטער חברהמאַן — האָבן זיי געזאָגט. — ער וועט דערליידיקן!

און אַבראַשע האָט טאַקע אַלץ דערליידיקט. אין שטאַב, אין דער אינ־טענדאַנטור — אומעטום. גערעדט האָט ער אַ גאַנץ קנאַפּן שפּאַניש, וואָס ער האָט באַוויזן אויסצולערנען אין די פּאָר חדשים, זינט ער איז געקומען. געווען איז עס אַ שפּאַניש צוגעמישט מיט קאַטאַלאָניש, אַ ביסל רוסיש און ניט ווייניק צוגעוויזן מיט די הענט. אָבער ס׳איז געווען גענוג. מען האָט אים פאַרשטאַנען און גערן אַנטקעגנגעקומען.

ווען דער פראָנט האָט זיך איינגעשטעלט, האָט ער אין הינטערלאַנד געדאַרפט אַריבערברענגען געלט פאַר אַ קראַנקער מאַמען, אַריבערפירן אַ קינד פון איין אָרט אין אַ צווייטן און באַזאָרגן פאַר דעם אַ גוטע שוך. אַב־ראַשע האָט אויפגעהערט צו זיין אַ קעמפער ווי אַלע אַנדערע. ער איז געוואָרן

מער ווי דאָס. ער האָט זיך דערנענטערט צו די קעמפּער און זייערע משפּחות, זיך איבערגענומען מיט זייערע דאגות, באַמיט זיך צו העלפן זיי.

— ער שיסט פון מערערע געווערן — האָבן וועגן אים געזאָגט זיינע מיטקעמפּער.

ווען ער איז איין מאָל צוריקגעקומען פון אַזאַ שליחות, האָט זיין נאָענטער פראָנט־חבר, פּעפּע, אַ זאָג געטאָן:

— אַבראַשע, ווייסט אונדז פאַרלאָזן?

— וואָס פעלט דיר איין?

— מען האָט דיך דאָ געזוכט.

— ווער?

— פון שטאַב, פון באַרצעלאָנע.

— דאָס ערשטע מאָל וואָס מען רופט מיך אין שטאַב?

— אָבער דאָס איז דאָך פון דער באַזונדערער אָפּטיילונג.

— זיי האָבן געזאָגט, וואָס זיי ווילן?

— אָ, דו ווייסט, זיי זאָגן ניט. געהייסן, זאָלסט זיך דאָרטן גלייך מעלדן.

ער איז אַוועק אין שטאַב מיטן ערשטן מאָטאָציקליסט, וואָס האָט אים מיטגענומען. אויפן וועג האָט ער געטראַכט: „האָב איך עפּעס אָפּגעטאָן? אַ פאַרברעכן, אַ נאַרישקייט? וואָס וויל מען פון מיר?"

אָנגעקומען אין שטאַב, איז אַבראַשע אַריין אין דער ספּעציעלער אָפּטיילונג און אָנגעגעבן זיין נאָמען. דער דיזשורירנדיקער איז אַריין צום פאַראַנטוואָרטלעכן און אַרויסגעקומען אין אַ ווײַלע אַרום. מיט דער גאַנצער אָפענער דלאָניע האָט ער געוויזן אויף הינטער זיך, דאָס האָט באַטייט, אַז אַבראַשע דאַרף גלייך אַריינגיין.

ס׳האָט אים אויפגענומען אַ מאַן אין די דרייסיקער, אַ טיפּישער שפּאַניער — געדיכטע שוואַרצע האָר האָבן באַדעקט זיין קאָפּ, אַ שמאָל באַוואַקסענע ליניע האָט געצייכנט זיין אייבערשטע ליפּ, און אַ פּאָר שוואַרצע לעבעדיקע אויגן האָבן אָבסערווירט און גערעדט.

— מיין נאָמען איז כאָרכע — האָט ער געזאָגט, ווען אַבראַשע איז צוגעקומען צום טיש.

— אַבראַשאַ! — האָט אַבראַשע באַשיידן אַרויסגעקייקלט זיין נאָמען.

— כ׳ווייס אַז ביסט אַבראַשאַ — האָט כאַרכע שמייכלענדיק באַמערקט.

— מיר האָבן געהערט וועגן דיר.

כאַרכע האָט גערעדט מיט אַ רויִקער שטים און דאָס האָט געווירקט באַרויִקנדיק:

— ביסט אַ רוס?

— ניין, כ׳בין פון ליטע — האָט אַבראַשע געענטפערט.

דער דורכשניטלעכער שפּאַניער האָט געוווּסט וואָס עס איז פראַנקרייך, אַמעריקע, ענגלאַנד, דייטשלאַנד, איטאַליע, רוסלאַנד, —אָבער וואָס עס איז ליטע, האָט ער קיין השׂגה ניט געהאַט. כאַרכע האָט זיך אָבער גוט אָריענטירט אין דער מיזרח־אייראָפּעיִשער געאָגראַפיע.

— קומסט דירעקט פון דאָרטן?

— ניין, פון בעלגיע.

— מיט וואָס האָסטו זיך באַשעפטיקט?

— אַ פלייש־אַרבעטער.

— אין שול האָסטו געלערנט?

— ניט קיין סך.

— אַוודאי געלערנט אַ סך אין דער לעבנסשול.

— ניט קיין סך — האָט אַבראַשע באַמערקט.

— אַבראַשאַ — איז כאַרכע צוגעטראָטן צום ענין — חברה אויפן פראָנט האַלטן זייער שטאַרק פון דיר...

אַבראַשע איז געזעסן, דער קאָפּ אַ ביסל אויף אַ זייט, זיין בליק אַראָפּגעלאָזט, געשוויגן און צוגעהערט.

— ...און מיר שטייען דאָ פאַר אַ שווערער אויפגאַבע — האָט כאַרכע אָפּגעהאַקט. געקוקט אויפן אַבראַשען, געוויגן די ווערטער אין מוח:

— דו קענסט די פראָנטליניע אויף אונדזער אָפּשניט?

— אַ ביסל.

— ניט אַ ביסל, דו קענסט זי זייער גוט — כאַרכע האָט איצט גערעדט מיט אַ זיכערן טאָן, ווי אַ מענטש וואָס קען דעם ענין דורך און דורך. אַבראַשע האָט פאַרשטאַנען, אַז בעסער וועט זיין שווייגן און לאָזן כאַרכען ריידן.

— מערערע חברים אונדזערע — איז כאַרכע צוגעטראָטן דרייסטער

צום ענין — האָבן זייערע פרויען און קינדער אויף דער אַנדערער זייט אין פאַרשיידענע שטעטלעך אַרום צען, צוואַנציק קילאָמעטער פון דער פייער־ליניע און אַפילו ווייטער. אַ סך פון זיי דאָרטן דראָט אַרעסט און אומקום.

— מיט וואָס קען איך דאָ העלפן? — האָט אַבראַשע געפרעגט.

— מיר ווילן, דו זאָלסט אונדז העלפן זיי אַריבערברענגען.

— וואָס ווייס איך פון אַזעלכע זאַכן?

— מיר וועלן דיר זאָגן.

— ס׳וועט זיין שווער.

— אין וואָס זעסטו די שוועריקייט?

— ביי מיין קנאַפּער שפּראַך־קענטעניש זיך אַרומצודרייען איבער די פראָנט־שטעטלעך און ניט אַרויסרופן קיין חשד?

— מיר וועלן זיך באַמיִען, אַז דעם טייל אַרבעט זאָלן טאָן אַנדערע חברים.

— וואָס זשע וועל איך טאָן?

— די לעצטע פּאַזע: דאָס אַדורכפירן דורך דער פראָנט־ליניע.

— פרויען, קינדער, אַלטע לייט פירן דורכן פראָנט? ס׳וועט זיין זייער שווער — האָט אַבראַשע ווידער באַמערקט.

— מיר ווייסן, אַז ס׳וועט זיין שווער. דערפאַר האָבן מיר דיך גערופן. מיר זענען זיכער, אַז דו וועסט אויספירן די אויפגאַבע.

אַבראַשע האָט געשוויגן.

— אין דיינע הענט וועט ליגן דער גורל פון פרויען און קינדער פון אונדזערע קעמפער.

אַבראַשע האָט געשוויגן. כאָרכע האָט באַטראַכט זיין יעדן פּנים־שטריך, זיין יעדע באַוועגונג. ער האָט אין אים געזען איינעם, וואָס האָט זיין מיי־נונג, וואָס טראַכט גוט איבער יעדן נייעם געדאַנק, איידער ער נעמט אים אָן. אין זיין אַרבעט האָט זיך כאָרכע געהיט פון די, וועלכע שפּרינגען אונטער, זענען גלייך מיט אַלץ מסכּים. פאַר אים איז איצט געזעסן אַבראַשע, וואָס האָט שווער זיך געראַנגלט מיט זיך אַליין. דער פאָרשלאָג איז געקומען פּלוצעם. ער איז ערנסט און ווירטיק און קאָמפּליצירט. צי וועט ער, אַב־ראַשע, באמת באַוויזן אים אויסצופירן? ער איז געזעסן דעם קאָפּ אַנגע־

שפּאַרט אויף דער האַנט, וועלכע האָט זיך מיטן עלנבויגן געשטיצט אויפן טיש. ער האָט געקוקט אַראָפּצו, פאַר זיך, געזעסן רויִק און געטראַכט, גע־טראַכט.

כאָרכע איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט, זיך דערנענטערט צו אַב־ראַשען, אַרויפגעלייגט אים די האַנט אויף דער פּלייצע, לייכט אַ קלאַפּ גע־טאָן, מורמלענדיק אַ פּאָר ווערטער פון דערמוטיקונג. ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און געבעטן דעם דיזשורירנדיקן אַריינשיקן צו אים... שטיל האָט ער אָנגערופן אַ נאָמען.

אַבראַשע איז נאָך געזעסן גוט פאַרטראַכט, ווען ס'האָט זיך באַוויזן דער גערופענער.

— ראַמאָן, דאָס איז אַבראַשע — האָט כאָרכע געזאָגט.

ראַמאָן, ביי די דרייסיקער, פון מיטעלן וווקס, פעסט געבויט, מיט אַ סימפּאַטיש, ענערגיש פּנים, האָט אויסגעשטרעקט די הענט צו זיין נייעם חבר.

— מיר וועלן אַריבערגיין צו מיר אין צימער.

אַבראַשע איז אויפגעשטאַנען. ביידע זענען אַרויס פון צימער, באַגלייט מיט אַ פאָטערלעכן בליק פון כאָרכע.

אין צימער ביי ראַמאָנען האָט זיך אַבראַשע צוגעזעצט, גרייט צו הערן.

— ווען עפּעס טרינקען? — האָט ראַמאָן געפרעגט פאַרן אָנהייבן דעם שמועס.

— אָראַנזשאַדע.

ראַמאַן האָט אַריינגעבראַכט אַ פלעשל, גלעזער און אָנגיסנדיק גענומען שמועסן:

— אַבאַראַשע, אַלע האַלטן פון דיר זייער שטאַרק, ס'איז באַשלאָסן גע־וואָרן אַריינצוציִען דיך אין אַ וויכטיקער אַרבעט. האָסט געהערט וועגן דעם?

— דער חבר כאָרכע האָט מיט מיר נאָר וואָס גערעדט וועגן אַ וויכ־טיקער אַרבעט.

ראַמאָן האָט גענומען ריידן וועגן דער אַרבעט אין אַלגעמיינע שטריכן. אַבראַשע איז געזעסן און אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט. אין מוח ביי אים האָבן זיך גענומען זאַמלען נעמען פון מענטשן, ערטער פון דער זייט פראָנט,

פון יענער זייט פראָנט. אין קאָפּ האָבן אַ שלאָג געטאָן צייכנס, פּאַראַלן, אַ ים מיט פּרטים. ווי פאַרגעדענקט מען דאָס אַלץ ?

ער האָט זיך צוגעהערט און געקוקט אויף ראַמאָנען. ראַמאָן האָט גע־רעדט חבריש, אינטים. אַבראַשען איז דער מצב אַלץ מער און מער קלאָר געוואָרן. ער האָט געזען פאַר זיך אַלטע טאַטעס און מאַמעס, פרויען און קינדער, פאַרוואָגלטע, פאַרלאָזענע, אומגליקלעכע. זיין אויפגאַבע איז אים געוואָרן זעלבסט־פאַרשטענדלעך.

— ווען הייבן מיר אָן ? — האָט אַבראַשע געפרעגט.

— גלייך. מיר בלייבט בלויז דיך צו פאַרבינדן מיט אונדזער גרופּע. מען רופט זי „גרופּע פאַר ספּעציעלע אויפגאַבעס". וועסט זיך באַקענען מיט חברה, מיטן אַרבעטספּלאַן און באַקומען צוגעטיילט אַן אויפגאַבע. קום, אַב־ראַשע, מיר'ן גיין.

זיי זענען אַרויס פאַרן הויז און אַריין אין וואָגן, וואָס האָט דאָרטן גע־וואַרט. דער שאָפער האָט שוין געוווּסט, אין וועלכער ריכטונג צו פאָרן.

אַבראַשע איז אַוועק צו זיין נייער באַשטימונג.



אין אַבראַשעס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער פּעריאָד. מען פלעגט אים זען זייער זעלטן. די, וועלכע האָבן אים געזען, האָבן ניט דערציילט וועגן דעם. מען מוז ניט פּלוידערן וועגן אַלץ און אַלעמען. דאָ און דאָרטן האָט ווער אויסגעדריקט באַוווּנדערונג פאַר אַבראַשעס מסירות־נפש. קאָמפּליצירט און געפערלעך איז זיין אַרבעט. ניט ביי איינעם האָט זיך אין מוח פאַרגנבעט אַ שטילע פראַגע: ווי אַזוי טוט ער דאָס ?

ערגעץ, סוף דעצעמבער 1936, איז מיין איינהייט צוריקגעקומען פון פראָנט אויף אַ טאָג־צוויי אָפּרו. ס'איז געווען אין פוענקאַראַל, אַ שטעטל לעבן מאַדריד. כ'בין געלעגן אויף אַ שטרויזאַק ערגעץ אין אַ שול, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סאָלדאַטן־קאַזאַרמע. כ'בין געווען האַלב וואַך, האַלב אין דרעמל, ווען מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אין דרויסן פרעגט עמעצער אויף מיר. כ'בין אַרויס. פאַר מיר איז געשטאַנען אַבראַשע. ער

איז געווען אָנגעטאָן אין זיין קאָץ־מאַנטל, אויפן קאָפּ האָט ער דאָס מאָל גע־האַט אַ היטל מיט אַ שטייפן ראַנד און אַ גרויסן דאַשעק — ווי ס׳האָבן גע־טראָגן די גוואַרדיאַ דע אַסאַלטאַ. קיין געווער האָט ער ניט געהאַט מיט זיך.

ס׳האָט געטריפט אַ רעגן. מען האָט ניט געזען דעם ווייס־פאַרבלויטן שניי אויף דער סאָמאָסיעררא. דער אַרום איז געווען פאַרנעפּלט, גרוי. מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און ס׳איז וואַרעם געוואָרן אין האַרצן. גוט צו זען אַן אייגענעם.

כ׳האָב אים ניט געשטעלט קיין קאָנקרעטע קשיות — כ׳האָב זיך גע־רעכנט מיטן מין אַרבעט וואָס ער האָט דורכגעפירט. אויך אַבראַשע האָט ניט געשטעלט קיין פראַגעס. כ׳האָב באַמערקט, אַז ער איז גוט אינפאָרמירט. ער האָט געוווּסט וועגן יעדן איינעם פון אונדזער קרייז באַקאַנטע.

— ווייסט — האָט ער אַ זאָג געטאָן — די אַקערמאַנס זענען געפאַלן.

— כ׳ווייס.

— און כץ.

— יאָ, אין קאַסאַ דעל קאַמפּאָ.

— ליפשיצל איז פאַרווונדיקט.

— יאָ, כ׳בין געווען דערביי.

אַבראַשע האָט געצויגן די ליסטע פון געפאַלענע, פאַרווונדיקטע. ער האָט געוווּסט וועגן יעדן איינעם.

— ווי פילסטו זיך? — האָב איך איבערגעריסן.

— ווי דו זעסט.

— וועסט דאָ בלייבן אַ לענגערע צייט?

— ניין, כ׳מוז באַלד אַוועק.

כ׳האָב ניט געפרעגט ווּהין ער מוז אַוועק, ווי אויך אַ סך אַנדערע פראַגעס, וואָס האָבן זיך געשטופּט אויף דער צונג. ס׳האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט, ביז כ׳האָב באַמערקט, אַז מיר שטייען און שווייגן.

מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט. ער איז אַוועק, פאַרשוווּנדן. איך האָב זיך צוריקגעקערט אויף מיין געלעגער און לאַנג נאָכגעטראַכט. צי האָט ער באַקומען אַן אויפגאַבע אויף אונדזער פראָנטאָפּשניט? צי איז ער ספּעציעל אַהערגעקומען פון אַראַגאָנער פראָנט, זיך צו געזעגענען מיט מיר פאַר אַ

באַזונדערש געפּערלעכער מיסיע? כ׳האָב נאָך לאַנג געשפּירט אויף זיך זײַנע בלויע וואַרעמע אויגן, געשפּירט זײַן האַרציקן האַנטדרוק.

מער האָב איך אים ניט געזען. כ׳ווייס בלויז, אַז פון איינער פון זײַנע וואַנדערונגען צו ראַטעווען פרויען און קינדער איז ער מער ניט צוריק־געקומען.

ווו איז עס געשען? ווען? כ׳האָב ניט געהאַט ביי וועמען צו פרעגן.

— דאָס איז אַלץ?

— יאָ, דאָס איז אַלץ.

— פּשוט?

— יאָ, פּשוט, ווי זײַן גאַנץ לעבן. ניט אמת?

# מיינע לאַנדסלייט פּאַלן

טיף אויפגעטרייסלט פון די פאַשיסטישע מאָרד־מעשׂים, האָבן זיי גע־אײלט אויף די שלאַכטפעלדער פון שפּאַניע צו קעמפן קעגן דעם בייז וואָס האָט באַדראָט אייראָפּע. דער גורל האָט געוואָלט, אַז דער לעצטער פרייוויליקער וואָס איז געפאַלן אויף דער שפּאַנישער ערד, איז געווען מיין שול־חבר, יחזקאל האָניקשטיין. זיין לוויה אין באַרצעלאָנע איז פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַן אימפּאָזאַנטער מאַניפעסטאַציע פון טרויער און אָנערקענונג. האָניקשטיינען האָבן געווידמעט לידער דער שפּאַנישער דיכטער ראַפאַעל אַלבערטי, דער יידיש־סאָוועטישער דיכטער איציק פעפער און אַנדערע.

גדליה שפּירא איז געפאַלן פון די ערשטע; יחזקאל האָניקשטיין איז געפאַלן דער לעצטער פון די פרייוויליקע פון מיינע לובלינער לאַנדסלייט. צווישן זיי זענען נאָך געווען ניט ווייניק אַנדערע, וואָס האָבן מקריב געווען זייער לעבן.

לאָמיר עטלעכע פון זיי דערמאָנען.

## מיט אַ שמייכל פון אַ קונדס

גדליה שפּירא איז געווען מיט אַ זעקס יאָר ייִנגער פון מיר, און ווער קוקט עס, אין די שוליאָרן, אויף אַ ייִנגערן פון זיך? אָבער זיין עלטערן ברודער, מאָטל, וואָס איז געווען אין איין עלטער מיט מיר, האָב איך גוט געקענט. מיר האָבן געלערנט אין זעלבן קלאַס, אין איין כּיתּה פון „בית־אולפנה”. אין דער פרי איז עס געווען אַ חדר. מען האָט געלערנט תּורה, גמרא, און אין אָוונט איז עס געווען אַ שול, ווו מען האָט געלערנט פּויליש, געשיכטע, געאָגראַפיע און אַלע אַנדערע לימודים. ס׳איז געווען אַזאַ מין

שידוך פון אַ חדר מיט חומש און גמרא, און אַ מאָדערנער שול, כּדי צופרידן צו שטעלן די עלטערן, וואָס האָבן געוואָלט, אַז זייערע קינדער זאָלן קענען, ווי מען האָט עס געזאָגט, ייִדיש און יאַדיש...

טאַקע אין יענע טעג איז מיט מיר אין איין כּיתּה געווען מאָטל שפּירא, גדליהס עלטערער ברודער. דאָס איז געווען אַ חברה־מאַן! וואָס ער האָט „אָפּגעאַרבעט" איז שווער איבערצוגעבן. אין אַ שיינעם טאָג האָט מען אים געמוזט אַרויסנעמען פון קלאַס. דערנאָך האָב איך אים געזען אין אַ היטל פון אַ שול אין מלאַווע. זיין טאַטע האָט עס זיך געקענט דערלויבן. דער טאַטע — איינער פון די אָנגעזעענסטע גבירים אין שטאָט, אַ תּבואה־סוחר, אַ סוחר פון קאָלאָניאַל־סחורה, פון הייזער. איז וואָס, ניט די שול אין לובלין, איז אַן אַנדערע, אין מלאַווע. עס פעלן דען ערטער?

ווען מאָטל איז אַוועק, האָב איך גדליהן ווייניקער געזען. מיט דער צייט האָב איך אים אין גאַנצן פאַרלוירן פון אויג. כ׳בין אַוועק פון לובלין. דער קרייז פון חברים און באַקאַנטע האָט זיך דערווייטערט — אַנדערע ערטער, אַנדערע מענטשן.



— דו, דיינער אַ לאַנדסמאַן געפינט זיך דאָ — האָט מיר ווער אַ זאָג געטאָן.

ס׳איז געווען אויפן הויף פון דער באַזע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַניע, אין אַלבאַסעטע, וווּ מיר זענען נאָר וואָס אָנגעקומען נאָך אַ גאַנצער נאַכט פאָרן פון באַרצעלאָנע. מיר זענען געווען זייער באַ־שעפטיקט: באַקומען געווער, מונדירונג. מיר האָבן באַדאַרפט מיטן איין מאָל אַריבערשפּרינגען פון ציווילן אין סאָלדאַטישן לעבן. אין דער פרעמד ווערט יעדער לאַנדסמאַן נאָך נענטער. אַ לאַנדסמאַן שמעקט מיט דער היים, מיט קרובים, מיט חברים און פריינד. כ׳בין אַוועק צו דעם, וועלכן מען האָט מיר אָנגעוויזן.

פאַר מיר איז געשטאַנען גדליה, גדליה שפּירא. יאָ, דער זעלבער ווי איך האָב אים געקענט, ווען ער איז אַ קינד געווען, בלויז אויסגעוואָקסן, גרע־

סער, די פּנים־שטריכן — בולטער, שטאַרקער. ער האָט אָבער פאַרהיט זיין קינדערשן בליק — פּשוט, דער מאַמעס מילך איז נאָך געווען אויף די ליפּן. ער האָט באַדאַרפט אַלט זיין אַן ערך אַכצן יאָר. ניט מער!

ער איז, ווייזט אויס, געקומען מיט אַ פּאָר טעג פריִער, ווייל ער האָט שוין געטראָגן אַ מונדיר, געהאַט אַ לאַנגע לעדערנע וועסט, אַן אַרבל, אַ גרויסן באַסקישן גראַנאַט־קאַלירן בערעט. האַלטנדיק די ביקס ביים אייבערשטן טייל, איז ער געשטאַנען אַנגעשפּאַרט אין דער וואַנט. ער האָט מיך דערקענט, געשמייכלט אַ ביסל פאַרשעמט, ווי נאָכן אָפּטאָן אַ קונדס־שטיקל. ער איז געקומען פון פּוילן. ניט פון די לייכטע זאַכן, אָבער פאַר גדליה שפּיראָ איז עס אַוודאי ניט געווען שווער.

אין אונדזער אויסטויש פון עטלעכע ווערטער האָט זיך מיר געשאַפן אַ בילד וועגן אים. דעם טאַטנס אוצרות האָבן אים ניט געשטערט אַדורכצומאַכן אַ טיפע ראַדיקאַליזאַציע. פאַרקערט, אויפן פאָן פון דער אַלגעמיינער לובלינער נויט, האָבן זיי אפשר דאָס גאָר פאַרלייכטערט. ער איז צוגעשטאַנען צו דער קאָמוניסטישער יוגנט, וועלכער ער האָט געדינט לויט זיינע מעגלעכקייטן. און די דאָזיקע האָבן ניט געפעלט... גדליה האָט געהאַט אַ מאָטאָציקל. אַ שווערע זאַך צו דערגרייכן פאַר אַ רייכן זונדל? מיט דער הילף פון מאָטאָציקל האָט ער פאַרבונדן פאַרשיידענע קאָמוניסטישע קעמערלעך. דער עיקר — אויסער לובלין.

ער האָט געפירט דירעקטיוון, אויפרופן, אָפּגעטאָן אַ גוואַלדיקע אַרבעט. געהאַט דערצו אַן ערנסטע און ערלעכע באַציִונג. אין דער קאָמוניסטישער יוגנט זענען אָבער ניט אַלע געווען ערנסט און ערלעך. געווען דאָרטן אויך פּאָליציי־אַגענטן. גדליה איז „פאַרשיט" געוואָרן, אריינגעפאַלן. געשטאַנען פאַרן געריכט. קיין סך איז ער ניט געזעסן. אויף דעם איז געווען אַ רייכער טאַטע.

ניט געווען קיין צייט פאַר אַ לענגערן שמועס. אַ קלאַפּ אויפן אַקסל — „אַבי מען זעט זיך" — און כ'בין צוריק אַוועק צו מיינע ענינים.

מיר זענען געבליבן אין אַלבאַסעטע אַ טאָג־צוויי און אַוועק אויפן מאַדרידער פראָנט. עס זענען געווען די נאָוועמבער־טעג פון 1936. פראַנקאָ האָט באַדראָט מאַדריד. איינהייטן וועלכע ווערן פאַרמירט אויף דער שנעל, זענען

בכלל לויזע, צעשיטן זיך, מישן זיך אויס אין אַקציע. גדליהן האָב איך ניט אָפּגעלאָזן פון אויג. כ׳האָב אים געזען אין אונדזער ערשטער, ניט געלונגע־נער שלאַכט אויף סעררא דע לאָס אַנכעלעס, ביי מאַדריד. כ׳האָב אים נאָך געזען בעת דער צווייטער שלאַכט אונדזערער, אויף קאַסאַ דעל קאַמפּאַ, ביי מאַדריד. דאָס איז געווען אַ שווערע שלאַכט, באַזונדערש פאַר אונדז, ניט קיין געשולטע סאָלדאַטן, כּמעט ניט באַוואָפנטע. מיר האָבן געהאַט בלויז ביקסן. עס זענען געווען אַ פּאָר שווערע מאַקסימס, צו שיצן אונדז פון פלאַנק. גדליה האָט געהאַט אַ בלעכענע פּושקע מיט אַ קנויט — אַ מין האַנטגראַנאַט, וואָס ביים אויפרייסן האָט עס געמאַכט אַ גרויסן רעש אָבער אַ קליינעם שאָדן. מען האָט דערמיט באַדאַרפט קעמפן קעגן טאַנקען. די פּושקע איז ביי אים צוגעטשעפּעט געווען צום פּאַסיק. גדליה האָט געקוקט אויף דער פּושקע און געשמייכלט מעשׂה קונדס. קיין שטאָלענע קאַסקעס האָבן מיר ניט געהאַט און אויך ניט קיין מכשירים צו גראָבן אָקאָפּעס, שוין אָפּגע־רעדט — פון באַזונדערע איינהייטן פאַר דעם ציל.

פון דער ווייטנס האָט מען געזען ווי די פראַנקאָ־טאַנקען פאָרמירן זיך צו דער שלאַכט. און אַז זיי וועלן אָנהייבן זייער אָנגריף און קומען גלייך אויף אונדז — וואָס בלייבט צו טאָן? ליגן און וואַרטן, ווער פון אונדז וועט ליגן אויפן וועג פון די טאַנקען און ווער — צווישן איין טאַנק און צווייטן?

די טאַנקען זענען צוליב וועלכער עס איז סיבה צו אונדז ניט דערגאַנ־גען. אָבער אויך אָן זיי איז די שלאַכט געווען אַ ביטערע, די אַבדות — שווערע. אַ סך קעמפערס פון אונדזער איינהייט זענען געפאַלן. צווישן זיי — דער קאָמאַנדיר פון דער איינהייט און דער פּאָליטישער קאָמיסאַר.

פון דער דאָזיקער שלאַכט, אין קאַסאַ דעל קאַמפּאַ, איז גדילה ניט צור־ריקגעקומען. ער איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן. אַ קויל האָט אים דורכ־געשניטן פון איין זייט אויף דער צווייטער. מען האָט אים עוואַקויִרט אין שפּיטאָל, אָבער אים ניט געקענט ראַטעווען.

גדליה איז געגאַנגען אין שלאַכט יונג, אָן מורא, מיט אַ שמייכל פון אַ קונדס. אַזוי איז ער אויך אומגעקומען.

בנימין לובעלסקי

# אינעם גערויש פון וואַלד

וועגן מיין חבר מישקע וועל איך ניט אָנהייבן פונעם טאָג, אין וועלכן ער איז געקומען קיין שפּאַניע. צו וואָס זיך נאַרן. אַ מענטש איז ניט געקומען קיין שפּאַניע אָט אַזוי זיך, סתּם, מיט איין מאָל. כ׳וועל, וואָס אַן אמת, ניט זוכן קיין פּרטים אין דער צייט פון פאַר זיין געבורט, אָבער אַ ביסל צוריק אין זיין עבר וועלן מיר דאָך אַריינקוקן.

מישקע איז געווען מיינס אַ בן־עיר. כ׳האָב אים געקענט פון די ייִנגסטע יאָרן — פון זעלבן קלאַס רעאַל־גימנאַזיע. ער איז געווען פון קליינעם וווקס, אַ מאָגערער, מיט טיפע קלוגע אויגן, וועלכע האָבן געקוקט און געטראַכט. האָסט ממש געפילט ווי זיינע אויגן נעמען אויף אַלץ פונעם אַרום, גיבן עס איבער צום מוח און דער מוח אַרבעט געזונט און סאָליד.

כ׳האָב זיך מיט אים געטראָפן אָפט. די זומער־וואַקאַציעס האָבן מיר אָפט פאַרבראַכט צוזאַמען אין איינעם פון די פאָרערטער פון לובלין. דאָרטן האָבן אונדזערע עלטערן געדונגען אויף אַ פּאָר וואָכן אַ דירה ביי אַ פּויער. אין דער פרי האָבן מיר גענומען אונדזער לעזשאַק אין האַנט, אַ ביכל אָדער אַ שאָכבּרעט — אין דער צווייטער און אַוועק אין וואַלד אַריין ביז מיטאָג.

די געגנט איז געווען באַלייגט מיט וועלדער. נאָך זע איך דאָס וועלדל ביים אַריינגאַנג צום דאָרף. די ניט צו געדיכטעביימער האָבן מיט זייערע קרוינען אַרומגענומען דאָס אָרט, געשאַפט שאָטן, באַשיצט די גרינקייט. ס׳איז דאָרטן געווען רויִק, שטיל. אין צפון־טייל האָבן זיך צווישן די ביימער געפונען סאָלדאַטישע קברים פון ערשטן וועלטקריג. ס׳איז אַוודאי ערגעץ נאָענט דאָ פאָרגעקומען אַ שלאַכט צווישן די רוסן און עסטרייכער. זענען דאָ באַערדיקט די יאָזעפס, היינריכס און גוסטאַווס. די רעגנס האָבן מיט דער צייט אויסגעגלייכט זייערע קברים. בלויז די צלמים זענען געבליבן ווי אַ דערמאָנונג. אייניקע שטייען גלייך, אייניקע — געבויגן אויף רעכטס, אויף לינקס. שטייען זיי אַזוי און שווייגן פאַרטראַכט און פאַרשטייען אַוודאי ניט, וואָס זיי טוען דאָ.

אַרויס פון וואַלד, זענען מיר אַרויף אויף אַ שטעג, וואָס האָט זיך געצויגן פּאַזע אַ סאָסנע־וועלדל. און קוים אַראָפּ פון שטעג, האָט זיך אָנגע־

הויבן דער ריכטיקער וואַלד. אַהין זענען מיר עס געגאַנגען און פאַרבראַכט דאָרטן ביז מיטאָגצייט. דאָס איז געווען אַ צעוואַקסענער יונגער וואַלד, סאָמע סאָסנע־ביימער. דאָ און דאָרטן האָבן זיך געפונען ערטער קיילעכדיקע און פירעקיקע אָן ביימער, קליינע פּאָליאַנקעס. האָבן מיר אויפגעשטעלט אונדזערע ליג־שטולן אָדער אויסגעשפּרייט די קאָצן. געלעגן, געברוינט זיך אויף דער זון, געשפּילט שאָך, געלייענט אַ בוך, געלעגן אויפן רוקן, אויפן בויך און געפירט וויכּוחים.

פון אונדזערע לימודים האָבן מיר ניט גערעדט. וואָס איז געווען צו רעדן וועגן דער שול? דעם מוח האָבן באַשעפטיקט פּראָבלעמען, וועלכע מען האָט אין שול ניט געלערנט. מיר האָבן, למשל, געזוכט אַ גרענעץ צווישן עגאָיִזם און אַלטרויִזם.

— ווען דו אונטערשטיצסט עמעצן מיט געלט — האָט פעסטגעשטעלט מישקע — אַ ריינע אַלטרויִסטישע טעטיקייט, האַ? טוסטו עס פון דיין הנאה וועגן. ווען דו נעמסט פון עמעצן אַוועק זיין געלט — האָט ער ווייטער גע־טענהט — ניט וויכטיק צי דורך רויב, גניבה אָדער אַן אַנדערן וועג, אַ מער עלעגאַנטן, טוסטו עס אויך פאַר דיין הנאה. אַזוי צי אַזוי דעצידירט דער מענטשלעכער איך! דער מענטשלעכער איך שטייט איבער אַלץ!

„איכיזם" — האָבן מיר גערופן אונדזער טעאָריע. ס'האָט אונדז אויס־געזען אָריגינעלער ווי סתּם עגאָיִזם, און געהאַט אַ ברייטערן פאַרנעם. די איינגעשטעלטע ראַמען פאַר געזעלשאַפטלעכער עטיק האָבן מיר אָפּגעוואָרפן.

— עטיק? ווער באַשטימט עס איר יושר און גערעכטיקייט? ווער האַלט עס, אַז די איינגעשטעלטע געזעלשאַפטלעכע נאָרמעס זענען טאַבו?

— אַז אַ מאַן פאַרקויפט זיין אַרבעטסקראַפט, איז עס שיין: אַרבעט, שאַפונג, פּראָדוקטיוויטעט.

— ווען אַ פרוי פאַרקויפט איר קערפּער — האָבן מיר ווייטער געצויגן אונדזערע באַטראַכטונגען — איז עס פּראָסטיטוציע.

— און חתונה האָבן צוליב אינטערעס? און קונסט, פּרעסע, פּאָליטיק און אַנדערע פונקציעס אין סאָציאַלן לעבן צוליב אינטערעס?

פּאַקטיש איז ביי אונדז ניט געווען קיין וויכּוח. מיר האָבן באַרירט די זעלבע טעזע און יעדערער האָט צוגעלייגט זיין האָלץ צום פייער. קעגן־

אַרגומענטן זענען אומגעלייגט געוואָרן ווי קאָרטן־הייזלעך. מישקע האָט עס געמאַכט מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט. לסוף זענען מיר געשטאַנען פאַר אַ צעבראָכענער קאָרעטע. ניט געווען קיין אידעאַל, געווען אַ ביטול צו דער פאַרגאַנגענהייט. דער מאָרגן האָט ניט געוועקט קיין אינטערעס. פאַר וואָס האָבן אַלע וויכּוחים פון יונגע חברה־לייט געמוזט זיך וואַקלען אויף דער גרענעץ פון פּעסימיזם, ניהיליזם, ציניזם? צי האָט אין אונדזער אונטערבאַ־וווסטזיין זיך דורכגעזעצט די פּערספּעקטיוולאָזיקייט, וואָס האָט אויף אונדז געוואַרט נאָך דער שול?

ס׳איז געווען אומעטיק, פּוסט. עפּעס האָט אונדז געפעלט, נאָך עפּעס האָבן מיר געבענקט. אונדזערע עלטערן זענען געווען טעטיק אין דער ציוי־ניסטישער באַוועגונג. ווער פון זיי — אַקטיוו, ווער — ווייניקער, אָבער מיר זענען געווען אין עלטער, ווען דעם טאַטנס אידעאַלן זענען — ווייס־איך־וואָס...

— גוט וואָס ס׳איז פאַראַן מאַטעמאַטיק אויף דער וועלט — האָט אַ זאָג געטאָן לוטעק, אונדזער שול־חבר.

— וואָס ווּעסטו טאָן מיט דיינע ציפערן, אַז אַ נול דעצידירט דאָרטן וועגן אַלץ — האָט געשפּאָסט מישקע.

— גיי שוין גיי. מאַטעמאַטיק איז מוזיק — האָט לוטעק אונטערגע־האַלטן זיין טעזע.

— מוזיק איז מעלאַנכאָליש, טרויעריק — האָט ווייטער געצויגן מישקע.
— הער זיך צו צו טשייקאָווסקי, רימסקי־קאָרסאַקאָוו, מענדעלסאָן, גריג. זיי זענען אַוודאי אויך אַזוי געשטאַנען פאַר אַ צעבראָכענער קאָרעטע, ווי מיר.

— פאַר וואָס דערמאָנסטו ניט בעטהאָווען, וואַגנער?

— האָסט ווייניק ווייטיק אין בעטהאָווען? ער באַמיט זיך נאָר אַריינ־צוברענגען צום סוף אַ ביסל האָפענונג, טרייסט. וואָס שייך וואַגנערן — ווער האָט עס געזאָגט, אַז ער איז פריילעך? ער איז בלויז רעשיק. מיט פּויקן און טאַצן וויל ער צעשמעטערן דעם טרויער, וואָס רינגלט אונדז אַרום. אָבער דאָס איז נאָך קיינעם ניט געלונגען. אים אויך ניט.

ציטאַטן פון ניטשע, שאָפּענהויער, צוגעמישט מיט דאָסטאָיעווסקיס

פּעסימיזם, טשעכאָווס סאַטירע, אַרציבאַשעווס ציניזם — האָבן דערפילט דאָס מעסטל. ראָמען ראָלאַנס לירישער הומאַניזם האָט דאָ ניט געהאָלפן.

בלויז די וועלדער אַרום האָבן געדרוישט, גערוישט און איינגעשלעפערט אונדז נאָך דער דיסקוסיע, באַרויִקט אויף אַ ווײַלע אונדזער געמיט.

✶

אין שטאָט האָבן מיר זיך אָפּט געטראָפן: אין אַ לייענזאַל, אין אַ ביב־ליאָטעק אָדער סתּם אויף אַ שפּאַציר. מיר האָבן זיך געפילט ווי אַרויסגעריי־סענע פון דער סביבה, געפרעסן פון צווייפל און אומעט.

אין איינעם אַ טאָג האָט דער שפּאַציר אונדז פאַרטריבן אין ייִדישן פערטל פון לובלין, ערגעץ אין אַ דורכגאַנג צווישן מלמדים־געסל און די ברייטע גאַס. ס׳איז געגאַנגען אַ רעגן. ס׳איז געווען איינער פון די דריי־טאָגיקע רעגנס, אויף וועלכע קיינער קוקט זיך אַפילו ניט אום. דער רעגן האָט זיך געשטאַרקט. מיר זענען געבליבן שטיין פאַרן פּאָליש פון רבינס בית־מדרש — אַ ברייט פירעקיקער שטח, אַ ליידיקער, מיט אויסגעווייסטע ווענט. צו דער לינקער וואַנט איז געווען צוגעפּעסטיקט אַ באַנק, קעגן איבער, אין אַ ווינקל, רעכטס, איז געווען אַ פירעקיקער קאַסטן ביז צום סופיט אַרויף. דאָרטן האָט מען אַרײַנגעוואָרפן צעריסענע ספרים, סידורים, שמות. רעכטס איז געווען דער אַרײַנגאַנג אין בית־מדרש. מיר זענען געשטאַנען אין פּאָליש, געקוקט אויף די ליידיקע ווענט, אויפן רעגן, אויפן אומעטיקן געסל, געקוקט מיט טרערן אין די אויגן.

„יונגע זקנים" — האָבן מיר זיך באַצייכנט. מיר זענען דעמאָלט אַלט געווען 17 יאָר!

אין אַ יאָר אַרום האָבן מיר זיך צעשיידט. לוטעק איז אַוועק קיין זאַג־רעב. כ׳האָב פון אים מער ניט געהערט. מישקע איז געפאָרן קיין נאַנסי, פראַנקרייך, און איך — קיין בעלגיע.

✶

אין אַ צוויי יאָר נאָך אונדזער צעשיידונג איז מיר אויסגעקומען צו פירן אַ קאָרעספּאָנדענץ אין נאָמען פון בעלגישן פאַרבאַנד צו הילף די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פּוילן מיט זיין ברודערלעכן פאַרבאַנד אין פראַנקרייך. די בריוו פון פראַנקרייך זענען געווען געצייכנט קורץ: מאַקס. כ׳האָב ניט נאָכגעפאָרשט, ווער ס׳איז דער אויטאָר פון די בריוו. ס׳איז דאָך געווען אַן אומלעגאַלע באַוועגונג. אַ פּאָר חדשים שפּעטער, ווען מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ לאַנד־קאָנפערענץ, איז פון פּאַריז אַרויסגעשיקט געוואָרן צו איר אַ דעלעגאַט. כ׳בין געגאַנגען צום צוג אים אָפּוואַרטן. כ׳האָב געוואַרט אויפן אָפּגערעדטן אָרט, לייענענדיק אַ צייטונג. פון הינטן האָט מיר עמעצער אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן אַקסל: פאַר מיר איז געשטאַנען מישקע! מיר האָבן זיך צעלאַכט, האַרציק געלאַכט. פּונקט ווי איך האָב ניט דעשיפרירט זיין נאָמען, האָט ער ניט דעשיפרירט מיין נאָמען. ניט בלויז די נעמען — מיר אַליין האָבן זיך אין גאַנצן געענדערט. פון אַ ציניזם וואָס האָט געגרענעצט מיט ניהיליזם, האָבן מיר זיך אַריינגעוואָרפן אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג מיטן פולן ברען פון אונדזערע יונגע הערצער.

מישקע איז געווען אָנגעטאָן אין אַן אָפּגעחומר׳טן גראַנאַט קאָסטיום, געטראָגן אַ טונקל העמד, וואָס מען האָט ניט געדאַרפט אָפט וואַשן. קיין איבעריקע פרישקייט האָט פון אים ניט געזעצט. כ׳האָב געקוקט אויף אים, און פאַר מיינע אויגן איז ער געשטאַנען, ווי כ׳האָב אים געזען אין שול — די פינגער פאַרפלעקט מיט טינט, מיט האַלב צוגעשלאָסענע אויגן, מיט דער פאַרריסענער נאָז און שטענדיק אין ברען פון דיסקוסיע.

— מישקע, מיר זענען יינגער געוואָרן מיט דריי יאָר.

— מיינסט ניט, אַז מיט אַ סך מער?

נאָך דער קאָנפערענץ זענען מיר געגאַנגען זאַלבע צווייט ערגעץ אין אַ זייטיקן רעסטאָראַן אויף אָוונטברויט. מיר האָבן קיין סך ניט גערעדט. האָבנדיק דורכגעמאַכט דעם זעלבן וועג, איז אונדז ניט געבליבן קיין סך איינער דעם צווייטן צו דערציילן. נאָכן עסן האָב איך אים באַגלייט צום צוג. מיר האָבן זיך געזעגנט.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָב איך אים געטראָפן אין בריסל.

— וואָס איז געשען, מישקע?

— געמוזט אַוועק פון פראַנקרייך.

— אַרויסגעשיקט ?

— יאָ.

— וואָס הערט זיך מכּוח דיין שטודירן ?

— כ׳וועל פּרוּוון דאָ, אין בריסל.

אין בריסל האָט מישקע זיך ניט געקענט לעגאַליזירן און ניט געקענט אויפגענומען ווערן אויפן אוניווערסיטעט. אַ ביסל שפּעטער האָב איך געהערט פון אים פון טשעכאָסלאָוואַקיע. ער איז אָנגענומען געוואָרן אויפן אוניווערסיטעט אין ברנאָ. דאָס פאַרשרייבן זיך אויף דעם אוניווערסיטעט איז געווען דער איינציקער טריט אין זיין אַקאַדעמישער קאַריערע אין טשעכאָסלאָוואַקיע. אויך דאָ האָט ער ניט שטודירט. אים האָט פאַרשלונגען די פּאַרטייִשע אַרבעט.

מישקע האָט פאַרביטן זיין פראַנצייזיש אויף טשעכיש און באַלד גלענצנדיק באַהערשט די שפּראַך. ער האָט געמאַכט קאַריערע ביי די טשעכישע אַרבעטער. געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין פּאַרטייִשן צענטראַל־אָרגאַן, געוואָרן דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער מיליטערישער אָפּטיילונג. אין די דאָזיקע יאָרן פון פאָלקספראָנט האָט די טשעכישע פּאַרטיי געהאַט אַ גרויסן אויפשוווּנג. מישקע האָט געהאַט אַ גרויס פעלד פאַר אַרבעט און ליידיק ניט געזעסן. ער האָט אין גרויסן ברען פון דער אַרבעט פאַרגעסן, אַז קיין טשעך איז ער ניט. וועגן דעם האָבן אַנדערע געדענקט. אין אַ שיינעם טאָג האָט מען אים גענומען זוכן. ער האָט געמוזט פאַרלאָזן פּראָג, פאַרלאָזן פרוי און קינד — זיין קליינע משפּחה וואָס ער האָט אין צווישן אויפגעשטעלט.

מישקע איז צוריק אויפגעשוווּמען אין פּאַריז — אונטער אַ גאַנץ אַנדערן נאָמען, מיט אַ גאַנץ אַנדערן פּאַס. ס׳איז ניט געווען קיין צייט אויף ליידיקגיין. ס׳איז געווען אין מיטן 1937. דער בירגערקריג אין שפּאַניע איז געווען אין פולן ברען. פּאַריז איז געוואָרן דער צענטער, דורך וועלכן די פרייוויליקע פון די אינטערבריגאַדעס האָבן געשטראָמט קיין שפּאַניע. אינעם דאָזיקן קאָכיקן צענטער איז מישקע געוואָרן די פירנדיקע פיגור. ער האָט אויפגענומען די פרייוויליקע, געזאָרגט פאַר זייער אויפהאַלט און אָפּפאָר

קיין שפּאַניע. דורך זײַנע הענט זענען דורכגעגאַנגען טויזנטער פּרייוויליקע. ס׳איז געווען אַ פּערמאַנענט גיין און קומען פון מענטשן פון פאַרשיידענע לענדער, אַ גיין און קומען אין אַלע שעהען פון מעת־לעת — ביי טאָג, ביי נאַכט. מישקע איז שטענדיק געווען אויפן אָרט.

— ווען רוסטו, מישקע?

— מיינסט, אַז דער פראָנט איז בלויז אין שפּאַניע? — האָט ער אָפּגע־ענטפערט.

פּאַר מישקען איז די אַרבעט, ווייזט אויס, געווען אַ צו פּאַסיווע. אין קורצן האָט ער באַקומען אַ מער אַקטיווע אויפגאַבע: דער פּאַריזער צענטער האָט אים געשיקט אין די סקאַנדינאַווישע לענדער צו מאָביליזירן דאָרטן פרייוויליקע קיין שפּאַניע.

מישקע איז אַהין אַוועק און דאָס האָט זיך גלייך געלאָזט פילן. ס׳האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פרייוויליקע. אין פּאַריז האָט מען באַוואונדערט דעם נייעם שטראָם, וואָס האָט אַ פלייץ געטאָן.

אָנהייב 1938 זענען אָפּגעמערקט געוואָרן צוויי געשעענישן אין שפּאַ־נישן בירגער־קריג. אין יאַנואַר האָט די שפּאַנישע רעפּובליקאַנישע אַרמיי אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון, פאַרנעמענדיק טערועל, אַ וויכטיקער סטראַ־טעגישער פּונקט צווישן אַראַגאָנער און מאַדרידער פראָנט.

— היינט ביי נאַכט, פּונקט צוועלף אַ זייגער — האָט געמאָלדן אַ ספּע־ציעלער באַפעל — וועט די גאַנצע פראָנטליניע, אין משך פון צוויי מינוט, אָפּגעבן שאָסן פון ביקסן און מאַשין־געווער — כּדי צו פייערן דעם זיג אי־בער טערועל.

אַ זייגער צוועלף האָט זיך די גאַנצע פראָנטליניע אָנגעצונדן. ס׳איז געווען אַ טייוולאָנישער אָרקעסטער. דער נצחון האָט אַרויסגערופן אַן אוי־סערגעוויינטלעכן ענטוזיאַזם אין שפּאַניע. אין דער וועלט איז געוואַקסן די צאָל פרייוויליקע.

סוף פעברואַר, ביי נאַכט, אַ זייגער צוועלף האָט זיך ווידער אָנגעצונדן די גאַנצע פראָנטליניע, אָבער דאָס מאָל פון פראַנקאָס זייט. ס׳האָט די קעמ־פערס אויפגעשטעלט אויף די פיס, אַרויסגעריסן זיי פון נאַכטיקן האַלב־

דרעמל. וואָס קומט דאָ פֿאָר? ניט לאַנג געדויערט און אַלץ איז קלאָר געוואָרן: די פֿראַנקיסטן האָבן צוריקגענומען טערועל.

אין דער טערועל־שלאַכט איז די רעפּובליקאַנער אַרמיי אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. כּדי אָפּצוציִען דעם דרוק אויף אירע כּוחות וואָס האָבן אָנגעגריפֿן טערועל, האָט די רעפּובליקאַנער אַרמיי אָנגעהויבן אַן אָפֿענסיווע אין עקסטרעמאַדוראַ, אויף סיעראַ קעמאַדאַ.ביידע שלאַכטן האָבן שווער געקאָסט דער רעפּובליק. נאָכן פֿאַלן פֿון טערועל האָט זיך דער שטראָם פֿון די פֿרייוויליקע שטאַרק פֿאַרקלענערט.

— אַ פֿאַרשפּילטער ענין! — האָבן געזאָגט די ווערבירער אין די פֿאַרשיידענע לענדער און אויפֿגעהערט זייער ווערבירונג־אַקציע. בלויז פֿון די סקאַנדינאַווישע לענדער האָט דער שטראָם פֿרייוויליק געזעצט מיט אַן אומפֿאַרענדערטן כּוח. מישקע איז דרינגלעך צוריקגערופֿן געוואָרן קיין פּאַריז.

זשאַן מאַראַ, דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער פֿון צענטער, האָט אים אויפֿגענומען מיט אַ רוגז, מיט אַ געשריי:

— האָסט ניט געהערט, אַז טערועל איז געפֿאַלן?

— געהערט, חבר מאַראַ. כ׳האָב זיך פֿאַרטראַכט וועגן דעם און זיך געזאָגט: מיר האָבן פֿאַרלוירן טערועל, די שלאַכט גייט אָבער ווייטער. פֿאָרויס מיט פֿאַרשטאַרקטע כּוחות!

— האָסט זיך ניט פֿאַרטראַכט, צי איז כּדאַי צו וואַרפֿן נייע כּוחות אין שלאַכט אין די דאָזיקע באַדינגונגען?

— כ׳האָב זיך ניט פֿאַרגעשטעלט, אַז עס קען זיין אַן איבעררייס אין קאַמף קעגן פֿאַשיזם.

— ווער רעדט וועגן אַן איבעררייס! — האָט געדונערט מאַראַ. — ווער האָט באַשלאָסן, אַז די כּוחות דאַרף מען וואַרפֿן אויף שפּאַניע? דאָס וואָלט געווען אַ פֿעלער, אַ פֿאַרברעכן!

— חבר מאַראַ, כ׳נעם אויף זיך די גאַנצע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר מיין האַנדלונג, און נעם אויך אויף יעדע פּאַרטיי־שטראָף פֿאַר מיין באַגאַנגענעם פֿעלער.

— פּאַרטיי־שטראָף, פּאַרטיי־שטראָף... — האָט איבערגעחזרט מיט רוגז מאַראַ. — נאָכן אָפּגעטועטעם, וואָס זאָל איך מיט דיר טאָן?

— די לייזונג איז אַ זייער פּשוטע, חבר מאַראַ. כ׳האָב געשיקט חברים אויפֿן פּראָנט, בעט איך דאָס רעכט אויך געשיקט צו ווערן אויפֿן פּראָנט!

— שרייב אָן אַ זעלבסטקריטיק וועגן דיין אַרבעט אין סקאַנדינאַוויע און בעט געשיקט צו ווערן קיין שפּאַניע.

ווען מישקע האָט פֿאַרלאָזן מאַראַן, איז אים באַפֿאַלן אַ פּוסטקייט. מאַראַן האָט מען באַטראַכט פֿאַר אַן אַלטן אויסגעפּרוּווטן באָלשעוויק. ווי קומט עס, וואָס ער האָט רעזיגנירט, אויפֿגעגעבן דעם קאַמף אין שפּאַניע? ווייל ווי אַנדערש אויסטייטשן זיין פֿאָרוווּרף פֿאַרן פֿאַרזעצן דאָס ווערבירן פֿרייוויליקע? און פֿאַר וואָס האָט ער, מישקע, פֿאַרשטאַנען דעם היפּוך פֿון מאַראַן? ווען ווערט אַ שלאַכט פֿאַרגעזעצט, ווען ווערט זי איבערגע־ריסן? ווען ווערט זי איבערגעוואָרפֿן אויף אַן אַנדער אָרט? ווער באַשטימט עס? פֿאַר מישקען האָט געשוועבט דאָס בילד פֿון אַ דונערדיקן מאַראַ וואָס שפּייט מיט פֿייער, מיט אַן איבערמענטשלעכן כּוח. וואָס איז דער כּוח? פֿון וואַנען נעמט ער זיין אַנטשלאָסנקייט? ער האָט געזען פֿאַר זיך מאַראַן, דעם פּראַנצויז, דעם מעטאַל־אַרבעטער, דעם באַקאַנטן פּאַרטיי־טוער. שוין זיין פֿאָטער, זיין זיידע האָבן אָנטיילגענומען אין די קאַמפֿן פֿון פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט. דאָס הייסט, אַן אָפּשפּראָץ פֿון אַן אויסגעפּרוּווטער משפּחה פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג. דורך מאַראַן רעדט די באַוועגונג. מישקע האָט זיך געפֿילט נישטיק, גאָרניט ניט געזען וואָס צו פֿאַרגלייכן. ער האָט געזען זיין טאַטן, דעם שניט־סוחר, די מאַמע אין דער היים — אַ האַרציקע יידישע מאַמע, אַ גוטע, אוי, אַ גוטע, ניט געוווּסט פֿון קיין הויך וואָרט. דעם טאַטן האָט עס אַפֿילו אַרויסגעפּירט פֿון די כּלים: „ווער אַ מאָל בייז. זאָג אַ מאָל אַ הויך וואָרט!"

קומט אַ מענטש — האָט זיך געטראַכט מישקע — פֿון אַ קליינבירגער־לעכער משפּחה, אָן שום רעוואָלוציאָנערער טראַדיציע און וויל אַלץ פֿאַר־שטיין, דעצידירן...

מישקע האָט דורכגעקוקט זיין רעוואָלוציאָנערע פֿאַרגאַנגענהייט. יאָ, ער האָט געקעמפֿט, זיך ניט געשאַנעוועט, אָבער צי האָט ער דאָס מאָל ניט

אַ ביסל איבערגעטריבן? מיט וועלכן רעכט האָט ער אַליין דעצידירט, וואָס ריכטיק איז? און פאַר וואָס ניט? צוליב זיין טעטיקייט איז ער פאַרטריבן געוואָרן פון פראַנקרייך, פון בעלגיע, געמוזט אַנטלויפן פון טשעכאָסלאָוואַקיע, מקריב געווען זיין אַקאַדעמישע קאַריערע, מקריב געווען זיין משפּחה. דאָס אַלץ איז פאַרשטענדלעך. און ווען ווערט זיין טעטיקייט אומדערלאָזלעך פון פאַרטייִישן שטאַנדפּונקט? ווער באַשטימט עס?

מישקע האָט לאַנג געשפּאַנט איבער פאַריזער גאַסן, ביז ער איז דער גאַנגען צו זיין קוואַרטיר. אַ מידער האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן בעט. ער איז לאַנג געלעגן, געטראַכט און לסוף איינגעדרעמלט. ווען ער האָט דערוואַכט, איז ער אַראָפּ פון בעט, זיך אַוועקגעזעצט שרייבן די זעלבסט־קריטיק, ווי מאַראָ האָט פאַרלאַנגט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז מישקע גערופן געוואָרן צום שפּאַנישן קאָמיטעט, ווו מען האָט אים ווידער אויפמערקזאַם געמאַכט אויף זיין ניט־ריכטיקער האַנדלונג אין סקאַנדינאַוויע און געמאָלדן, אַז זיין ביטע געשיקט צו ווערן קיין שפּאַניע איז אָנגענומען געוואָרן.

ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט און מישקע האָט זיך אַריינגעגאָסן אינעם שטראָם פרייוויליקע, איצט שוין אַ גאַנץ קליינעם. ער איז ניט מער געווען קיין פאַראַנטוואָרטלעכער, מען האָט אים ניט מער גערופן פון אַלע זייטן, ניט געצויגן פאַרן אַרבל. ער האָט רויִק געקענט שטיין, אָבסערווירן די קליינע גרופּעס, וועלכע האָבן זיך פאָרמירט אין זאַל.

— ווו זאָלן מיר דיך צוטיילן? — האָט אַ פרעג געטאָן דער פאַראַנטוואָרטלעכער פון צענטער.

— ווו דו ווילסט. קיין שפּראַך־פראַגע וועט דאָ ניט זיין — האָט מישקע מיט אַ שמייכל אָפּגעענטפערט אין זיין סעלעקטיוון פראַנצייזיש.

מישקע איז צוגעטיילט געוואָרן צו אַ גרופּע פּאָליאַקן פון פראַנקרייך — יונגען, הויכע ווי די לייטערס, פעסטע. מישקע האָט זיך צו זיי דערנענטערט, אָן שוועריקייט געוואָרן פאַן־בראָט מיט זיי.

קיין שפּאַניע — דאָ קענען מיר שוין אָנהייבן אונדזער עצם דערציילונג — איז מישקע געקומען אין אַ שווערן מאָמענט. פראַנקאָ האָט אָנגעהויבן זיין אָפענסיווע אויפן אַראַגאָנער פראָנט. עס זענען געפאַלן שטעט און

שטעטלעך, ס'האָט זיך געצייכנט די סכּנה, אַז דער אַראַגאָנער פראָנט זאָל אָפּגעשניטן ווערן פון צענטראַלן.

שוין ביים אָנקום אויף דער שפּאַנישער ערד האָבן די פרייוויליקע אָנגעהויבן זייער מיליטערישע שולונג. אין דער פעסטונג פון פיגעראַס, אויף דער שפּאַניש־פראַנצייזישער גרענעץ, זענען קענטיק געווען די קאַמפן פון 1936סטן יאָר. צעשטערטע בנינים זענען ביז איצט ניט פאַרריכט. אין אַ טייל פון זיי איז די רערן־לייטונג געווען צעשטערט, און דאָס וואַסער האָט געשטראָמט, פאַרענדיקנדיק די לעצטע אַרבעט פון צעשטערונג. בלויז אַ פּאָר בנינים זענען געבליבן גאַנץ. אין זיי האָט געוווינט די אָנפירונג פון לאַגער. אין זיי זענען אויך געווען שלאָפּערטער פאַר די ניי־אָנגעקומענע. אין די ערשטע טעג פון קריג איז די פעסטונג געווען אונטער דער לייטונג פון שפּאַניער. איצט זענען דאָרטן געווען מערסטנס וועטעראַנען פון דער אינטערבריגאַדע. די געקומענע האָבן אויף זיי געקוקט מיט קינאה: אַלטע קעמפער, אויסגעפּרוווטע אין פייער.

אין דער דאָזיקער פעסטונג האָבן געהערשט פּרינציפּן און באַגריפן אין הסכּם מיט דער פאָדערונג פון מאָמענט.

— דייך מיליטערישע פאַרגאַנגענהייט? — האָט דער לייטער פון דער פעסטונג אַן צערעמאָניעס געפרעגט מישקען.

— אין אַרמיי קיין מאָל ניט געדינט.

מיטן גאַנצן רעספּעקט צו מישקעס רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט, וואָס מען האָט געקענט אַרויסלייענען פון פרעגבויגן, זענען זיינע אַקציעס געפאַלן ביז צו דער ערד.

— יאָ, טייערער, דאָ זענען דרשות ניט דאָס וויכטיקסטע.

— געוויס — האָט מישקע איינגעשטימט.

זיי זענען אַרויס פון ביוראָ, געשטאַנען, געקוקט אויפן פּלאַץ וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט פאַר זיי. ס'איז עמעצער פאַרבייגעגאַנגען מיט אַ מיליטערישן אויסזען: די וואָנצעס פאַרדרייט אַרויף, דאָס היטל שטאַרק אויף אַ זייט, מיט אַ שריט און האַלטונג פון אַן אויסגעדינטן זשואַוו.

—פון וואַנען קומסטו? — האָט דער פאַראַנטוואָרטלעכער, פאַרהאַלטנדיק אים, אַ פרעג געטאָן.

— פון טוניס.

— אין דער אַרמיי געדינט?

— פופצן יאָר אין פרעמדן־לעגיאָן.

דער פּאַראַנטוואָרטלעכער האָט מיט אַ ברייטן שמייכל אַ קלאַפּ געטאָן אים אויפן אַקסל און געלאָזט אים ווייטער שפּאַצירן.

אין דער גרופּע צו וועלכער מישקע איז צוגעטיילט געוואָרן, האָט זיך געפונען אַ קאַפּראַל פון דער פּוילישער אַרמיי. ער האָט עס באַקומען די אויפגאַבע צו לערנען די גרופּע און געטאָן עס מיט גרויס פלייס. די באַפעלן האָט ער געגעבן אין פּויליש: „אַכטונג! רוען! מאַרש! שטיין! רעכטס! לינקס! מאַרש! שטיין! אַכטונג! רוען!" ער האָט געוואָרפן די באַפעלן און נאָכגעפאָלגט ווי אַזוי זיי ווערן אויסגעפירט.

— גוט, וואָס דו לערנסט אונדז צו מאַרשירן ווי מען דאַרף, אָבער דו מאַכסט עס אַזוי ערנסט — האָט מישקע באַמערקט.

— וואָס הייסט? דו ווייסט, ווי וויכטיק עס איז אַ זעלנערישע האַלטונג? ווען דאָס וואָלט געווען אַ ריכטיקע אַרמיי, וואָלט איך אייך געוויזן...

— וואָס דהיינו?

— איר וואָלט ביי מיר געמאַכט: פאַלן, אויפשטיין, פאַלן, אויפשטיין, פאַלן, אויפשטיין! לויפן, פאַלן, לויפן און מיט פולער אַמוניציע אויף די פּלייצעס. און וואָלט ווען ניט געפעלן — איז נאָך אַ פּאָר ציגל אין רוקזאַק!

דער קאַפּראַל האָט גערעדט מיט אַ טעמפּאָ פון אַ קאָמפּאַניע אין שנעלן מאַרש. מישקע האָט אים ניט איבערגעהאַקט. אינעם מוח האָט זיך אים געפּלאָנטערט דאָס פראַנצייזישע ווערטל: „אין קריג איז ווי אין קריג!"

נאָך אַ וואָך אָפּזיין אין פיגעראַס זענען די נייע רעקרוטן, צווישן זיי אויך מישקע, געשיקט געוואָרן ווייטער. די רעפּובליק איז געווען אין סכּנה. זי האָט זיך געניטיקט אין סאָלדאַטן. שוין אין די פּאַרטיידיקונג־שלאַכטן פון אַראַגאָנער פראָנט האָט מישקע אָנטיילגענומען. אין זיי איז ער דורכגעגאַנגען זיין פייער־פּראָבע. ער האָט צום אָנהייב אַרויסגערופן אַ ביסל געלעכטער. קליין און מאָגער איז ער געווען, די ביקס גרעסער פון אים. אָבער ס'איז באמת ניט געווען קיין צייט צום פּאַראַדירן. מען האָט באַדאַרפט

ל׳יגן אין שטויב, איינגראָבן דעם קאָפּ אין דער ערד, ווען די יונקערס און קאַפּראַנים האָבן באַלייגט די פּאָזיציעס מיט באָמבעס און די אַרטילעריע האָט געזייט פייער און גערויסן שטיקער.

ווען דער שׂונא איז נאָך אַזאַ הוראַגאַן־פייער פון אויבן און פון אונטן אַריבער אין אַנגריף, האָט מען באַדאַרפט ניט נאָר אָפּשטויסן דעם אָנגריף, נאָר אַפילו אַריבערגיין אין קעגן־אַנגריף. דערצו האָט זיך פאַרלאַנגט אויס־דויער, אָבער נאָך מער — מאָראַל! און דאָס האָט מישקע געהאַט. ער איז הויך געשעצט געוואָרן אין יענע שווערע טעג. און שווערע טעג זענען עס געווען. ניטאָ קיין ערגערס פאַר אַ סאָלדאַט ווי גיין פון מפּלה צו מפּלה. ס׳טרעט אויף דאָס געפיל פון אַ געיאָגטער חיה. מישקע האָט געטרוימט פון אַ זיג, פון לויפן פאָרויס נאָך אַן אַנטלויפנדיקן שׂונא. דערווײַלע האָט די אָפּענסיווע פון פראָנט אָנגעהאַלטן, דערלאַנגענדיק שווערע קלעפּ דעם רעפּובליקאַנער לאַגער. ס׳זענען געפאַלן שטעט ווי קאַספּע, בעלטשיטע. ס׳איז לסוף פאַרנומען געוואָרן ווינאַראָז, וואָס האָט אָפּגעשניטן דעם צענ־טראַלן פראָנט פון אַראַגאָן און קאַטאַלאָניע.

עס זענען אָנגעשטאַנען שטילע טעג. דער שׂונא האָט געמוזט פאַרהאַלטן זיין אָפּענסיווע בכדי צו פאַרדייען זיינע נצחונות. די רעפּובליק האָט די דאָזיקע נצחונות פון שׂונא ניט געהאַלטן פאַר ענדגילטיקע — זיך געגרייט מיט די לעצטע כוחות אָפּצונעמען דאָס פאַרלוירענע.

אין די דאָזיקע רויִקע טעג האָט חברה געמאַכט שווערע, קאָמפּליצירטע מיליטערישע צוגרייטונגען צו עפּעס גורלדיקס. אַלע סימנים האָבן געוויזן, אַז עס האַנדלט זיך אין אַן אַקציע פון אַ גרויסן מאַשטאַב.

— ווערסט אין קורצן זען די פאַשיסטישע פּאָדעשוועס — האָט דער באַטאַליאָן־קאָמיסאַר איינגערוימט מישקען אין אויער.

מישקע האָט פאַרשטאַנען, אַז דער געפּלאַנטער אָנגריף וועט דורכגע־פירט ווערן אין קורצן. אַזוי איז עס אויך געשען. אין איינעם אַן אָוונט, אין די שפּעטע יולי־טעג, האָבן די איינהייטן זיך גערירט אין וועג אַריין — צום טייך, צום עבראָ. ס׳האָט געדויערט. די איינהייטן זענען געגאַנגען צו פוס צענדליקער קילאָמעטער — זאָל דער שׂונא ניט זען קיין פייערל, זאָל צו אים ניט דערגיין דאָס גערויש פון מאַשינען. ס׳האָט זיך פאָרויסגערוקט

אַן אַרמיי; אַן אַרמיי וואָס איז נעכטן געווען אַ געשפּענסט, איז אויפגע־שטאַנען מיט אַ באַנייטן כּוח — צום קאַמף. אין דער לעצטער נאַכט, ווען אַלץ איז געווען אויפן אָרט, זענען אין נאַכטיקן חושך געשטעלט געוואָרן שיפלעך אויפן וואַסער — אַן אַרמיי האָט זיך גענומען באַוועגן צום צווייטן ברעג. אויף די פּלייצעס פון די סאַפּיאָרן זענען אויפגעשטעלט געוואָרן פּאָנטאָנענע בריקן. ס׳זענען אַריבער טאַנקען, האַרמאַטן און זיך געגרייט צום אָנגריף. אַן אַרמיי האָט זיך געאײַלט, ווייסנדיק, אַז דאָס וואָס וועט גענומען ווערן ביז דער שׂונא וועט דערוואַכן, קען דעצידירן וועגן נצחון. די רעפּובליקאַנער אַרמיי האָט מיטן ערשטן שפּרונג פאַרנומען מערערע שטעט און שטעטלעך. דער שׂונא האָט באַקומען אַ מעכטיקן קלאַפּ.

מישקע איז אַריבער דעם טײַך מיט די ערשטע אײנהייטן. מיטן שיין פון טאָג האָט ער זיך געפונען אין אַ נייער סביבה. דער שטח האָט זיך געצויגן אַרויף צו. אונטן האָט זיך געשלענגלט און געזילבערט די עבראָ. אויף צפון און מערב האָבן זיך געהויבן הויכע בערג, קאַבאַליאָס און פּאַנ־דאָלס. שוין פון יענעם ברעג האָט מישקע געזען די דאָזיקע בערג. איצט האָט ער זיי געזען אין זייער פולער גרייס. זיי האָבן זיך געצייכנט הויך, מאַיעסטעטיש. מישקע האָט זיך מיט אַ מאָל געזען צוריק אין די קאַרפּאַטן, טאַטרעס. מער ווי שטענדיק האָט ער איצט, אין אָנבליק פון דער מעכטיקייט פון דער נאַטור, זיך דערפילט קליין, און די בערג אַרום האָבן געקוקט שווייגנדיק, גלייכגילטיק, פרעמד.

דער שׂונא האָט שוין לאַנג דערוואַכט פון זיין איבעראַשונג און באַגאָסן די אָנגרייפער מיט אַ שטאַרקן פייער פון אויבן, פון אונטן, פון אַלע זייטן. „פייער, וואָס מען באַקומט בעתן פאָרויסמאַרש — האָט פעסטגעשטעלט מישקע — האָט אַ גאַנץ אַנדערן טעם. מען פילט עס כּמעט ניט״. דאָס ערשטע מאָל אין זיין פראָנטלעבן האָט ער פאַרזוכט דעם גוטן טעם פון פאָרויסגיין, פאַרנעמען פיינדלעכע פּאָזיציעס.

דער שׂונא האָט געשפּיגן מיט פייער, געשפּיגן אָן אַ סוף, אָן אויפהער, וואָס אַ מאָל שטאַרקער, געדיכטער. ער האָט געדריקט מיט זיין איבער־וועגנדיקן כּוח. ס׳איז קלאָר געווען, אַז ער וועט ניט שלום מאַכן מיט זיינע פאַרלוסטן.

מישקע איז שוין געווען אין פייער פון אַנגרייפנדיקן און פאַרויס־מאַרשירנדיקן פיינד, אָבער אין פייער וואָס גרייט צו אַן אָפּענסיוועִ, איז ער איצט געווען צום ערשטן מאָל. חברה האָט געוווסט, מיט וואָס עס שמעקט און האַסטיק געריסן שטיקער פון דער ערד, געגרייט די פאַרטיי־דיקונג־פונקטן, גוט זיך צו פאַרשטעקן אין זיי. שטאָל און בליי האָבן באַלייגט די בערג.

מישקע און זיינע חברים זענען געלעגן אומבאַוועגלעך, דאָס אויג אויפן ציל, דער פינגער אויפן צינגל — געוואַרט אויפן שׂונא. אָונט־צו, ווען מישקע האָט דערהערט אַרום זיך דאָס קנאַלן פון די מאַשין־געווערן, ביקסן, גראַנאַטן, האָט ער זיך דערפילט זיכערער: חברה איז דאָ! דער שׂונא איז איבערראַשט געווען, ניט געקענט באַגרייפן, ווי אַזוי נאָך אַזאַ הוראַגאַן־פייער אין משך פון גאַנצן טאָג, זענען נאָך געבליבן מענטשן, מענטשן וואָס לעבן און נאָך מער — וואָס שטעלן אַ ווידערשטאַנד. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט ניט איין מאָל. עס זענען געפאַלן חברים, אָבער די פאַרקלענערטע צאָל קעמפער האָט ביי די געבליבענע פאַרשטאַרקט דעם ווילן אויסצוהאַלטן, געשטאַרקט דעם מוט.

ווייט זענען געווען די טעג פון אָנגריף און פאַרויסמאַרש... דאָס וואָס איז ניט דערגרייכט געוואָרן מיטן ערשטן שווונג, איז געבליבן אין די הענט פון שׂונא. איצט איז בלויז געבליבן די פאַרטיידיקונג — אַ פאַרטיי־דיקונג, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף זייער באַגרענעצטע מיטלען. מוט האָט ניט אויסגעפעלט, אָבער מיט מוט אַליין האָט נאָך קיינער קיין פּאָזי־ציעס ניט איינגענומען. און די פּאָזיציעס פון די פאַרטיידיקער האָבן זיך ביסלעכווייז גענומען קרישלען. אַ פּאָר מאָל איז דער אָנגרייפער כמעט ווי אַריינגעדרונגען אין די אָקאָפּעס. ער איז צוריקגעוואָרפן געוואָרן מיט געווער און פויסטן. לסוף האָט מישקעס איינהייט, אַ שטאַרק אָפּגעשוואַכטע, געמוזט אויפגעבן איר פּאָזיציע און זיך צוריקציִען אַ פּאָר קילאָמעטער און דאָרטן אויף ס׳ניי זיך גרייטן צו דער פאַרטיידיקונג. אַ ביסל ווייטער פון פייער האָט זיך איינגעשטעלט דער קאָנטאַקט מיטן הינטערלאַנד און מען האָט געקענט באַקומען אַ ביסל וואַרעם עסן פון דער פעלדקיך.

ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט און ס׳איז ווידער איינגעשטעלט געוואָרן דער

קאָנטאַקט מיטן שונא. דאָס לעבן אונטערן פייער־האָגל האָט זיך באַנייט. די שלאַכט האָט געדראָשן די רייען. די פאַרבליבענע ביים לעבן זענען געווען באַוואַקסן, שוואַרץ, אָפּגעטעמפּט.

— מישקע! — האָט אַנטעק אַ געשריי געטאָן — דו שלאָפסט!

— וואָס פעלט דיר איין?

— דו שלאָפסט און שיסט!

— ס׳גייט אַליין, וואָס?

מישקע האָט אַ טרייסל געטאָן דעם קאָפּ, צוגעדריקט די ביקס. ער האָט געקוקט אַרום זיך. אַלע זענען געלעגן ווי ער — האַלב אין דרעמל, האַלב אויף דער וואַך און פון צייט צו צייט געשאָסן.

ס׳איז געווען אַ גרויער פרימאָרגן, אָנגעלאָדן מיט פייער, מער ווי יעדער פרימאָרגן. דאָס פייער האָט זיך געטראָגן פון די דערבייִיקע בערג־לעך, וועלכע די פראַנקיסטן האָבן נאָר וואָס פאַרנומען. שווער געווען איצט זיך צו האַלטן אונטער אַ פייער פון דריי זייטן.

— גרייטן זיך אָפּצוטרעטן! — איז געגאַנגען דער פּאַראָל.

מישקע האָט צוזאַמענגענומען זיינע זאַכן אין רוקזאַק, אַרויפגעלייגט אויף זיך די פּאַטראָנעס און מיט דער ביקס אין האַנט גענומען פויזען צום אַרויסגאַנג. די זון איז שוין געשטאַנען הויך. דער שטח איז געווען אַן אָפענער. מען האָט באַדאַרפט אַריבער אויפן רוקן פון באַרג און פון דאָרטן אַראָפּלאָזן זיך אין טאָל און, געשיצט פון באַרג, קומען נענטער צום עבראָ־ברעג.

ס׳איז געווען אַ טייוולאָניש פייער. דער שונא האָט דערלאַנגט פון אַלע מינים געווער: אַרטילעריע, מאַשין־געווער און די אַוויאַציע האָט אויסגעע־לאָדן איר מערדערישן באַלאַסט.

מער ווי צוריקציִען זיך, בלייבט ניט — האָט געטראַכט מישקע. טיף איינגעבויגן, די ביקס פעסט אין האַנט, איז ער אַריבער אויפן צווייטן באַרג און איבער זיין רוקן — צום טאָל צו. דער טאָל האָט זיך געצויגן, אַ גריגער, געשלענגלט זיך צווישן בערגלעך צום טייך צו.

— די „פּאַוועס“ קומען! — האָט זיך דערהערט אַ רוף אין שפּאַניש. אַזוי האָט מען גערופן די פראַנקיסטישע באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען. צוגע־

דריקט צו דער ערד, האָט מישקע אַרויפגעקוקט צו די שוואַרצע פּונקטן, וועלכע האָבן זיך געצייכנט אויפן האָריזאָנט. דעם אַרום האָט אָנגעפילט אַ שווער זשומען.

אַ קאָמישע זאַך — האָט מישקע געטראַכט — פון דער ווייטן זענען זיי שטענדיק אין אַ זייט. ווען זיי קומען אָבער נענטער, פליִען זיי תּמיד איבער דיר! ער האָט געקוקט אַרויף און געשפּילט זיין שפּיל אין אַזעלכע פאַלן: אָ, איצט, זענען זיי ווייט. ווען זיי וועלן אַראָפּלאָזן די באָמבעס, וועלן זיי צו אונדז ניט דערגיין!

די עראָפּלאַנען זענען געקומען נענטער.

אָ, איצט איז געפערלעך. איצט, שאַ, האַלט אין דעם אָטעם. אויב זיי וועלן איצט...

אין אַ ווײַלע שפּעטער זענען די שווערע עראָפּלאַנען געווען גלייך איבערן קאָפּ.

איצט מעגן זיי וואַרפן וויפל זיי ווילן, זיי וועלן פאַלן ווייטער!

די עסקאַדרע איז פאַרביי און אַראָפּגעלאָזט איר לאַדונג. די בערג האָבן געציטערט. דער אַרום איז פול געוואָרן מיט שטיקער ערד און שטויב. אַ שטיק ערד האָט זיך אַריינבאַקומען אין מישקעס מויל.

— טפוי — האָט ער אויסגעשפּיגן און צוגעדריקט זיך צו דער ערד, שיצנדיק דעם קאָפּ מיט ביידע דלאָניעס. אויפן האָריזאָנט האָט זיך באַוויזן אַ צווייטע עסקאַדרע. זי איז געפלויגן שווער, פּאַמעלעך, ווי זוכנדיק דאָס פּאַסיקע אָרט פאַר איר גרויליקן באַלאַסט. געפלויגן אין דער ריכטונג פון טאָל.

עס זענען געפאַלן באָמבעס גרויסע, קליינע — אָן אַ צאָל, אָן אַ סוף. דער טאָל האָט געציטערט, ווי אומבאַקאַנטע ריזנהענט וואָלטן אים גע־שליידערט אַרויף, אַראָפּ, רעכטס, לינקס — אַן ערד־ציטערניש, אַ גיהנום. דאָס זשומען האָט זיך דערווייטערט.

מישקע איז געלעגן אָן באַוווּסטזיין. אַנטעק, זיין נאָענטסטער חבר האָט אים געהאַלטן דעם קאָפּ, געריבן די שלייפן.

— האַלט זיך, מישקע, מיר וועלן דיך אַרויספירן.

מישקע האָט זיך אָנגעשטרענגט, אַ קוק געטאָן. אויפן אָרט פון די פיס

האָט ער געזען אַ בלוטיקע מאַסע. ער האָט זיך געוואָלט אונטערשפּאַרן אויף דער רעכטער האַנט, אונטערהויבן זיך אַ ביסל. די רעכטע האַנט האָט קיין קראַפט ניט געהאַט. ער האָט דערפילט אַ מוראדיק ווייטיק און איז אַראָפּ־געפאַלן אויף דער ברוסט. אַנטעק האָט געגלעט זיין קאָפּ, געריבן די שלייפן.

— מישקע, האַלט זיך — האָט אַנטעק פאַרלוירן איבערגעחזרט — מירן דיך אַרויסברענגען פון דאַנען, האַלט זיך, מישקע!

— דערשיס, אַנטעק, דערשיס — האָט געמורמלט מישקע — און גיי ווייטער.

— מישקע, האַלט זיך. וועסט זען...

— דערשיס, אַנטעק, דערשיס...

מישקע האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. מיט האַלב פאַרשווומענע אויגן האָט ער נאָך געזען דעם סילועט פון באַרג פאַנדאָלס. די באַרגקייט קאַבאַ־ליאָס האָט געצייכנט אַ פאַרנעפּלטן האָריזאָנט. צו זיינע אויערן איז דער־גאַנגען אַ גערויש — איז עס געווען פון ווינט, וואָס האָט געבלאָזן פון דער באַרגקייט? איז עס געווען פון עבראָ, וואָס האָט ניט ווייט אַוועק זיך געשלענגלט זילבערדיק? צי איז עס גאָר געווען דאָס גערויש פון אונדזער ליבן לובלינער וואַלד פון אַמאָל, וואָס איז אַהערגעקומען ווידער אים איינצושלעפערן און איצט — צום לעצטן מאָל?

## פון פּוילישן טאַרג ביז שפּאַניע...

ווען איך טראַכט וועגן ישׂראל האַלבערסבערג, זע איך לובלין, די נאָווע־גאַס, די שוויענטע־דוסקע מיט זייערע זייטנגעסלעך. כ׳זע די געשעפטן דאָרטן פון שפּייז, פון קליידער, גלאָז, אייזן־אַרטיקלען, וועלכע נעמען אַרום אין אַ ברייטן קרייז דעם פּלאַץ, ווו עס געפינט זיך דער פּוילישער טאַרג.

יאָ, דעם טאַרג זע איך נאָך, הער און פיל אים ביזן היינטיקן טאָג און גאַנץ באַזונדערש — די ספּעציעלע טאַרגטעג. די פויערשע פורן שטייען אַרום און אַרום. די בודקעס און סטראַגאַנעס זענען באַלייגט און באַהאָנגען

מיט קליידער, שיך, פּאַטשערקעס, שפּייזפּראָדוקטן. אויף די דראָטן, איבערן פייער, פּרעגלט זיך קאָלבאַס, פון וועלכן עס טריפט דאָס פעטס. די פויערים דרייען זיך אַרום, קוקן, טאַפּן, דינגען זיך. אַ געפּילדער, אַ טומל טראָגט זיך אין דער לופט, צוגעדעמפּט מיט ריחות פון ציבעלעס און קנאָבל, פון בייליק און לעבער...

די בודקעס און סטראַגאַנעס געהערן אין גרעסטן טייל צו פּאָליאַקן. דאָ און דאָרטן האָט אויך אַ ייִד זיין אָרט. טאַקע דאָ האָט אויך האַלבערס־בערגס טאַטע געהאַט זיין געשעפט מיט ליימענע טעפּ — טעפּ גרויסע, קליינע — אויף מילך, אויף קעז, אויף וואַזאָנעס. האַלבערסבערגס דער־ציילונגען וועגן זיין טאַטן האָבן מיין געדאַנק תּמיד צוריקגעבראַכט צום דאָזיקן אָרט, צום פּוילישן טאַרג און זיין סביבה.

פון דאַנען איז עס ישׂראל האַלבערסבערג אַוועק אין די קריזיסטעג פון מאַי 1929 אויף זיין וואַנדערוועג פון לובלין קיין דייטשלאַנד. אָבער אויך אין דייטשלאַנד איז די לאַגע געווען אַ שווערע. מיליאָנען אַרבעטס־לאָזע, שאַרפע סאָציאַלע קאָנפליקטן, פאַרביטערטע קאַמפן צווישן סאָציאַ־ליסטן, קאָמוניסטן און נאַציס. אין דער לופט האָט זיך נאָך געטראָגן דער אָפּקלאַנג פון דער שיסעריי, מיט וועלכער די פּאָליציי האָט געשטורעמט די באַריקאַדעס פון רויטן וועדינג. די ווײמאַרער קאָנסטיטוציע האָט גאַראַנ־טירט פולע דעמאָקראַטישע פרייהייטן און די ברוינע באַטאַליאָנען האָבן דערפון גענאָסן. זיי האָבן זיך געגרייט צו דער טייוולאָנישער שפּיל. היטלערס דעוויז איז געווען לויט ביסמאַרקן — אייזן און בלוט! ניט געווען קיין אָרט און צייט צו זוכן שוץ און אַרבעט. נאָך אַ קורצן פאַרבלייב אין בערלין איז ישׂראל אַוועק ווייטער — אָן אַ וויזע, אָן אַ פּאַספּאָרט, אומלעגאַל — קיין פּאַריז.

די פראַנצייזישע פרייהייט האָט אים אַ בליץ געטאָן פאַר די אויגן. דער גלאַנץ פון פּאַריז, איר שיינקייט און רייכקייט האָבן אים פאַרכּישופט. אָבער ווי אַן אומלעגאַלער עמיגראַנט מיט ליידיקע קעשענעס, ווערט דער טראָט איבער די שענסטע גאַסן שווערער מיט יעדן טאָג.

דער קריזיס אין פראַנקרייך האָט זיך פאַרשטאַרקט. די ייִדישע פאַבריקלעך און וואַרשטאַטן האָבן שווער געאָטעמט, און אויך דאָ האָט

האַלבערסבערג ניט געפֿונען קיין אַרבעט. ער האָט זיך געפֿילט פֿאַרפֿאָלגט פֿון אַ שׂונא, וואָס מוטשעט זיין קערפּער, ברעכט זיין געמיט. אַזאַ איז ער ניט געווען דער איינציקער.

צווישן אָט די פֿאַרצווייפֿלטע האָט דער פֿראַנצייזישער פֿרעמדן־לעגיאָן געפֿאַנגען זיינע קרבנות. אַ פּלאַקאַט וואָס האָט געוויזן אַ געזונטן, פֿון זון אָפּגעברענטן חברה־מאַן אינעם ווייסן לעגיאָנערן־קעפּי, האָט געמאַניעט און גערופֿן: „דער פֿרעמדן־לעגיאָן גיט דיר אַן אינטערעסאַנט און ווערדיק לעבן!״ אַלץ איז צוגעזאָגט געוואָרן: אַ גוטער לוין, קליידונג, שטאַרקע איבערלעבונגען און לסוף — פֿראַנצייזישע בירגערשאַפֿט און אַ סומע געלט, אָנגעזאַמלט אין משך פֿון פֿינף יאָר! אַזוי פֿיל גוטע זאַכן האָבן גערעדט צום געמיט פֿון הונגעריקן, היימלאָזן. און אָנגענומען צו ווערן אין לעגיאָן קאָן יעדער איינער (אַ קאָמיסיע דאַרף נאָר פֿעסטשטעלן, אַז ער איז געזונט), ווייל אָפּשטאַם, נאַציאָנאַליטעט, עלטער גייען קיינעם ניט אָן! אַלע זענען דאָרטן גוט!

וואָס האָט אַ לובלינער בחור געקענט וויסן, וואָס שטעקט הינטער אַזאַ פּלאַקאַט, וואָס רופֿט צו אַנגאַזשירן זיך אין לעגיאָן? האַלבערסבערג איז אַריינגעפֿאַלן אין דער נעץ און פֿאַרטראָגן געוואָרן קיין סידי־בעל־אַבעס, אין מאַראָקאָ.

פֿונעם דאָזיקן מענטשן־מאַטעריאַל, האָבן די פֿראַנצויזן, אונטער דער בראָטנדיקער סאַהאַראַ־זון, ביי אַ מערדערישער דיסציפּלין און שווערער מושטירונג אויסגעשמידט אין די אינטערעסן פֿון פֿראַנקרייך זייערע לעגיאָן־איינהייטן, איינגעפֿלאַנצט אין זיי אַ ביטול צום טויט.

שווערע פֿינף יאָר זענען עס געווען — יאָרן פֿון פּיין, שיכּרות, קאַמפֿן אין הייסן זאַמד. דער סאָלידער ישׂראל האַלבערסבערג האָט אַלץ אויסגעהאַלטן. נאָך אוממענטשלעכע, גרויליקע פֿינף לעגיאָן־יאָרן איז ער, מיט אַ פֿראַנצייזישן פּאַספּאָרט און אַפֿילו מיט געלט אין קעשענע, צוריקגעקומען אויף די בולוואַרן פֿון פּאַריז.

אויך צו זיין צוריקקומען קיין פֿראַנקרייך האָט ישׂראל דאָ קיין גן־עדן ניט געפֿונען. ס׳איז געווען דאָס יאָר 1937. קולות פֿון גרויל און מאָרד זענען דערגאַנגען פֿון היטלעריסטישן דייטשלאַנד. די מלחמה איז שוין געהאַנגען

אין דער לופט. אין שפּאַניע האָט זי שוין, זינט אַ יאָר, אָנגענומען קאָנ־קרעטע, בלוטיקע פאָרמען — אַ מלחמה קעגן פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם. זיין נייער פראַנצייזישער פּאַספּאָרט און דאָס אָנגעזאַמלטע געלט האָבן מיט אַ מאָל פאַרלוירן ביי אים יעדע באַדייטונג. פון פראַנקרייך קיין שפּאַניע איז געווען בלויז אַ טראָט — שוין אין מערץ 1937 איז ער דאָרטן געווען!



צו די געוועזענע סאָלדאַטן פון פרעמדן־לעגיאָן, ווי צו מענטשן פּאָלי־טיש פרעמדע, מיט אַ ניט קלאָרער פאַרגאַנגענהייט, האָט מען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי. ס׳האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און האַלבערסבערג איז געוואָרן נאָענט און האַרציק מיט אַלע זיינע מיטקעמפער. ער איז געווען אַן אויסגעשולטער סאָלדאַט, מיט אַן אייזערנער דיסציפּלין, און אַזעלכע האָט די נאָר וואָס פאָרמירטע שפּאַנישע פאָלקסאַרמיי ניט געהאַט קיין סך.

אין דער דאָמבראָווסקי־אײנהייט איז ער גלייך אויסגעוואַקסן צו אַ ביישפּיל פון מיליטערישער קענטשאַפט און מוט. ער האָט גיך אַוואַנסירט צום סערזשאַנט. ווען ס׳האָט זיך, סוף דעצעמבער 1937, פאָרמירט אַ באַזונדערע ייִדישע אײנהייט, די באָטווין־קאָמפּאַניע, איז ער גלייך אַריבער אַהין און באַקומען די אָנפירונג פון אַ פּלוטאָן. אָנהייב 1938, בעת דער ערשטער שלאַכט פון דער אײנהייט, טיף אין שונאס שטח, אויף דער סיעררא קעמאַדאַ, בראָש פון זיין פּלוטאָן, באַווייזט ער ווונדער פון גבורה. די קליינע אײנהייט אונטער זיין באַפעל נעמט אין געפאַנגענשאַפט אַ פיינדלעכע באַטעריע מיט איר קאָמענדאַנט און מאַנשאַפט. די שלאַכט איז געווען אַ ביטערע. די אײנהייטן, וויניק צוגעגרייטע, ניט פאַרהאַרטעוועטע אין קאַמף, האָבן געליטן שווערע אבדות. אין די אַ קאַמפן האָט האַלבערס־בערג באַוויזן זיין הויכן מיליטערישן ניוואָ, אַ דאַנק וועלכן ער האָט גע־שפּאָרט זיין אײנהייט אַ סך קרבנות.

דאָך איז דער איבערגאַנג פון פרעמדן־לעגיאָן צו דער אינטערנאַציאָ־נאַלער בריגאַדע ניט געווען פאַר אים קיין לייכטער. דאָס איז געווען אַ

מיליטערישע אייגהייט פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. ער האָט געמוזט באַקעמפן געוווינהייטן, וועלכע האָבן זיך ניט אַריינגעפּאַסט אין די נייע ראַמען.

— אַ סוף צום ביטערן טראָפן! — האָט ער אַ געוויסן טאָג באַשלאָסן, און מיט זיין אייזערנעם ווילן פאַרענדיקט מיט אַ געוווינהייט, וועלכע איז אין משך פון פינף יאָר געווען אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון זיין לעגיאָ־נערן־לעבן.

האַלבערסבערג האָט ניט געהערט צו קיין פּאַרטיי. ער איז אָבער גיך מיטגעריסן געוואָרן. מיר זעען אים באַלד ווי איינעם פון די טעטיקסטע פּאָליטישע טוערס אין דער אייגהייט. „ס׳איז אַ קאַמף קעגן היטלערן און מוסאָליניך״ — האָט ער געטענהט און מיט לייב־און־לעבן זיך באַמיט אויפ־צוקלערן דעם ענין די סאָלדאַטן און שטאַרקן זייער קאַמפגייסט.

אין פייער פון שלאַכט איז געוואַקסן זיין פּאָליטישע רייפקייט און אויך זיין מיליטערישע קענטשאַפט. אין דער גרויסער עבראָ־אָפענסיווע איז ער שוין אַ לייטענאַנט. ווען דער קאָמענדאַנט פון דער באַטאַליאָן־קאָמפּאַניע, עמנואל מינק, איז אַוועק אין דער מיליטער־שול, איז האַלבערסבערג באַ־שטימט געוואָרן אויף זיין אָרט. ווען זיין פּאָליט־קאָמיסאַר איז פאַרוווּנ־דעט געוואָרן אין שלאַכט, איז האַלבערסבערגן צוגעטיילט געוואָרן אויך די דאָזיקע פאַראַנטוואָרטלעכע פונקציע.

אין אַ שווערער שלאַכט דעראָבערט האַלבערסבערג, בראָש פון זיין אייגהייט, דאָס שטעטל קאָרבעראַ. די פאַרביטערטע שלאַכט גייט ווייטער אָן. צוויי טעג נאָכן איינגעמען קאָרבעראַ, דעם 30סטן יולי 1938, אין די קאַמפן פאַר גאַנדעסאַ, איז ישׂראל האַלבערסבערג, דער לעגענדאַרער קאָמענדאַנט פון דער באַטאַליאָן־קאָמפּאַניע, העלדיש געפאַלן. לעבן גאַנדעסאַ, ניט ווייט פון טאָרטאָסאַ, ווו אין די פינצטערע יאָרן פון מיטל־עלטער האָבן שפּאַנישע ייִדן געפירט דעם באַרימטן דיספּוט קעגן דער קאָרומפּירטער קאַטוילישער היעראַרכיע, האָבן אים זיינע חברים געבראַכט צו אייביקער רו.

האַלבערסבערג האָט געהאַט אַ געטרייען פאַרבינדלער, אַ פּויערים־זון פון דער אַלמעריאַ־געגנט, מיטן נאָמען סאַנטשעס אַראָן (דער נאָמען זאָגט אונדז עפּעס). ווען סאַנטשעס אַראָן איז שטערבלעך פאַרוווּנדעט געוואָרן,

האָט ער מיט די לעצטע כּוחות זיך צוגעשלייכט צו זיין באַליבטן קאָמענדאַנט, כּדי זיך מיט אים צו געזעגענען. די געזעגענונג איז ניט געווען אויף לאַנג. אויף דער שפּאַנישער ערד זענען, זייט ביי זייט, געבליבן סיי דער פּויערים־זון פון דער אַלמעריאַ־געגנט, סיי דער זון פון יידישן לובלין, דער קאַפּיטאַן (נאָך זיין פאַלן איז ער דערהויבן געוואָרן אין ראַנג) — ישׂראל האַלבערס־בערג.

אַ לאַנגן וועג האָט ישׂראל אַדורכגעמאַכט פון פּוילישן טאַרג ביז אויף די שלאַכטפעלדער פון שפּאַניע — אַ וועג פון ליידן און קאַמף.

# „יפים הלילות בכנען"...

ס'איז געווען אין פולן זומער, אַרום צוויי אַ זייגער. זומערצייט, צווישן די עקסטרעמאַדוראַ־פעלדער איז ניטאָ קיין באַוועגונג. ס'איז הייס, דער־מידנדיק הייס. דער פּויער רייסט איבער זיין אַרבעט, זעצט זיך אונטער אַ בוים. ער טרינקט זיין, מיט וואַסער געמישטן, וויין פון אַ פּעלזאַק, וועלכן ער האַלט אין אַ נאַסער, קאַלטער שמאַטע, כּדי צו דערהאַלטן אים קיל און פריש. ער פרעסט מיט די דלאָניעס דעם זאַק, וועלכן ער האַלט הויך איבערן קאָפּ, און דער וויין, מיט אַ דינעם שטראַם, מאַכנדיק אין דער לופט אַ לייכטן בויגן, גיסט זיך גלייך אין מויל אַריין. געשטילט דעם דאָרשט, דרעמלט ער אַ ביסל אָדער זיצט און לאָזט פון זיך אַרויס אַ נאָגנדיקן פלאַמענקאָ, וואָס ציט זיך מעלאַנכאָליש ווי אַ טענה צום רבונו־של־עולם. די פּויערים־זין אין דער אַרמיי זענען געבליבן געטריי זייער געוווינהייט — אין די דאָזיקע שעהען קומט עס זעלטן וועץ צו אַ שיסעריי.

מיט פּאַמעלעכע טריט האָבן זיך דאַווידעק און יאָנאַס גענענט צו אַ נאָענטן איילבירטן־בוים. אַ מאָדנע געשטאַלט האָבן די דאָזיקעביימער. קוקסטו אויף זיי, זעעסטו פרויען מיט שווערע קערפּערס, טראָגנדיק מערערע זשיראַנדאָלן, געריכט צום הימל; אָדער קאַריאַטידעס מיט אַ סך הענט וואָס טראָגן דיר אַנטקעגן מתּנות. איילבירטן־ביימער זענען ניט ווי בעריאָז־קעס צי דעמבעס וואָס האָבן גלייכע שטאַמען. אונטן, צו דער ערד צו, איז דער דאָזיקער בוים פול מיט קאַרבן, אוממעגלעך זיך אָנשפּאַרן אין אים. מען זיצט אָדער ליגט לעבן אים, געניסנדיק בלויז פון זיין שאָטן.

דאַווידעק און יאָנאַס האָבן זיך צוגעזעצט לעבן בוים, די סאָלדאַטישע העמדער צעכראַסטעט, די אַרבל פאַרקאַטשעט. ס'איז געווען הייס. דאַווידעק האָט זיך ניט איבערגענומען מיט דער היץ. ער האָט דערציילט וועגן טאַטן און די שטיקלעך, וועלכע ער האָט אים אָפּגעטאָן.

— עך, דאַווידעק, דאַווידעק — האָט אים איבערגעריסן יאָנאַס, וועלכער

האָט ניט דורכגעלאָזט קיין איין געלעגנהייט צו פאַרטשעפּען אים — צו וואָס האָט עס דיר געטויגט? הכשרה? חלוץ?

— נו וואָס, ניט צו ניץ געקומען די הכשרה? אַ נו, גיב אַ קוק אויף די הענט, אויף די מוסקלען. אַ כלאָפּ, געזונט־אייזן, אַ?

דאַווידעק, אַ פאַרדאַרטער, אַ פאַרגרינטער, האָט זיך אויפגעשטעלט, און ווי אַ גיבור אויפן יריד, דעמאָנסטרירט זיינע מוסקלען, וועלכע ער האָט אָנגעצויגן ביז ס׳האָט אים אָטעם פאַרפעלט.

— אייזן, האַ?

יאַנאַס האָט ניט אָפּגעלאָזט:

— וואָס האָסטו אויפגעטאָן מיט דיינע מוסקלען?

— וואָס הייסט? כ׳האָב געאַרבעט! פעלדאַרבעט און ווען ס׳האָט אויס־געפעלט, בין איך אַריבער אויף בויאַרבעט אין שטאָט...

— כ׳שטעל זיך פאָר דיך ווי אַ בוי־אַרבעטער — האָט יאַנאַס ווייטער איראָניזירט.

— האָסט געמעגט זען!

— און דו האָסט געזען, דאַווידעק?

— וואָס אַן אמת איז — דאַווידעק האָט זיך צוריקגעזעצט — איז עס ניט געווען אַזוי גלאַטיק, אָבער ניט צוליב מיין שולד. געווען דאָרטן אַ קבלן, אַ פּאָדריאַטשיק, אין ראשון, הערסט, אין ראשון־לציון, האָט ער מיך אָנגענומען, אָבער די אַרבעט האָט ער נאָך ניט געהאַט אָנגעהויבן. ער האָט דערוויילע איינגעקויפט ברעטער. אַז ער וועט האָבן גענוג בוי־מאַטעריאַל, האָט ער געטענהט, וועט ער זיך נעמען בויען. האָב איך מיט אַנדערע חברה געהאָלפן „פאַרשאַפן" בוי־מאַטעריאַל. מיר זענען געווען אַ חברה, הערסט, אַ צען יינגלעך ווי איך. אַז ס׳איז געקומען דער פרימאָרגן, האָבן מיר גענומען טאַשטשען פון אומעטום, פון וואַנען ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט — ווער אַ טיר, ווער אַ פענצטער, אַ ברעט, און עס געבראַכט אויפן בויפּלאַץ. דער קבלן האָט געצאָלט פאַר יעדער ברעט, פאַר יעדער זאַך. אָוונטצייט האָבן מיר פון דער צווייטער זייט פּלויט אַרויסגעגנבעט די זעלבע ברעטער און טירן און צו מאָרגנס ווידער זיי געבראַכט צו אונדזער קבלן.

— און ער האָט זיך ניט געכאַפּט?

— אַ יאָלד וואָלט ער געווען! געווען איז עס צוליב אַ טיר, צוליב אַ געלער טיר. כ׳האָב געוווּסט, אַז די דאָזיקע טיר וועט אונדז פאַרשיטן. דאָס איז געווען זאַביקס טיר, אַ געמאַלעוועטע אויף געל. נאָך צוויי מאָל טראָגן די טיר האָב איך געזאָגט: „זאַביק, הער אויף, גענוג! די טיר וואַרפט זיך אין די אויגן, זי שרייט דאָך פּשוט״. און ער, זאַביק: „ניין און נייך, אַ טייערע טיר, אַ גרויסע, ניט קיין שווערע און לאָזט זיך גוט טראָגן. כ׳האָב זיך שוין צוגעוווינט צו איר״. און וואָס מיינסטו, ס׳איז ניט געשען ווי כ׳האָב געזאָגט? צום דריטן מאָל ווען זאַביק האָט געטאַשטשעט די טיר, האָט דער קבלן, שטייענדיק ביים טירל, פאַרזשמורעט אַ ווײַלע די אויגן און אַ זאָג געטאָן: „היי, חברה, פון וואַנען נעמט איר עפּעס אַזוי פיל געלע טירן?״

— וואָס פאַר אַ געלע טירן? — האָט זיך זאַביק געמאַכט תּמעוואַטע.

— וואָס הייסט, וואָס פאַר אַ? נעכטן האָט איר געבראַכט אַ געלע טיר, אייערנעכטן האָט איר געבראַכט אַ געלע טיר.

נעכטן אַ געלע טיר? — האָט חוצפּהדיק געלייקנט זאַביק — וואָס פאַלט אייך איין?

דער קבלן האָט זיך געהאַלטן ביי דאָס זייניקע.

— קום, וועל איך דיר ווייזן!

זיי זענען געגאַנגען, געזוכט, און ווי דו שטעלסט זיך פאָר — קיין געלע טירן האָט דער קבלן ניט געפונען. געווען איז ער אַ שטיקל אַן „אייגענער״. האָט ער אַ קוק געטאָן אויף זאַביקן, אויף אונדז און, מיט אַ האַלב פאַרזשמורעט אויג, אַ זאָג געטאָן:

— חברה, ס׳וועט זיין גענוג. מער קיין בוי־מאַטעריאַל דאַרף איך ניט! דערמיט האָבן מיר פאַרענדיקט אונדזער „אַרבעט״ ביי אים. וואָס דער זאַביק האָט פון אונדז אַריינגעכאַפּט, פרעג שוין בעסער ניט.

— וואָס האָסטו ווייטער געטאָן? — האָט געפרעגט יאַנאַס.

— געדרייט זיך אַ ביסל מיט די הענט אין די טאַשן, געשפּאַצירט פון קיבוץ צו קיבוץ און לסוף ווידער געפונען אַרבעט ביים בוי.

— ווידער געשלעפּט טירן, פענצטער?

— אָ, ניין. דאָס מאָל געשלעפּט ציגל, וואַפּנע. אַ פּראָלעטאַריער, אַ?

— דאַווידעק האָט ווידער אָנגעשפּאַנט זיינע מוסקלען.

— און ווי אַזוי ביסטו געקומען קיין שפּאַניע?

— פרעג ניט. געקומען צו מיר אַ חברטע מיט אַ בלאַטשעק פון דער „רויטער הילף", כ'זאָל ביי איר קויפן פאַר צען פּיאַסטער.

— האָסט געקויפט?

— איי, איי, פּאַמעלעך! כ'האָב זי געפרעגט, צי זי האָט ניט פאַר אַ ביסל ביליקער. זי האָט מיר אויפגעקלערט וועגן פּאָליטישע אַרעסטירטע, געהאַלטן אַ גאַנצן רעפעראַט. לסוף האָב איך אָפּגעדונגען אויף פינף פּיאַסטער און געקויפט.

— און דערנאָך?

— דערנאָך בין איך געקומען קיין שפּאַניע.

— אַזוי, מיט אַ מאָל?

— ס'איז ניט געווען מיט אַ מאָל. ראשית בין איך געוואָרן זייער מיד...

— דאַווידעק, שוין ווידער מיט דיינע וויצן?

— נו יאָ, כ'בין געוואָרן זייער מיד. כ'בין מער געזעסן ווי געשטאַנען, פאַרשטייסט? ווי נאָר אַ שטרייק, אַ מאַניפעסטאַציע, אַ מיטינג, האָט מען מיך באַלד גענומען. געוואָרן אַ שטענדיקער גאַסט ביי דער פּאָליציי, אין תפיסה. ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף אין שפּאַניע, האָט מיר איין מאָל, בעת אַזאַ „באַזוך" דער פּאָליציי־קאָמיסאַר געזאָגט: „ביסט אַזאַ קעמפער, וואָס זשע זיצסטו דאָ? פאָר קעמפן קיין שפּאַניע". כ'האָב געעפנט מויל־און־אויערן. „וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר?" — האָט דער קאָמיסאַר געפרעגט. „מירן דיר אַפילו געבן געלט אויף אַ שיפסקאַרטע, אַבי פאָר! לאָמיר פון דיר פטור ווערן!" „אויף אַן אמת?" — האָב איך אַ פרעג געטאָן. „מען דאַרף דיך דאָ נייטיק האָבן!" — האָט דער קאָמיסאַר געזאָגט. „וועל איך מיר איבערלייגן". איך האָב אָנגעפרעגט ביי חברה און באַקומען די עצה: אָננעמען דעם פאָרשלאַג! זאָלן זיי געבן געלט אויף אַ שיפסקאַרטע. אין פּאַריז וועל איך זיך אָנשליסן אין דער גרופּע פון אונדזערע חברים פון פּאַלעסטינע, וועלכע פאָרט די טעג אַרויס קיין שפּאַניע.

— און וואָס מיינסטו — האָט דאַווידעק פאַרגעזעצט — זיי האָבן מיר ניט געגעבן קיין געלט אויף אַ שיפסקאַרטע?

יאַנאַס, וואָס איז איצט געלעגן אויפן רוקן, די צוויי דלאָניעס אונטערן קאָפּ, האָט גלייך פעסטגעשטעלט:

— האָסט געמאַכט אַ ריזן־געשעפט מיט די פינף פּיאַסטער, וועלכע האָסט געגעבן דער אַקטיוויסטקע.

— קענסט זאָגן וואָס דו ווילסט, אָבער זי איז געווען אַ סוחרטע. זי האָט אַגיטירט, געזאַמלט געלט, אַקטיוו געווען פאַר צען — פייער און פלאַם!

— זי האָט לאַנג געפלאַמט?

— אוי, דו קענסט ניט פאַלעסטינגע! איין מאָל, בעת אַן אַקציע, האָט די פּאָליציי פאַרהאַלטן חיהן. חיה האָט זי געהייסן. און אַז זי איז אויף דער נאַכט ניט אַהיימגעקומען, איז די מאַמע, צו מאָרגנס, געלאָפן אין פּאָליציי.

— אייער חיה — האָט מען איר דאָרטן געזאָגט — איז אַ קאָמוניסטין!

— מיין חיה אַ קאָמוניסטין? טפו! — האָט די מאַמע אויסגעשפּיגן — אַן איינפאַל!

— איר שפּייט אויפן קאָמוניזם — האָט דער שוטר, אַ פּאָליציאַנט, הייסט עס דאָרטן, אַ זאָג געטאָן — אָבער אייער חיה שפּייט ניט אויפן קאָמוניזם. אַדרבא, זאָל זי שרייען: „נידער מיטן קאָמוניזם!" און אויס־שפּייען!

— פירט זי אַריין — האָט די מאַמע אויסגערופן — וועל איך אייך ווייזן!

מען האָט אַריינגעבראַכט חיהן. זי איז געווען מיד, אויסגעמוטשעט נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט. ווען די מאַמע האָט זי דערזען, איז זי צוגעפאַלן צו איר:

— טאַכטערשי קרוין, שריי „נידער מיטן קאָמוניזם" און שפּיי! חיה, שריי און שפּיי!

— כ׳ווייס ניט — האָט דאַווידעק פאַרענדיקט — ווי אַזוי חיה האָט געהאַנדלט, אָבער ביים נאָמען „חיה, שריי און שפּיי" איז זי געבליבן.

דאַווידעק האָט געשפּאַסט. ער האָט אַלץ גענומען פון דער הומאָריסטי־

שער זייט. ניט ווייניק שלאַכטן האָט ער מיטגעמאַכט און שטענדיק אויפ־געשווומען אַ שפּאַסנדיקער, אַ לאַכנדיקער. שוין אין די ערשטע טעג נאָך זיין אָנקומען אין שפּאַניע, איז ער אַוועק מיט דער 13טער בריגאַדע, מיטן טשאַפּאַיעוו־באַטאַליאָן, אויפן קאָרדאָווער פראָנט. ביים אָנגריף אויף לאָפּעראַ איז ער פאַרוווּנדיקט געוואָרן אין פוס. ווען ער איז אַרויס פון שפּיטאָל, האָט מען אים ניט געוואָלט שיקן מער אין זיין אינפאַנטעריע־איינהייט. מען האָט אים צוגעטיילט צו דער אַרטילעריע. מיט איר האָט ער מיטגע־מאַכט די שווערע שלאַכטן אַרום ברונעטע, אויפן מאַדרידער פראָנט און איז ווידער אַ מאָל צוריקגעקומען אויפן דרום־פראָנט, צווישן וואַלסעקיליאָ און פּעניאַראָיאָ.



אַ סנאַריאַד האָט דורכגעשניטן די לופט און איינגענורעט זיך אין דער ערד מיט אַ טויבן פּליוך.

— אַ בליינדער! — אַזוי האָבן מיר גערופן סנאַריאַדן, וואָס האָבן צוליב וועלכער עס איז סיבה — פּייכטער פּולווער, אַ טעכנישער פעלער — ניט אויפגעריסן. סנאַריאַדן האָבן גענומען דורכשניידן די לופט, אָנפילנדיק דעם אַרום מיט אַ רייסן און פּייפן.

יעדערער איז אַוועק אויף זיין אָרט. פון אָבסערוואַציע־פּונקט איז גע־קומען אַ באַפעל:

— צו די קאַנאָנען!

איינס־צוויי זענען די קאַנאָנען באַפרייט געוואָרן פון זייער מאַסקירונג. די איינהייט איז גרייט געווען צו אינטערווענירן. אַ זיבן קילאָמעטער פאַר אונדז איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף פאַר צוויי סטראַטעגישע בערג: על מעדיקאָ און מאַנאָ דע היערראָ. איצט האָבן מיר באַדאַרפט געבן אונדזער צושטייער.

— לאַדענען!

דאַווידעק איז געווען דער אַמוניציע־מאַן ביי זיין קאַנאָן. דאָס האָט ער דערלאַנגט די פּולווער־זעקלעך צו די 47קילאָיִקע האַרמאַטנקוילן. ער האָט

דערלאַנגט פלינק און פליסיק, באַגלייט יעדן זעקל מיט אַ געהעריקער „ברכה״ פאַר פראַנקאָן און זיין משפחה, ספּעציעל פאַר זיין מאַמען...

— אָט קוקט, ווער ס׳איז דאָ דער כלאָפּ — האָט געשיינט צו זאָגן יעדע זיינע באַוועגונג צו די אַרומרינגלענדיקע אים פּאָליאַקן, אוקראַיִנער.

אַרום און אַרום האָט זיך געשטאַרקט דאָס געטומל. דער פראָנט האָט זיך אָנגעצונדן: פון איינצלנע שאָסן, ווייטע אָדער נאָענטע, איז עס אַריבער־געגאַנגען צו מאַשין־געווער־שאָסן, לייכטע, שווערע, ס׳האָבן זיך איינגע־פלאָכטן קאַנאָנען־שאָסן, איינצלנע, מערערע, ביז אַ הוראַגאַן־פייער. ס׳איז געוואָרן אַ הייסער נאָכמיטאָג. פייער האָט געזעצט פון הימל, און פייער איז געשטאַנען די ערד. ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ טייוולאָנישער פאַרמעסט צווישןביידע זייטן פראָנט — ווער וועט וועמען איבערשטייגן. דאָס לאָדן, דאָס שיסן איז געוואָרן אַ געוועט־געיעג. שנעלער, שנעלער, דערלאַנג, דערלאַנג! ערשט דער באַפעל: „איבעררייסן דאָס פייער! מאַסקירן די קאַנאָנען!״ האָט אָפּגעקילט די געמיטער, זיי צוריקגעבראַכט צו זייערע נאָרמאַלע ראַמען. ווידער האָט זיך דאָס אָרט פאַרוואַנדלט אין אַ פרידלעכן טאָל, באַצירט מיט ביימער און קוסטעס.

ס׳האָט אַראָפּגענידערט דער אָוונט. ווי גלייכגילטיק צו אַלץ, וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעטאָן אין משך פון טאָג, האָט זיך דער הימל אויסגעשלייערט אין די בונטסטע פאַרבן, ווי דאָס וואָלטן על גרעקאָ, מורילִיאָ, וועלאַסקעז און גאָיאַ פאַרלייגט זייער אַטעליע, פון דער אַנדערער זייט הימל, און געשמירט אים מיט פּורפּור־רויט, מאַטן ראָז און בלאַסן גרוי. צווישן אונדז געזאָגט, דער דאָזיקער מאַיעסטעטישער הימל האָט זיך גאָרניט אַריינגע־פּאַסט אין דעם קריגערישן אַרום.

אָוונט צו האָט די באַטעריע ניט געשאָסן. דער פּלאַם וואָס האָט זיך באַקומען ביים שאָס, וואָלט אין דער פינצטער פאַרראַטן דאָס אָרט, וווּ די קאַנאָנען זענען געשטאַנען. איז דעריבער חברה געווען פריי. מען האָט געשמועסט, געשטיפט, זיך פאַרווײַלט. אין יענע מאָמענטן האָט דאַווידעק ניט געהאַט זיינס גלייכן. יעדן איינעם האָט ער געהאַט וואָס אָנצובאָטן. אין זיין געבוירנשטאָט, גראָדנע, האָט ער איינגעזאַפּט ווערטלעך, לידער פון די פאַרשיידענע פעלקער, וואָס האָבן זיך דאָרטן געטראָפן: ייִדן, פּאָליאַקן,

רוסן, ווייסרוטן. געזידלט האָט ער זיך אין העברעיִש און רוסיש, אָבער לידער האָט ער געזונגען אין אַלע שפּראַכן. צי אין פּוילן, צי אין פּאַלעס־טינע האָט ער אויפגעכאַפּט דאָס ליד פון פּוילישן אַרבעטסלאָזן — אַ לאַנג ליד וועגן אַרבעטער, וואָס פאַלן פון פּאָליציייִשע קוילן, און איבער די גאַסן טראָגט זיך אַ מעכטיק געזאַנג...

דאָס ליד האָט זיך געצויגן לאַנג, מאָנאָטאָן, מרה־שחורהדיק. אָבער חברה האָט זיך צוגעהערט. דער ניגון איז געווען באַקאַנט, די ווערטער — היימישע. קוים פאַרענדיקט דאָס ליד, האָט ער שוין געזונגען אין ייִדיש:

„טאַטע־מאַמע, קינדערלעך, בויען באַריקאַדן,

אין די גאַסן גייען אום אַרבעטער־אָטריאַדן...”

דאָס ליד האָט אין זיך געהאַט ריטעם, וואָס איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן דורך דאַווידעקס קנאַקן מיט די פינגער פוןביידע הענט, ווי אַ שפּאַנישע טענצערין מיט קאַסטאַניעטן. חברה פון דער איינהייט האָט ניט קלאָר געוווּסט, אין וואָס עס גייט. בלויז די ווערטער „באַריקאַדן”, „אָטריאַדן” האָבן עדות געזאָגט, אַז עס האַנדלט זיך אין אַ רעוואָלוציאָנער ליד. דער ניגון איז געווען אַ לעבעדיקער. די הענט האָבן זיך אַליין געלייגט צום צופּליעסקען צום טאַקט.

חברה האָט זיך דערוואַרעמט, און שוין האָט דאַווידעק פאַרצויגן דאָס אוקראַיִנישע ליד:

„רעוועט טאָ סטאָגניעט דניפּר שיראָקי,

סערדיטי וויכער זאַוויוואַ...”

ער האָט געצויגן דאָס ליד און דער מעלאַנכאָלישער ניגון איז אויפ־געכאַפּט געוואָרן דורך חברה, זיך צעגאָסן מעכטיק, געוואָרן שטורמיש און גלייך ווי ער האָט זיך געענדיקט, האָט זיך אין דער לופט צעטראָגן אַן אַנדערער ניגון, אַ שפּרינגענדיקער. ס׳איז וועגן אַרויס מיט איינגעבויגענע קניִען, מיט פאַרלייגטע הענט, אַ צווייטער איז אַנטקעגן געגאַנגען אין דער זעלבער פּאָזע — ס׳איז אַוועק אַ קאָזאַטשאָק, אַ לעבעדיקער, אַ פייערדיקער. מען האָט שוין געזונגען אַ גאַנץ אַנדער ליד, גאָרניט קיין מעלאַנכאָליש, וואָס אַ מאָל העכער, שטאַרקער, די הענט האָבן פלאַמיק געפּאַטשט. ס׳האָט זיך בלויז געהערט דער ריטמיש דערמונטערנדיקער: „היי, היי!”.

אָנגעהאָצקעט זיך, צעיאַכמערט, האָט חברה זיך פאַמעלעך צוגעזעצט. אָבער דאָ האָט דאַווידעק אַרויסגעלאָזט, אַט אַזוי זיך, סתּם אין דער טונקעלער, באַשטערנטער עקסטרעמאַדורער נאַכט אַריין:

„יפים הלילות בכנען
צוננים הם ובהירים..."

דאַווידעק האָט פאַרצויגן אַ ביסל אונטער דער נאָז, געמאַכט הוויות מיט די אויגן, געדרייט מיט די פינגער, עס זאָל זיין מזרחדיק, ספּעציעל ביים רעפריין:

„יללת תנים נוגה
תחצה דמי הליל..."

דאַווידעק האָט געדרייט מיטן בויך, מיטן הינטן און אין דער זעלבער צייט געדרייט זיך פאַמעלעך אַרום זיך, ווי די אָריענטאַלע טענצערינס דרייען זייערע קערפּערס ערגעץ־ווו אין אַן אַראַבישן נאַכטקלוב. חברה האָט געפּליעסקעט, אויגן האָבן געגלאַנצט.

— עך, דער אַראַבטשיק אונדזערער!

„יפים הלילות" איז געווען דער אייזערנער נומער פון דאַווידעקס רעפּערטואַר. ער האָט געמעגט זינגען לידער אָן אַ צאָל — אָן „יפים הלילות" וואָלט ער ניט יוצא געווען. מען האָט עס פון אים שטענדיק געפאָדערט. דאָס ליד האָט אים קונה־שם געווען. דערפאַר האָט מען אים אויך צוגעקלעפּט דעם נאָמען „אַראַבטשיק".

אין ברען פון שלאַכט צי אין שעהען פון רו האָט פון דאַווידקען געזעצט פרייד, האָפערדיקייט וואָס האָט אָנגעשטעקט. מען האָט אים דערפאַר געדאַנקט.

*

— ס'וועט היינט זיין אַ רויִקער טאָג — האָט געזאָגט דער קאָמאַנדיר צום פייער־אָפיציר.

— צי קען איך געבן אַ פּאָר יאַטן אַ פרייען נאָכמיטאָג אין נאָענטן שטעטל אַריין? — האָט דער אָפיציר גלייך אַ פרעג געטאָן.

— ניט קיין שלעכטער געדאַנק — האָט באַשטעטיקט דער קאָמאַנדיר — אָבער זע, שליס דאָרטן אָן אויך דעם אַראַבטשיק, זאָל ער מאַכן אַ לעבן!

ס'האָט ניט לאַנג געדויערט און ס'איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ גרופּע, וואָס איז פריילעך אַוועקגעפאָרן אויף אַ לאַסטוואָגן אין שטעטל אַריין.

דאָס שטעטל איז געלעגן אַ 20 קילאָמעטער פון פראָנט, אַן אָרעם שטעטל, וואָס האָט קיין מאָל ניט געזינדיקט מיט קיין באַזונדערן גלאַנץ. אין משך פון טאָג איז דאָס שטעטל געווען פּוסט, ווי אויסגעשטאָרבן. ערשט אָוונט צו האָבן זיך געעפנט די קלייטלעך, די געציילטע קאַפעהייזלעך, און איבער דער הויפּטגאַס האָבן גענומען אַרומשפּאַצירן די איינוווינער. ס'האָבן זיך באַוויזן פּאָרלעך, גרופּעס מיידלעך, געאָרעמט דורך פריינדשאַפט צי אויס זיכערקייט אין די דאָזיקע מלחמה־טעג.

די קעמפּערס פון דער איינהייט זענען קיין גרויסע מומחים אין שפּאַניש ניט געווען. אין די ווייניקע מינוטן פון זייער זיין אין שטעטל האָט קיין רייד ניט געקענט זיין פון מאַכן „דעראָבערונגען".

— לאָמיר אַריינגיין אין קאַפע — האָט עמעצער פאָרגעלייגט.

— היידאַ, געגאַנגען!

מען איז אַריין אין קאַפע, צוזאַמענגעשלעפּט אַ פּאָר טישלעך, זיך צוגעזעצט, גענומען אַראָפּשלעפּן די בערעטן, פוראַזשערקעס — געמאַכט זיך באַקוועם. דער בעל־הבית פון קאַפע האָט זיך שוין געדרייט אַרום זיי. ס'האָט ניט לאַנג געדויערט און אויף די טישלעך האָבן זיך באַוויזן פלעשלעך און כּוסות מכּל המינים.

דער אַראַבטשיק איז אַריין אין זיין ראָלע. ער האָט יעדן אָנגעגאָסן, אויפגעהויבן דעם כּוס, געמאַכט אַ הילכיקן לחיים, געשאַפן שטימונג. קיין שווערע אַרבעט איז עס ניט געווען: צום טרינקען האָט מען די חברה ניט באַדאַרפט צוויי מאָל בעטן.

אין אַ געוויסן מאָמענט איז אויפגעשטאַנען יאַנעק, אַ פּוילישער קוילן־גרעבער פון צפון־פראַנקרייך, און אַ זאָג געטאָן:

— מיר'ן גיין!

— וווּהין? — האָט עמעצער געפרעגט.

— קומט! — האָט יאַנעק אַ קוועטש געטאָן מיטן לינקן אויג. חברה איז אויפגעשטאַנען, גענומען דעקן דעם חשבון דעם קעלנער.

— וואָס טוט זיך מיט אייך? — האָט דאַווידעק געפּרוווט רעאַגירן — וווהין קריכט איר אין אַזאַ פאַרוואָרפן לאָך קריגסצייט?

— קום, אַראַבטשיק, ס'וועט זיין פריילעך, וועסט זען!

— איך ניט! — האָט דערקלערט דאַווידעק — אויב איר ווילט — גייט. מיר וועלן זיך טרעפן אַ זייגער זיבן ביים לאַסטוואָגן.

חברה איז אַוועק. דאַווידעק איז געבליבן אַליין ביי זיין גלעזל וויין. ער איז געזעסן, געזופּט פון כּוס, געקוקט אויף די פאַרבייגייענדיקע, געוואַרט אויף דער אָפּגערעדטער שעה.

אַרום זיבן האָבן זיך די חברה־לייט מיט רעש און טומל, שטאַרק בגילופין, גענומען באַוויזן ביים לאַסטוואָגן. דאַווידעק האָט זיך דאָס מאָל געפילט אַ ביסל פרעמד, פאַרלוירן. אויפן וועג צוריק האָט ער ניט מיט־געזונגען. ווען ער איז צוריקגעקומען אין דער איינהייט, איז ער אַריין צו זיך אין פּאַלאַטקע, אַראָפּגעשלעפּט די שווערע שיך און זיך צוגעלייגט.

אין די אַרומיקע פּאַלאַטקעס האָבן די צוריקגעקומענע געטומלט, גע־זונגען, דערציילט וועגן די פאַרבראַכטע שעהען.

צו מאָרגנס איז אויפן פראָנט געשטאַנען אַ טאָג, ווי אַלע טעג: שיסעריי, דעקונג, שיסעריי מיט איבעררייסן — קלענערע, גרעסערע, אָן באַזונדערע נייעס. די נייעס איז געקומען ערשט אויפן פערטן טאָג. ביי זיבן פון די יאַטן, וואָס האָבן באַקומען אַ פרייען נאָכמיטאָג אין נאָענטן שטעטל אַריין, האָבן זיך באַוויזן סימנים פון גאָר ניט קיין כּבֿודיקער קרענק.

ווען די נייעס איז דערגאַנגען צו דאַווידקען, האָט ער ניט טריִומפירט. בלויז אויף זיין שטייגער, מיט דער רעכטער האַנט איבערגערוקט די פוראַזשערקע פון הינטן צום שטערן צו, כּמעט ביז די אויגן, און זיך אַ קראַץ געטאָן אין דער פּאַטיליצע.

אונטער דער השגחה פון סאַניטאַר איז מאָביליזירט געוואָרן אַ ספּע־ציעלער וואָגן צו פירן די קראַנקע צום דאָקטער.

דער קאָמאַנדיר פון דער איינהייט האָט זיך געביסן די נעגל. דער פייער־אָפיציר האָט זיך שטיל געזידלט: די איינהייט האָט זיך ניט געקענט

דערלויבן צו האָבן אַזוי פיל קראַנקע מיט איין מאָל, און דערצו — קראַנקע פון דעם סאָרט! דאָס קאַפּיטל איז אָבער נאָך ניט געווען פאַרענדיקט. אין די נאָכמיטאָג־שעהען האָט אַ ידיעה אויפגעטרייסלט די איינהייט: ערגעץ אויפן וועג צווישן פראָנט און שטעטל האָט אַ פיינדלעכע אויסשפּיר־עסקאַדרע גענומען אויפן ציל טראַנספּאָרט־איינהייטן און זיי באַשאָסן פון שווערן מאַשין־געווער. די עראָפּלאַנען האָבן דורכגעצויגן צוויי מאָל, באַ־שיסנדיק אויך אונדזער לאַסטוואָגן. דער שאָפער און דער סאַניטאַר האָבן, עפענענדיק די טירן פון דער קאַבינע, יעדערער פון זיין זייט, זיך אַרויס־געוואָרפן פון וואָגן אין גראָבן פאַזע שאָסיי, און זענען אָפּגעקומען מיט שרעק. פון די, וועלכע זענען געווען אין אויטאָ, זענען דריי געטראָפן געוואָרן צום טויט, צוויי שווער און צוויי לייכט פאַרוווּנדעט געוואָרן...



דאָס טאָג־טעגלעכע פּייער שלינגט איין געשעענישן. ניט צו באַמערקן ווען זיי קומען, ניט צו באַמערקן ווען זיי גייען אַוועק. ס׳בלייבט דאָס טאָג־טעגלעכע, דאָס עקסיסטירנדיקע און דער טרוים פאַרן מאָרגן.

די איינהייט איז גיך צוריקגעקומען צו איר גלייכגעוויכט. די ערטער פון די אומגעקומענע און פאַרוווּנדיקטע זענען אויסגעפילט געוואָרן דורך אַנדערע. אַלץ איז אַריין אין די נאָרמאַלע ראַמען.

דער פראָנט האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט. ס׳זענען פאַרביי טעג, און די איינהייט האָט קיין שאָס ניט אָפּגעגעבן. אין אַזעלכע טעג האָט מען פאַר־פעסטיקט די שוצפּונקטן, פאַרבעסערט די מאַסקירונג. חברה האָט אויסגע־ניצט די צייט אויף דורכקוקן אַ צייטונג אָדער שרייבן אַ בריוו. פון צייט צו צייט האָט מען זיך דורכגערעדט מיטן אָבסערוואַציע־פּונקט, זיך אינ־פאָרמירט, וואָס הערט זיך אין דער איינהייט, וואָס טוט זיך ביים שונא.

דער אָבסערוואַציע־פּונקט איז דאָס מאָל געווען אויף אַ טורעם פון אַ שלאָס אין בעלאַלקאַזאַר, אויף דער קאָרדאָווער ערד, אַן אַכט קילאָמעטער פון דער איינהייט. קיין הויכע פּונקטן האָבן זיך ניט געפונען אין דער נאָענט, האָבן מיר אויסגעניצט דעם דאָזיקן טורעם. דער שלאָס איז געווען

פֿון 15טן יאָרהונדערט. די צייַן פֿון דער צייַט האָבן זיך אין אים שוין גוט געהאַט איינגעביסן, אָבער אין אָנהייב 19טן יאָרהונדערט, אין נאַפּאָלעאָנישן קריג, האָט ער באַקומען זייַן לעצטן קלאַפּ.

דורך רויִנען, שטיינער־טרעפּ, צוגעשטעלטע ברעטער און לייטערס, איז מען דערקראָכן ביז צום טורעם. קלעטערנדיק איבער דער דאָזיקער חורבה וואָלטן סקאָט, בייראָן, מיצקעוויטש אין זייער ראָזער פֿאַנטאַזיע אַוודאי געזען דעם פּריץ, די שימערירנדיקע זשיראַנדאָלן, די באַלויכטענע זאַלן, די דאַמען אין פּולער פּראַכט. מיר האָבן געזען בלויז אָפּגעסמאַליעטע, דיקע ווענט, וואָס האָבן געשטיצט האַלב־לבנהדיקע סופֿיטן, אָפּגעחומערטע אָן אַ שטיקל גלאַנץ.

דער טורעם האָט זיך אויפֿגעהויבן הויך איבערן שלאָס. אויף אים איז געשטאַנען אונדזער בינאָקולאַר, ס'האָט זיך דאָרטן געפֿונען דער אָבסער־וואַציע־אָפּיציר מיט זייַנע אַדיוטאַנטן. די טעלעפֿאָניסטן זענען געזעסן אַן עטאַזש נידעריקער.

אין רויִקע טעג האָט יעדערער געוואָלט אַריבערפֿאָרן אין שלאָס, אָפּזיצן דאָרטן צוויי טעג, ביז דער נאָענטער אָפּלייזונג. ס'איז דאָרטן געווען ריינע לופֿט, אַ סך זון און צו דער זעלבער צייַט ווינטיק. צו פֿוס זענען געווען אויסגעצויגן די קאָרדאָווער פֿעלדער, וועלכע מען האָט געקענט זען אויף אַ מרחק פֿון 40 קילאָמעטער.

אין די דאָזיקע רויִקע טעג איז אויסגעפֿאַלן אויף דאַווידקען אַריבער־צופֿאָרן אויפֿן אָבסערוואַציע־פּונקט. פֿון טורעם האָט מען די באַטאַרייע ניט געזען, אָבער דאָס אָרט האָט מען געקענט לאָקאַליזירן — וויכטיק פֿאַר אַרטילערישע אויסרעכענונגען. דעם טורעם האָט מען אָבער גוט געזען פֿון דער באַטאַרייע. ער האָט אַרויסגעשטאַרצט פֿון צווישן די גרינע פֿעלדער אוןביימער, זיך בולט געמאַכט דורך זייַן ווייסקייט. מיר האָבן פֿון צייַט צו צייַט אויף אים געוואָרפֿן אונדזער בליק.

ס'איז געווען אַרום איינס, מיטאָגצייַט, ווען האַנאַס האָט אַ שטורכע געטאָן וולאַדעקן:

— קוק! — און געוויזן אויפֿן טורעם.

— יעי באָגו! — וולאַדעק האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ.

איבערן טורעם האָט זיך געמערקט אַ שטויב־סלופּ, אַזעלכער וואָס צייכנט אָפּ דאָס אָרט, ווו אַ סנאַריאַד רייסט זיך אַריין פאַרן אויפרייסן. דער בליק פון די קעמפּערס האָט זיך געווענדט צום טורעם. ווער ס׳האָט מיט דיזער האַנט פאַרשטעלט די אויגן, ווער ס׳האָט מיט געביילטע פויסטן געקוקט אַרויף צו, ווער ס׳האָט געשלאָסן די אויגן און געוואַרט אויפן צווייטן טייל — דעם פּלאַם און אויפרייס פון סנאַריאַד, דעם אומקום פון פינף ביז צען קעמפּערס מיט איין קלאַפּ. מען איז געשטאַנען פאַרשטאַרט. סעקונדעס זענען פאַרביי, סעקונדעס, ווי שעהען, און — גאָרניט!

— אַ בלינדער!

די שפּאַנונג האָט פּאַמעלעך נאָכגעלאָזט. די קעמפּערס האָבן זיך איבער־געקוקט, ניט פאַרשטאַנען, ניט געוואָלט גלייבן. נאָך איידער די איינהייט איז אַרויס פון פאַרגאַפונג, האָט זיך אָנגערופן דער טעלעפאָן. דער דיזשור־רירנדיקער האָט ממש אַ ריס געטאָן צו זיך דאָס טרייבל:

— איר האָט געזען? — האָט מען געפרעגט פון טורעם.

— געזען! וואָס איז געשען?

— אַ בלינדער! אַ זעץ געטאָן אין מויער, אָפּגעקראַצט אַ שטיקל, אַוועקגעפאַלן אויף אַ זייט און געבליבן ליגן שטיל — ניט אויפגעריסן!

— או־ף־ף־ף! — האָט אָפּגעבלאָזן דער דיזשורירנדיקער טעלעפאָניסט און ווייטער ניט געוואָלט מער ריידן. ער האָט איבערגעגעבן דאָס טרייבל.

אין ווייטערדיקן טעלעפאָן־שמועס האָבן די קעמפּערס פון טורעם איבערגעגעבן גענויערע פּרטים, אָנגעגעבן ווער ס׳איז געזעסן אַ מעטער, צוויי אָדער דריי פונעם אָרט, ווו דער סנאַריאַד איז געפאַלן.

— ווו איז דער אַראַבטשיק, דערלאַנג אים צום טעלעפאָן — האָט עמעצער געפאָדערט.

נאָך אַ לאַנגער ווײַלע האָט זיך פון דער צווייטער זייט ליניע דערהערט דאַווידעקס קול. צו ערשט אַ ביסל כריפּענדיק, דערנאָך שטאַרקער, זיכערער.

— אוהו, חברה, געוועזן לעבעדיק! געפאַלן אַ צוויי מעטער פון מיר!

— דאַווידעק, צוגרייטן דיר פריש וועש? — האָט עמעצער אַריינגע־שריִען אין טרייבל.

— היי, היי, זיי ניט קיין שטאַרקער! — האָט זיך געהערט דאַווידעקס קול — ווי האַלט עס מיט דיין אונטערוועש?

אין דער איינהייט איז אָנגעגאַנגען אַ לעבעדיקער וויכּוח וועגן דעם געשעעניש.

— ס׳לייגט זיך פּשוט ניט אויפן שׂכל — האָט קאָמענטירט דער פייער־אָפיציר — אַז אַן אַרטילעריע־סנאַריאַד פון 155 קאַליבער זאָל טרעפן אַ טורעם. דאָס געשעעט אפשר איין מאָל אויף טויזנט, אָדער גאָר אויף פינף טויזנט!

— אינטערעסאַנט, ווי די זאַך פאַלט אויס לויטן וואַרשיינלעכקייט־חשבון — האָט זיך אַריינגעמישט מאַקסימאָוויטש, וועלכער האָט געוואָלט אַלע פּראָבלעמען לייזן מאַטעמאַטיש.

— און אַז וועסט שוין מאַכן דעם חשבון — האָט דערגאַנצט דער פייער־אָפיציר — רעכן שוין אויס, וויפל אַזעלכע סנאַריאַדן דאַרפן טרעפן ביז איינער זאָל זיין אַ בלינדער...

אָוונט צו זענען נייע קעמפּערס אַוועק פאַרבייטן די, וואָס זענען געווען אויפן טורעם. צווישן די צוריקגעקומענע איז אויך געווען דאַווידעק.

חברה האָט ווידער דערציילט, ווי אַזוי ס׳איז פאָרגעקומען.

— און ווען דער סנאַריאַד וואָלט עקספּלאָדירט? — האָט עמעצער אַ פרעג געטאָן.

— וואָלטן מיר געפלויגן פון טורעם אָן אַן עראָפּלאַן! — האָט דאַווידעק פערליידיקט די פראַגע.



דאָס מזל האָט דאַווידעקן געשמייכלט אויך דאָס מאָל און נאָך און נאָך אַנדערע מאָל. ער איז אַדורך בשלום דעם שפּאַנישן קריג. איז אַריבער די שפּאַניש־פראַנצייזישע גרענעץ. ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער וועלטקריג, איז ער נאָך געזעסן אין לאַגער אין דרום־פראַנקרייך. מיט דער צייט איז ער מיט גוואַלד פאַרשלעפּט געוואָרן אין אַ פראַנצייזישער אַרבעט־קאָמפּאַניע ערגעץ קיין צפון־פראַנקרייך. דאָרטן איז ער אין אַ געוויסן טאָג

מיטגעריסן געוואָרן מיטן אַלגעמיינעם פּליטים־שטראָם פון פּאַריז קיין דונקערק. דאָרטן, אויף די וועגן פון נאָרמאַנדיע, אונטער די באָמבעס פון די דייטשישע סטוקאַס, האָט מען אים נאָך געזען, אָבער שוין צום לעצטן מאָל.

דאָס איז געווען אין אַ קלאָרער, באַשטערנטער יוני־נאַכט. פון צפון־ים האָט געבלאָזן אַ קיל ווינטל. ס׳האָט דערמאָנט אין די נעכט פון כנען... אָבער דאַווידעק האָט זיין לידל שוין מער ניט געזונגען.

# דער צעשטערטער טאַנץ

דער מיליטערישער אָרקעסטער האָט אַ זעץ געטאָן אין אַלע כּלים. איבערן גרויסן לענגלעכן זאַל האָט זיך צעפּראַלט דער ניגון „אָן אַריינפּיר צום אָקסנקאָמף". ס'האָבן געהילכט די טרומייטן, געפּויקט די פּויקן, און די טאָצן האָבן פון צייט צו צייט געצייכנט דעם הויכפּונקט פון רעש. דער ניגון, אַ לעבעדיקער, אַ באַקאַנטער, איז געווען ביי יעדן אין די פיס, אין די הענט, אין אַלע אֵברים.

דער זאַל איז ניט געווען פון די לוקסוסדיקע, ניט געהאַט קיין באַלקאָנען, אַפילו ניט קיין גאַלעריע, אָבער פאַרן קליינעם שטעטל, הינאָכאָסאַ דעל דוקע, אויפן דרום־פראָנט אין שפּאַניע, איז עס געווען גענוג.

אין די רייען זענען געזעסן די אָפיצירן פון שטאַב, די פאַראַנטוואָרט־לעכע פאַר די באַזונדערע אָפּטיילונגען, מיט זייערע פרויען. אין די ווייטער־דיקע רייען — די ציווילע באַפעלקערונג. ס'איז געווען אַ מונטערע שטימונג — אַזאַ אָוונט איז אַ זעלטענע דערשיינונג קריגסצייט.

אונדזער איינהייט האָט עס אָרגאַניזירט דעם דאָזיקן אָוונט מיטן ציל זיך צו דערנענטערן צו דער ציווילער באַפעלקערונג. מיר זענען דאָך געזעסן אַ 20־30 קילאָמעטער פון דאַנען, אין די טראַנשייען...

ביי אונדז זענען געווען פּאָליאַקן, טשעכן, בולגאַרן, רומענער — זאָל נאָר יעדע גרופּע געבן אַ ליד, אַ טאַנץ, וועט זיך באַקומען אַ פאַרביקע גאַמע פון פאָלקלאָר. אין דער מלחמהדיקער גרויקייט איז דאָס געווען אַ גוטער געדאַנק. פאַר אייניקע פון אונדז איז עס געווען באַזונדערש ליב — ניט געזאָרגט, ניט געטראַכט, און מיט איין מאָל געטראָפן אין שטאַב, גלייך פון פראָנט, און אויף אַ לאַסטוואָגן געבראַכט צו דער פאָרשטעלונג. פּשוט: זיץ, טו גאָרניט, קוק און האָב הנאה. פאַקטיש האָבן אויך מיר, אָפיצירן, סאָלדאַטן, געשפּילט אַ ראָלע: מיר האָבן רעפּרעזענטירט די איינהייט. קיין שווערע ראָלע איז עס ניט געווען.

דער מיליטערישער אָרקעסטער האָט פאַרענדיקט דעם מאַרש און געגומען שפּילן אַ פראַגמענט פון „קאַרמען" — אַ ריטמישן, אַ מעלאָדישן. ווען דער אָרקעסטער איז שטיל געוואָרן און די אַפּלאָדיסמענטן האָבן אויפגעהערט, האָט זיך אויפגעהויבן דער פאָרהאַנג און אויף דער בינע האָט זיך באַוויזן אַ העכערער אָפיציר, אַוודאי פון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג, און אויפגעקלערט דעם זינען פון אָוונט: די דערנענטערונג צווישן שפּאַניש פאָלק און די, וואָס זענען געקומען פון דער ווייטנס צו קעמפן פאַר שפּאַניעס פרייהייט. ער האָט אָנגעוויזן אויף דער ריי, וווּ מיר זענען געזעסן. ער האָט אַפּלאָדירט, דער זאַל האָט אַפּלאָדירט, מיר האָבן אַפּלאָדירט.

און איצט, איצט — האָב איך אַ טראַכט געטאָן — וועט אַוודאי איינער פון אונדז זאָגן אַ פּאָר ווערטער אין אונדזער נאָמען. אָבער ווער?

— אַ וואָרט אין נאָמען פון דער אינטערבריגאַדע — האָט געמאָלדן דער אָפיציר — באַקומט דער קאָמאַנדאַנטע דימיטראָף.

— אַז ס'זאָל אים ניט גוט ווערן — האָט מיך אַ שטורכע געטאָן דער אָפּעראַציע־אָפיציר יורעק נאַדלער, וואָס איז געזעסן לעבן מיר.

מיר האָבן דעם דימיטראָף ניט גערן געהאַט, געהאַלטן אים פאַר אַ פּוסטן נפש, אַ בופאָן. אויף שפּאַניש הייסט קאָמאַנדאַנטע — מאַיאָר; דימיטראָף איז קוים געווען אַ לייטענאַנט. איצט איז ער געשטאַנען אין שפּיץ פון שטאַב, ווייל דער קאָמאַנדירנדיקער אָפיציר איז גראָד אָפּגערופן געוואָרן. אייגנטלעך, מיטן נאָמען דימיטראָף איז אויך ניט אַלץ געווען אין אָרדענונג. געהייסן האָט ער גאָר דימיטריעוו, אָבער דער נאָמען דימיטראָף האָט אים געלאָקט, געוואָלט הייסן ווי זיין באַרימטער לאַנדסמאַן פון רייכס־טאַג־פּראָצעס געאָרגי דימיטראָף...

דימיטראָף איז געקומען צו אונדז מיט אַ גרופּע בולגאַרן פון ראַטן־פאַרבאַנד. דאָס האָט אים געגעבן אַ באַזונדערע דאָזע זעלבסטזיכערקייט. געכשרט און געפּרעגלט אין דער פּאָליטישער תורה, איז ווער נאָך ווי ער קען געבן לעקציעס וועגן בורזשואַזיע, פאַשיזם, רעוואָלוציאָנערן קאַמף, און דער עיקר — וועגן פּאָליטישער וואַכזאַמקייט? רוסיש האָט ער גוט באַהערשט. זיין אַקצענט איז געווען אַ ביסל אַ האַרטער, אָבער די ווערטער זענען ביי אים געפלאָסן. גערעדט האָט ער אָן צו פאַרהאַקן זיך, גערעדט

און גערעדט און גאָרניט געזאָגט. וואָס האָט ער שוין געקענט זאָגן, אַז קיין מיליטערישע קענטעניש האָט ער ניט געהאַט, קיין אָריגינעלן פּאָליטישן געדאַנק ניט פאַרמאָגט.

אַ קליינער, אַ קנאָכיקער, דעם אָפיציר־מונדיר זאָרגעוודיק פאַרצויגן, הויכע געלע פאַרשנורעוועטע שיך, גוט פאַרגלאַנצט, דער רעוואָלווער אויף דער לינקער זייט, איז דימיטראָף, כמעט אונטערשפּרינגענדיק ווי צו אַ טאָפּ מיט אַ געשמאַקן ביסן, אַרויף אויף דער סצענע. צוזאַמען מיט אים איז אַרויפגעקומען ליאָווע באָגוסלאַווסקי, אַ ייִדישער יאַט פון בעסאַראַביע, צום איבערזעצן.

— טאָוואַרישטשי! — האָט דימיטראָף אויסגעשאָסן. דער זאַל איז אויפגעציטערט געוואָרן, פאַרשפּיצט די אויערן. דימיטראָף האָט גערעדט זשעסטיקולירנדיק מיט דער פויסט, ווי קנעלנדיק אַ שווערע פּרשה. ער האָט איבערגעריסן פון צייט צו צייט. ליאָווע האָט איבערגעזעצט.

— ער זעצט ניט איבער ווערטלעך — האָט אַ פרוי וואָס איז געזעסן הינטער מיר, געזאָגט צו איר מאַן.

— פון וואַנען ווייסטו?

— ער האָט געזאָגט עפּעס וועגן פּעניאַראָיאַ — האָט די פרוי געענטפערט — און דער איבערזעצער האָט גאָרניט דערמאָנט וועגן דעם.

די פרוי איז געווען גערעכט. דימיטראָף האָט גערעדט נאַרישקייטן. געפּלאַפּלט, אַז באַלד וועלן מיר די פאַשיסטן געבן אַ לעקציע דאָרטן אין פּעניאַראָיאַ, ווו זיי פילן זיך אַזוי זיכער. מיר האָבן דעמאָלט באמת געגרייט אַן אָנגריף אויף פּעניאַראָיאַ.

ליאָווע האָט איבערגעזעצט געטריי בלויז ביים אָנהייב. דערנאָך האָט ער גענומען אימפּראָוויזירן.

— צי פאַרשטייט ניט דער ליאָווע קיין רוסיש? — האָט אַ פרעג געטאָן אַשטשעפּקאָ, אַן אוקראַינער, וואָס איז געקומען פון דרום־אַמעריקע און געקענט ביידע שפּראַכן.

— מאַך זיך ניט נאַריש — האָט ער גלייך באַקומען אַן ענטפער פון יורעקן — ער קען בעסער רוסיש פון דימיטראָפן. ווילסט, אַז ער זאָל איבערזעצן אַלע זיינע נאַרישקייטן?

דימיטראָפּס ווערטער זענען באמת געווען נישט צום איבערזעצן, און ליאָווע האָט לסוף דערלאַנגט אַן אייגענע דרשה. און רעדן צו פּאַרזאַמלטע האָט ליאָווע געקענט.

ווען דימיטראָף האָט פאַרענדיקט, בעסער געזאָגט — ווען ליאָווע האָט פאַרענדיקט, האָט דער עולם שטורמיש אַפּלאָדירט. דימיטראָף איז געווען זייער שטאָלץ. האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף ליאָוועס אַקסל און ביידע צוזאַמען האָבן פאַרלאָזט די בינע.

מיר האָבן אויך אַפּלאָדירט, געוואָלט שרייען „בראַוואָ, ליאָווע!", אָבער גלייך זענען אויף דער בינע אויפגעשווומען מיידלעך, אָנגעטאָן אין בונטע קליידער און מיט שנעלע ריטמישע טריט גראַציעז געשוועבט, געשאַפן אַ ראָד, צעגאַנגען זיך, ווידער צונויפגעגאַנגען, צעגאַנגען זיך אין צוויי זייטן, אין פיר זייטן, און ווידער געשוועבט אין אַ קאַראַהאָד — יונגע, שיינע, חנעוודיקע מיידלעך, אַ פאַרגעניגן געווען אויף זיי צו קוקן. אַ ביסל געשטערט דעם ספּעקטאַקל האָט סאַניקאָף, אַ בולגאַר, דער שעף פון דער שטאַבסוואַך. דאָס האָט ער, פון דער היים אַ לערער פון טאַנצן, אַוודאי צוגעגרייט מיט די מיידלעך דעם דאָזיקן נומער. ער איז געשטאַנען אויף דער בינע מיט אַ ווייס טיכל אין דער האַנט און מיט פינגערקנאַק געגעבן דעם טאַקט, אונטערשטרייכנדיק די פאַרשיידענע פאַזעס פונעם טאַנץ. אויפן פּאָן פון די שוועבנדיקע מיידלעך האָט ער אויסגעזען מגושמדיק, ווי אַ דיקער צירק־דירעקטאָר, וואָס אַנשטאָט אַ בייטש האַלט ער אַ טיכל און קנאַקט מיט די פינגער.

ס'האָט צעשטערט די עסטעטישע גאַנצקייט. אָבער בלויז אויף אַ ווייל. די מיידלעך האָבן פּאָרט געצויגן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט. זיי האָבן געשוועבט ראָד־אַריין, ראָד־אַרויס, ריטמיש, גלאַטיק. בלויז צום סוף, גאָר צום סוף, האָט איין מיידל פאַרפעלט דעם טאַקט און אַוועק אין אַ קעגנדיקער ריכטונג, געבליבן שטיין פאַרלוירן, פאַררייטלט. ס'איז שוין אָבער געוועןביים סוף. דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן. ווען ער האָט זיך ווידער אויפגעהויבן, איז דאָס מיידל געווען צוריק אויף איר פּלאַץ. דער זאַל האָט שטורמיש אַפּלאָדירט.

כ׳האָב געקוקט אויפן מיידל. זי איז געשטאַנען מיט אירע חברטעס פאַררייטלט, פאַרלוירן...

כ׳האָב זיך פאַרטראַכט און נישט באַמערקט, אַז דער אָוונט גייט ווייטער. אַרויסגעריסן מיך פון דער פאַרטראַכטקייט האָט אַ יונג בחורל, וואָס איז געשטאַנען אויף דער בינע און געזונגען אַ פלאַמענקאָ. פאַר מיר האָט דאָס פלאַמענקאָ־געזאַנג צום אָנהייב געקלונגען פרעמד, עקזאָטיש אָדער סתם, ווי אַ פרעמדע שפּראַך — הערסט אַ שלל פרעמדע קלאַנגען, ווייסט ניט ווו אַ וואָרט הייבט זיך אָן, ווו עס ענדיקט זיך. ס׳האָט געדויערט אַ צייט, ביז איך האָב זיך צוגעוווינט צום פלאַמענקאָ־געזאַנג, און ווי דער שפּאַניער, ווען דער זינגער גייט אַריין אין די הויכע טענער, זיי געצויגן, געדרייט, אַראָפּגענידערט, אַרויפגעשטיגן, איז מיין נשמה מיטגעגאַנגען, און לסוף אויף דער העכסטער מדרגה צוזאַמען מיטן גאַנצן עולם אַרויסגעשריִען דעם דאַנקעוודיקן „אָלע!”.

דאָס בחורל איז געשטאַנען, געזונגען מיט אַ קרישטאָלענער שטים, פריי, אָן גרענעצן. די פלאַמענקאָ־זינגער זינגען געוויינטלעך איין ליד און גייען אַוועק אויסגעשעפּטע. אָבער דאָס בחורל האָט געזונגען, געזונגען, קוים געענדיקט איין פלאַמענקאָ, האָט ער שוין אָנגעהויבן אַ צווייטן. ס׳איז געווען גוט צו זיצן, לאָזן זיך מיטרייסן מיט זיין קול, באַטייליקן זיך אין זיין קלאָגן זיך, טרוימען. ווו איז איצט געווען דאָס מיידל, וואָס האָט זיך פאַרלוירן אין טאַנץ? צי האָט דאָס פלאַמענקאָ־געזאַנג אויף אַ ווייל גע־מילדערט איר פּיין?

— פאַר וואָס לאָזט מען אים אַזוי פיל זינגען? — האָט אַ פרוי לעבן מיר שטיל פּראָטעסטירט.

עמעצער פון הינטער דער סצענע האָט אויף אַ דיסקרעטן אופן געגעבן אַ צייכן, און דאָס בחורל איז פאַרשוווּנדן אונטער רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן.

אויף דער סצענע האָבן זיך באַוויזן צוויי טשעכישע יאַטן, באַנושעק און טשערניק, מיט גיטאַרעס אין די הענט. זיי האָבן געזונגען אַ דועט. די טשעכישע ווערטער מיט די פעלנדיקע וואָקאַלן האָבן זיך געפליקט פון זייער מויל ווי די סטרונעס אונטער זייערע פינגער. זיי האָבן געזונגען אַ מאַטראָסן־ליד. וואָס פאַר אַ נבזהדיקע זאַכן האָבן זיך אין דעם ליד ניט

אָפּגעטאָן? די שפּראַך פון מימיק איז כּמעט אומעטום די זעלביקע — קיין טשעכיש האָבן די שפּאַניער ניט געקענט. אָבער זיי האָבן פאַרשטאַנען דעם אינהאַלט און אויפגענומען די לידער מיט הייטערקייט און אַפּלאָדיסמענטן.

ס׳איז געגאַנגען נומער נאָך נומער. די רומענער האָבן געזונגען אַ דוינאַ, די אוקראַיִנער האָבן געזונגען וועגן ווינט, וואָס וויעט איבער די בערג, וועגן דניעפּר און טאָקע פאַרענדיקט מיט אַ קאַזאַטשאָק.

אויפן וועג צוריק אין דער איינהייט זענען מיר פאַר די אויגן פאַרביי די פאַרשיידענע נומערן. אַלץ איז געגאַנגען ווי געשמירט, בלויז פאַר די אויגן האָט מיר אַלץ געשוועבט דאָס פאַררייטלטע מיידל, וואָס האָט זיך פאַרלוירן אין טאַנץ...



— דער דאָקטער איז אַרעסטירט!

די נייעס האָט זיך פאַרשפּרייט בליץ־שנעל. אישטוואַן ראָט, דער דאָק־טער פון אונדזער איינהייט, איז אַרעסטירט. פאַר וואָס? ווי? מען האָט אים אַרעסטירט, ווען ער איז געריטן אויף אַ פערד פון פעלד־לאַזאַרעט צום שטאַב. ער איז געריטן צווישן די פראָנט־ליניעס. ווי אַזוי איז ער דאָרטן צוגעקומען? האָט ער געוואָלט אַריבער צו די פאַשיסטן? דערווייל איז ער געזעסן אין שטאַב — אַזאַ מין הויזאַרעסט. מ׳האָט אים פאַרווערט צו פאַרלאָזן דעם בנין. ער איז געזעסן אין שטאַב, אָן אַ ספּעציעלער דאגה, און געוואַרט, אַז דער ענין זאָל אויפגעקלערט ווערן.

ווען כ׳בין אין צוויי טעג אַרום צוריקגעקומען פון אָבסערוואַציע־פּונקט, האָב איך גלייך, אַ טויט מידער, זיך געלייגט שלאָפן. אַ ברעזענט, אָנגעצויגן אויף צוויי אין דער לענג אויפגעשטעלטע טירן, צוגעפּעסטיקטע מיט צאַפּנס, האָבן מיך געשיצט פון רעגן און ווינט. אויפן שטרויזאַק, אַריבערגעצויגן דעם קאָץ איבערן קאָפּ, האָב איך גענומען דרעמלען. כ׳ווייס ניט ווי לאַנג כ׳בין געשלאָפן, ווען יורעק האָט מיך אויפגעוועקט. ער איז געווען בלאַס, אויפגערעגט:

— דימיטראָף האָט טעלעפאָנירט. אַ מנוּוול, ווערסט ניט גלייבן. ער האָט

געקלונגען פון היגאָכאָסאַ דעל דוקע. נעם דעם דאָקטער, זאָגט ער, און דערליידיק. וואָס הייסט ? — האָב איך געפרעגט. „פאַרשטייסט ניט ?" האָט זיין קול ווייטער געדרונגען. וואָס זאָל איך דערליידיקן ? האָב איך זיך אַליין געמאַכט ניט פאַרשטייענדיק. אַן עקלהאַפטער פאַרשוין ! שטעלסט זיך פאָר ? דער גרויסער קאָמאַנדיר קלינגט טעלעפאָניש : „גיי דערליידיק", ס'זאָל ווער אָפּטאָן דאָס שמוציקע שטיקל אַרבעט, ער וועט אַהיימקומען שפּעט, ריין, גלאַטיק, און זיך לייגן שלאָפן. כ'האָב ניט אָפּגעלאָזט און געפרעגט : כ'פאַרשטיי ניט, חבר קאָמאַנדיר, וואָס זאָל איך דערליידיקן ? „אין אָרדע־נונג" האָב איך דערהערט זיין שטים דורכן טעלעפאָן. „כ'וועל באַלד זיין אין שטאָב".

מיר האָבן זיך אָנגעקוקט. כ'האָב געהויבן די אַקסלען : וואָס מיינט ער ? פון וואָס פאַר אַ וועלט זענען אַזעלכע זיטן ?

— כ'ווייס ניט, דער ענין ווערט ערנסט — האָט אין פאַרלעגנהייט געזאָגט יורעק — וואָס וועט ער טאָן, ווען ער וועט צוריקקומען ?



ווען מיר האָבן צו מאָרגנס געטראָפן דימיטראָפן, האָט ער גאָרניט געזאָגט. ניט געפּרווט גאָרניט אויפקלערן, ניט דערמאָנט זיין נעכטיקן געשפּרעך. דעם דאָקטער האָבן מיר אין שטאָב ניט געזען. צי האָט אים דימיטראָף איבערגעגעבן דער מיליטעריש־געריכטלעכער מאַכט ? שטאַרק ערנסט איז געוואָרן דער ענין, ווען אָוונט צו האָט דימיטראָף אַ זאָג געטאָן צו יורעקן און צו מיר ?

— מיר וועלן פאָרן אַהיים צום דאָקטער אַדורכצופירן אַ רעוויזיע.

מיר זענען אַריין אין אויטאָ. געפירט דעם אויטאָ האָט דימיטראָפס שאָפער, דער בולגאַר קאָליעוו. דימיטראָף האָט אויך מיטגענומען דעם שעף פון דער שטאַבסוואַך, סאַניקאָף. ס'האָט אויסגעזען זייער מיליטעריש, ווען מיר זענען אַריין אין דאָקטערס ווינונג. סאַניקאָף האָט באַרויִקט דעם דאָקטערס פרוי, אַז מיר ווילן בלויז, צוליב אויפקלערונג, דורכפירן אַ

רעוויזיע, כּדי מען זאָל דעם ענין מיט איר מאַן וואָס שנעלער אויפקלערן און פאַרענדיקן.

— יעדעס פאַרשריבן שטיקל פּאַפּיר אָפּלייגן, כּדי עס מיטצונעמען — האָט געוואָרנט דימיטראָף.

מיר האָבן צוזאַמענגענומען בריוו, העפטן, ביכער, יעדעס שטיקל פּאַפּיר מיט אַ פאַרשריבענער שורה. אין אַ דריי שעה אַרום זענען מיר צוריק אַוועק אין שטאָב. די נאָטיצן זענען אַלע געווען אין דער דייטשישער שפּראַך. דימיטראָף האָט זיי איבערגעגעבן יורעקן און מיר, אים צו ראַפּאָרטירן, אויב מיר וועלן נאָר געפינען עפּעס חשודיקס.

כ׳האָב געלייענט און געלייענט. צווישן די דאָקומענטן האָט זיך געפונען דער טאָגבוך פון דעם דאָקטערס פרוי — אינטימע נאָטיצן פון אַ פרעמדער פרוי. צו וועלכע רוחות האָב איך זיך אין זיי געפּאָרעט? כ׳האָב געלייענט און זיך זשענירט. יעדע שורה האָט צו מיר געשריִען: „ווער האָט דיר דערלויבט?!״

אין מוח האָבן זיך מיר איינגעקריצט די שורות: „... צווישן מיין בעט און אישטוואַנס איז פאַראַן אַ פריי אָרט. דאָרטן וועלן מיר אַריינשטעלן דאָס וויגל פון אונדזער קינד...״

אין דער פרי האָט מיך דימיטראָף געפרעגט:

— האָסט עפּעס געפונען אין די פאַרשריבענע זייטלעך?

— גאָרניט.

— אָט, אַ הינטישער זון! — האָט דימיטראָף קורץ געפּסקנט.

כ׳בין אַוועק אין יורעקס געצעלט. מיר האָבן לאַנג געשמועסט, געזוכט, וואָס איז דאָ ניט כּשר ביים דאָקטער, און גאָרנישט געקענט געפינען.

דער שטאַבס־שליח איז געקומען אין איילעניש:

— צען אַ זייגער קומט פאָר אַ פאַרזאַמלונג פון שטאָב — האָט ער אונדז געמאָלדן און אַוועק ווייטער.

יורעק איז געזעסן ביי אַ טישל. אין האַנט האָט געגרוט אויף אַ זייטל פּאַפּיר, אין דער צווייטער האָט ער געהאַלטן אַ בלייער. ער האָט ניט גע־

שריבן. כ׳בין געזעסן אויף אַ בענקל, אַ ביסל איינגעבויגן. מיר האָבן ביידע געקוקט פאַר זיך, גאָרניט געזאָגט, גאָרניט געזען.

*

ווען מיר זענען צוגעקומען צום שטאַבס־בנין, אַ פּשוטע פויערשע כאַטע, זענען שוין אַלע שטאַבס־אַרבעטער — אָפיצירן, טעלעפאָניסטן, סעקרעטאַרן, וואַכלייט — געווען פאַרזאַמלט. דער גרעסטער טייל איז געזעסן אויפן גראָז אין אַ האַלבקרייז, אייניקע האָבן האַלב געקניט, אַנדערע — געשטאַנען אויסערן קרייז. מיר זענען געבליבן שטיין לעבן זיי.

פון דער ווייטנס האָט זיך געצייכנט דער ריזיקער באַרג טראַפּעראַ — אין דער קלאַסישער געאָמעטרישער פאָרעם פון אַ טראַפּעז.

פון שטאַב איז אַרויסגעקומען דימיטראָף, צוגעגלעט, צוגעקנעפּלט ביזן לעצטן קנעפּל. דאָס אָפיצירן־היטל מיט דער גרויסער רונדע און דאַשעק האָט נאָך מער בולט געמאַכט זיין קליין, קנאָכיק פּנים און זיינע טיף באַגראָבענע קליינע אייגעלעך, וואָס זענען געלאָפן אַהין און צוריק. נאָך אים זענען געגאַנגען קאָליעוו, דער שאָפער, און דער שעף פון דער שטאַבסוואַך, סאַניקאָף, באַוואָפנט מיט אַ קורצער קאַראַבינער־ביקס, אַריבערגעוואָרפן איבערן קאָפּ און אַקסל.

דימיטראָף האָט גלייך אָנגעהויבן די „דיעלאָ״. דערציילט, אַז דער דאָקטער איז אַרעסטירט, אַז ער האָט אים גענומען נעכטן אויפן אָרט, ווו דאָס איז געשען, געוואָלט קלאָר מאַכן די אומשטאַנדן, ווי אַזוי ס׳איז פאָר־געקומען. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט דער דאָקטער גענומען לויפן אין דער ריכטונג צו די פאַשיסטן.

— אין דעם מאָמענט — האָט געזאָגט דימיטראָף — האָב איך אַרויס־געצויגן דעם רעוואָלווער און אים דערשאָסן.

אַ שווערע שטילקייט האָט אַראָפּגענידערט אויף די פאַרזאַמלטע. קיינער האָט גאָרניט ניט געפרעגט, כאָטש יעדער איינער האָט געקענט שטעלן אַ סך פראַגעס וועגן יעדער פאַזע פון געשעענעם: ווו אַרעסטירט? ווער? ווער

האָט געפּאָרשט? מיט וועלכע רעכט? ווו איז פאָרגעקומען די קאָנפראָנטי־רונג? פאַר וואָס געשאָסן און ניט געפּרוווט פאַרהאַלטן?

אין אַ ווײַלע אַרום זענען שוין געווען מענטשן, וועלכע האָבן געמאַכט דעם אויספיר:

— אַט, אַ פאַשיסט!

אַנדערע האָבן געשוויגן און אַפילו זיך באַמיט צו באַהאַלטן יעדן אויס־דרוק פון אומצוטרוי. אין דער אייגנהייט האָט מען צום ערשטן מאָל געלייזט אַ פּראָבלעם מיטן כּוח פון רעוואָלווער. אין אַזאַ מאָמענט דאַרף מען זײַן פאָרזיכטיק מיטן אייגענעם געפיל פון יושר — ס'איז ניט גענוג.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך פאַרענדיקט אָן אַ קעגנוואָרט. מיר זענען אַוועק צו אונדזערע פּאַלאַטקעס. כ'בין געגאַנגען אַ שטיקל וועג צווישן חברה פון שטאַב.

— פאַרן אַוועקפאָרן — האָט עמעצער באַמערקט — האָבן זיי אַרײַנ־געלייגט אין אויטאָ אַ לאָפּעטע.

יורעק איז אַוועק צו זיך. כ'האָב באַמערקט ווי מיר האָבן גלייכצייטיק, אינסטינקטיוו, פאַרריכט די לאַגע פון אונדזערע רעוואָלווערן אויפן רימען.



מען האָט געמאָלדן דעם דאָקטערס פרוי וועגן דעם געשעענעם. זי איז געווען אַ הויכע, שיינע פרוי, אַ בלאָנדע, מיט העל בלויע אויגן, אַ געזונטע, אַ פּשוטע. פון פאַך איז זי געווען אַ קראַנקן־שוועסטער. דאָס האָט אַוודאי איר פאַך זי דערנענטערט צום דאָקטער. די ידיעה האָט אויף איר געווירקט ווי אַ רעוואָלווער־שאָס. זי איז צוריקגעפאַלן אויפן בענקל און געמורמלט:

— אַ פאַשיסט? איז ער געווען אַ פאַשיסט? און דאָס קינד וואָס איך טראָג אין זיך איז פון אַ פאַשיסט?

די פרוי האָט שווער געקעמפט מיט זיך, אָבער ניט לאַנג. אין אָוונט האָט זי אַ סוף געמאַכט צו איר לעבן אויף אַ שנור, געמאַכט פון אַ האַנטעך...



די נייעס וועגן געשעענעם איז דערגאַנגען צו עמעצן אַנדערש אויך. דורך וואָס פאַר אַ וועג?

אין שטאַב איז אין אַ שיינעם פרימאָרגן צוגעשיקט געוואָרן אַ שפּאַניער, אַלאָנסאָ. דאָס איז געווען אַ באַשיידענער, שטילער בחור, וואָס האָט ניט אויסגעזען ווי אַ שפּאַניער. די סיבה איז געווען אַ פּשוטע: פון זיין קינדהייט אָן האָט ער געלעבט אין פראַנקרייך. אויסער דער שפּראַך, וועלכע ער האָט אַרויסגעטראָגן פון דער היים, האָט ער אין זיך גאָרניט געהאַט קיין שפּאַנישס. ער האָט ניט געהאַט דעם רעוואָלוציאָנערן ברען, וועלכער איז גלייך אַרויסגעשפּרונגען פון רוב שפּאַניער, וועלכע מיר האָבן געקענט. ער איז געווען אַ סאָציאַליסט. מען האָט אַוודאי ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט אים נאָך זיין אָנקום קיין שפּאַניע. איז ער פאַרוואָגלט געוואָרן אַהער, אויפן דרום־פראָנט. היות ווי אין אונדזער איינהייט איז געווען אַ שטאַרקע אָפּטיילונג פון שפּאַנישע שאָפערן, האָט מען אים אַריבערגעשיקט צו אונדז — זאָל ער זיין זייער פּאָליטישער פאַראַנטוואָרטלעכער.

קיין גרויסן אָנזען האָט דער אַלאָנסאָ ביי אונדזערע שפּאַנישע שאָפערן ניט געהאַט. טאַקע אַן אייגענער און דאָך ניט קיין אייגענער.

יורעק פלעגט מיט מיר ריידן מערסטנטייל פראַנצייזיש. דאָס האָט אַלאָנסאָ גלייך באַמערקט. ניט האָבנדיק קיין אָנשפּאַר ניט ביי די שפּאַניער, ניט ביי די אינטערנאַציאָנאַלע, האָט ער ביי אונדז דערפילט אַ נאָענטקייט, שוין צוליב דער שפּראַך. אין זיין פרייער צייט פלעגט ער קומ׳ען צו אונדז כאַפּן אַ שמועס. מען מוז זאָגן, אַז אין די ענינים פון אונדזער איינהייט איז ער געווען גוט באַהאַוונט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן ווען כ׳בין געווען אויפן אָבסערוואַציע־פּאָסטן, איז אויפגעשוווּמען אַלאָנסאָ און מיט אים צוויי שפּאַנישע העכע אָפיצירן. זיי זענען געקומען גלייך צו מיר.

— דערציייל אַלץ וואָס דו ווייסט — האָט זיך געווענדט צו מיר אַלאָנסאָ.

איינער פון די אָפיצירן האָט געהאַלטן אַ שטייפן טאָוול, צו וועלכן עס זענען צוגעפּעסטיקט געווען ריינע זייטלעך פּאַפּיר.

— כ׳קען אייך בלויז דערציילן וועגן זאַכן, וועלכע האָבן ניט קיין שייכות מיטן דאָזיקן ענין. איז דאָס וויכטיק?

יאָ, דערצייל! — האָט אָן וואַקלעניש געזאָגט דער אָפּיציר מיטן בלייער אין האַנט.

אויפֿן פּאַפּיר האָבן זיך אַרויפֿגעקייקלט קנאַפּע פּרטים וועגן דאָקטערס עבר און בולטערע פּרטים וועגן זיין טעטיקייט אין דער איינהייט. וועגן דער באַציִונג צווישן דאָקטער און דימיטראָפֿן, האָב איך ניט געהאַט וואָס צו זאָגן. דער ענין פֿון דאָקטערס אַרעסט און דערשיסן איז געבליבן אונטער אַ שווערן פֿרעגצייכן.

די צוויי אָפּיצירן זענען געווען פֿון דער יורידישער אָפּטיילונג פֿון דער דרום־אַרמיי. זיי האָבן זיך באַמיט קלאָר מאַכן דעם ענין. קיין סך העלפֿן זיי האָב איך ניט געקענט. אין אַ געוויסן מאָמענט זענען מיר שטיין געבליבן. ניט געווען וואָס צו פֿרעגן, ניט געווען וואָס צו ענטפֿערן. אויסער אַ וואַרע־מען האַנטדרוק און אַ ווונטש פֿאַר דערפֿאָלג אין זייער אויפֿגאַבע איז גאָרניט געבליבן. דער שליסל צו לייזן די פֿראַגע איז געווען אין די הענט פֿון דימיטראָף, סאַניקאָף און קאָליעוו. קיין אַנדערע עדות זענען ניט געווען.

ווען כ׳בין צו מאָרגנס צוריקגעקומען אין שטאַב, האָט מען מיר געמאָלדן, אַז דימיטראָף איז אַרעסטירט. לאַנג, לאַנג האָב איך ניט געהערט מער פֿון דימיטראָפֿן. ווען ער איז געווען אין דער איינהייט, זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, אונטערגעשפּרונגען. געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן אים געהאַסט. ווען מען האָט אים צוגענומען, איז ער ווי מיט איין מאָל אויסגעמעקט געוואָרן, ווי ער וואָלט קיין מאָל ניט געווען. ער האָט אויך קיינעם ניט געפֿעלט. געווען און ניטאָ, אַראָפּ פֿון מאַרק!

מיר זענען שוין לאַנג געווען אַוועק פֿון פֿראָנט, געוואַרט ערגעץ אין אַ פֿאַרשטאָט פֿון וואַלענציע, עוואַקוירט צו ווערן פֿון שפּאַניע, ווען כ׳האָב פּלוצעם דערהערט אַ באַקאַנטע שטים אין רוסיש. אַן אָפּיציר מיט אַ שטעקן אין האַנט האָט אויף אַ וואַנטמאַפּע פֿון שפּאַניע געוויזן אויף די אַנטוויק־לונגען אויפֿן דרום־פֿראָנט. די שפּאַנישע דרום־אַרמיי האָט, שוין אָן די אינטערבריגאַדעס, דורכגעפֿירט אַ געוואַגטן אָנגריף אויף פּעניאַראָיאַ און פֿאַרנומען פּוענטע אָוועכוניאַ. דער אָפּיציר האָט גערעדט מיט פֿלאַם, אויפֿ־געקלערט דעם סטראַטעגישן באַטייט פֿון יעדער פּאָזיציע. כ׳בין צוגעגאַנגען נענטער — ס׳איז געווען דימיטראָף. כ׳בין געשטאַנען און געקוקט ווי אַ

פּרעמדער. דימיטראָף האָט מיך באַמערקט, באַגריסט. כ׳האָב ניט געענט־פערט. ער האָט ווייטער גערעדט, אויפגעקלערט לעבן דער מאַפּע פאַר איין אָדער צוויי פּערזאָן — ווי קיין מאָל גאָרניט.

ווען מיר זענען אַריבער די שפּאַנישע גרענעץ, איז ער מיר אין גאַנצן פאַרשוווּנדן פון די אויגן. ער איז אַוועק אַהין, פון וואַנען ער איז געקומען, קיין ראַטן־פאַרבאַנד.



מענטשן זענען ווי קינדער. דאָס לעבן איז פאַר זיי אַ מעשׂהלע — זיי ווילן שטענדיק וויסן: נו, און וואָס איז געוואָרן?

כ׳האָב געזוכט דימיטראָפס שפּורן, געוואָלט וויסן, וואָס איז מיט אים געשען. כ׳האָב געשמועסט מיט בולגאַרישע חברים, באַגעגנטע אין פאַרשיי־דענע לענדער שוין לאַנג נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, זיך נאָכגעפרעגט, אויב זיי ווייסן עפּעס וועגן אים. קיינער האָט גאָרניט ניט געוווּסט. ווען כ׳בין געווען אין סאָפיאַ, האָב איך זיך ניט געפּוילט און אין זייער קאָמפּע־טענטע ערטער געזוכט זיינע שפּורן — קיין זכר איז פון אים ניט געבליבן.

ברייט און ווייט האָבן זיך געצויגן די שנייִקע סטעפּעס אין סטאַלינישן פאָטערלאַנד, און די מילן פון דער נ.ק.וו.ד. האָבן געמאָלן זייער דין...



דימיטראָף שטייט מיר נאָך איצט פאַר די אויגן, ווי ער שטייט פאַר דער גרויסער וואַנטקאַרטע, ווי ער שפּרינגט אַרום אין דער איינהייט, בעת זיין רעדע אין היגאַכאָסאַ דעל לוקע אין יענעם אָוונט. יענער אָוונט מיט זיין גאַנצן פּראָגראַם: די לידער, דער טאַנץ און דאָס מיידל, פאַרלוירן, פאַררייטלט...

אַ, יאָ, דאָס מיידל וואָס איז אין יענעם אָוונט בעתן טאַנץ שטיין געבליבן פאַרלוירן האָט געהאַט אַ סיבה דערצו: זי איז געווען אין אַנהייב שוואַנגער־שאַפט — פון דימיטראָפן. דימיטראָף האָט פאַרלאַנגט, אַז דער דאָקטער זאָל דורכפירן דעם אַבאָרט. דער דאָקטער האָט זיך אָפּגעזאָגט.

דאָס איבעריקע האָב איך אייך שוין דערציילט.

# זעלנערישע ליבע

— אַלע דײַנע דערציילונגען ענדיקן זיך אַזוי טרויעריק... דערצייל עפּעס אָן קאַמף, אָן קרבנות.

— ס'וועט זײַן לאַנגווײַליק.

— האָסט אַ טעות. דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן זאָרגט שוין, ס'זאָל ניט זײַן לאַנגווײַליק.

— נו גוט, וועל איך דערציילן.

*

די טעג אין וואַלענציע האָבן זיך מאָנאָטאָן געשלעפּט. צוריקגעצויגן פֿון פֿראָנט, האָבן מיר געוואַרט אויפֿן סיגנאַל צו פֿאַרלאָזן שפּאַניע. דערווײַלע זענען מיר געזעסן אין די קאַשאַרן „אַלמיראַנטע", אין מיטן שטאָט. דרײַ מאָל אין טאָג האָבן מיר זיך געשטעלט צום עסן און אין צווישנצײַט זיך געדרייט איבער דער שטאָט, גאַס־איין, גאַס־אויס, קאַפֿע־איין, קינאָ־אויס — טאַקע אָן ספּעציעלע דאגות, אָבער ווי לאַנג קען מען אַזוי זיצן און וואַרטן!

— לאָמיר זיך אַרויסרײַסן אויף אַ פּאָר טעג — האָט יורעק פֿאָרגעשלאָגן — קיין אַלמאַנסאַ!

— זיך פֿאַרבענקט?

יורעק האָט זיך געפּרוווט אַרויסדרייען, אָבער ניט אויסהערנדיק ביזן סוף זײַן תּירוץ, האָב איך דאָך מסכּים געווען. אַלמאַנסאַ איז געווען אַ קליין שטעטל צווישן וואַלענציע און אַלבאַסעטע. מיר זענען דאָרטן געשטאַנען עטלעכע חדשים, פֿאָרמירנדיק זיך ווי אַן אַרטילעריע־אײנהייט ביזן גיין אויפֿן פֿראָנט. מיר האָבן געהאַט אַ שוואַכקייט צום דאָזיקן אָרט. אַנדערע פֿון אונדז האָבן דאָרטן געהאַט אויך אַנדערע שוואַכקייטן... צווישן זיי איז אויך געווען יורעק. פֿאַר וואָס ניט אָננעמען זײַן פֿאָרשלאָג? געווען עפּעס בעסערס צו טאָן?

אַ סאַלוואָקאָנדוקטאָ אויף צוויי טעג האָבן מיר באַקומען אַן שוועריקייטן. ס׳איז געווען אַ שפּעטע נאָכמיטאָג־שעה ווען מיר זענען אַריין אין צוג. די פּאַסאַזשירן — ציווילע שפּאַניער — האָבן אויף אונדז געקוקט פאַר־וווּנדערט. אַן אונדזעריקער איז געווײַנטלעך געפּאָרן אויף מיליטערישע וואַגנס, געכאַפּטע אין וועג. מען האָט אונדז דערמיט מקנא געווען — ס׳איז געווען פּראַקטישער, גיכער. מיר אָבער האָבן געוואָלט אויסמײַדן די דאָזיקע מיליטערישע באַקוועמלעכקייט, געוואָלט זיך פילן ציוויל. די בליקן פון די פּאַסאַזשירן האָבן אונדז ניט געשטערט. מיר זענען געזעסן אויף אונדזערע ערטער, ווי ניט אונדז מיינט מען.

אַרויס פון שטאָט, האָט דער צוג זיך געשלענגלט איבערן וואַלענציער גרינגאָרטן, די אַזוי גערופענע הוערטאַ וואַלענציאַנאַ — רייזפעלדער, איבער־געשפּאַנטע מיט בריקלעך איבער צאָלרייכע טייכלעך.

ס׳איז צוגעפאַלן דער אָוונט.

דער צוג איז געגאַנגען מיט אַ נאָרמאַלן טעמפּאָ, געגנוג האַסטיק און דאָך — צו פּאַוואָליע. די פרילינגנעכט אין צענטראַל־שפּאַניע, ספּעציעל צום ים צו, זענען קילע. ווען מען גייט אַרום דעם גאַנצן טאָג אין דינעם דרעליך־מונדיר, איז וועמען וועט איינפאַלן, ווער וועט טראַכטן, ספּעציעל ווען יונג בלוט פליסט אין די אָדערן, אַז אין אָוונט קען זיין קיל?

דער צוג איז געווען אַ צווישטאָקיקער. דער אייבערשטער טייל איז געווען אָפן, אָן אַ דעקונג. ווען דער צוג איז געפאָרן, האָט עס צוגעגעבן אַ באַזונדערע קילקייט. מיר זענען געזעסן אין דער הייך. פאַר וואָס, ווייס איך ניט. כ׳ווייס אַ סך זאַכן ניט. צוגעקנעפּלט ביז צום לעצטן קנעפּל, צוגע־דריקט צו אַ ווינקל, באַוואָפנט מיט אַ סך פילאָסאָפיע און אַ ביסל אויס־דויער, האָבן מיר געציילט די מינוטן, דער צוג זאָל שוין אָנקומען צו אונדזער ציל.

כ׳האָב געקוקט פון אַ ווינקל אויף יורעקן און שטיל אַ פרעג געטאָן:

— ס׳האָט אונדז געפעלט?

יורעק האָט פעסט באַשלאָסן צו כאַפּן אַ קוק וואָס איז דאָרטן געשען, כאָטש פאַרלאָפן איז קוים אָנדערטהאַלבן יאָר, זינט מיר זענען דאָרטן געווען.

אַלמאַנסאַ האָט זיך אונדז איינגעקריצט גוט אין זכּרון. באַזונדערש מיט איר שלאָס און קלויסטער.

דער שלאָס האָט פּאַקטיש ניט מער עקסיסטירט. געבליבן זענען בלויז שטיקער ווענט, איינע אויף דער צווייטער. מען האָט געדאַרפט גוט פאַררייסן דעם קאָפּ, כּדי צו זען דעם שפּיץ. דער שלאָס איז געשטאַנען אויף אַ הויך אָרט. האָט מען זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף די חורבות, איז מען אויף אַ ווײַלע שטיין געבליבן צו כאַפּן דעם אָטעם. אין די אויגן האָט אַ זעץ געטאָן די לאַנדשאַפט פון אַרום, דאָס פּילפּאַרביקע שאָכבּרעט פון די פעלדער, די וואַסערלעך וואָס האָבן צווישן זיי געפונען זייער וועג. אָבער סאָלדאַטן זענען ניט קיין טוריסטן. זיי זוכן ניט קיין שיינע לאַנדשאַפטן, און ווען זיי שטויסן זיך אָן אויף זיי, ליגט זיי ניט אין קאָפּ זיי צו באַוווּנדערן. זענען טאַקע ניט געווען קיין סך בעלנים אַהין אַרויפצוקריכן. צוויי מאָל איז דאָרטן אַוודאי קיינער ניט געווען. אַזאַ שטילער אָפּמאַך געווען צווישן אונדז און דעם שלאָס — קיין שום באַציִונגען ניט, און פאַרטיק!

אַנדערש איז עס אָבער געווען מיטן קלויסטער. ניט ווײַל דאָ זענען געקומען אין באַטראַכט טעאָלאָגיש־פילאָסאָפישע באַטראַכטונגען. פּשוט, אינעם קלויסטער, אָדער בעסער געזאָגט, אין דעם וואָס איז אַ מאָל געווען אַ קלויסטער, האָבן מיר געלעבט, געגעסן, געשלאָפן, געהאַט אונדזער מאַגאַזין. געהאַט, ווי מען האָט עס גערופן, אונדזער מיליטערישע באַזע.

היות דער קלויסטער איז געווען „אונדזערער", האָבן מיר זיך צו אים באַצויגן ווי ס'דאַרף צו זײַן. ביים אַרײַנגאַנג האָבן מיר אַוועקגעשטעלט אַ וואַך און קיין ציווילער האָט די שוועל ניט געקענט איבערטרעטן. ווען אַן אָפיציר איז פאַרביי, האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּן מיט די קנאַפּל, דער קלאַנג פון געווער — די וואַך האָט סאַלוטירט.

מיר זענען געשלאָפן אין די קאַמערן אויף שטרויזעק, אויסגעשפּרייטע אויפן דיל. די קאַמערן זענען געווען קליינע און זיך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין באַזונדערע העלקייט. געצויגן די אויפמערקזאַמקייט האָט דאָס שטיבל, ווו ס'זענען געשלאָפן די יאַטן פון דער וואַך. פון אירע פיר ווענט איז איינע געווען אויסגעפּילט בלויז מיט קראַטעס, געווענדטע צו אַ זייטיק קליין און טונקל צימערל. פאַר די יאַטן וועלכע זענען דאָרט אַרײַן, מידע פון דער

וואָך, איז דער דאָזיקער פּרט ניט שטאַרק וויכטיק געווען. זיי האָבן זיך יעלייגט שלאָפן, און שוין. די קראַטעס זענען אויך ניט געשאָפן געוואָרן פאַר זיי. דאָס איז געווען אַן איבערבלייבעניש פון דער פאַרגאַנגענער צייט. ווען דער קלויסטער איז געווען אַ קלויסטער אין פולן גלאַנץ, זענען דאָ געווען גלחים, מאָנאַכן, הייליקע שוועסטער און אַלע צוגאָבן, ווי ס׳געהער פאַר אַזאַ הייליקער אינסטיטוציע. אָהער האָבן די גוטע קריסטלעכע פאַמיליעס פון שטאָט און דאָרף איבערגעגעבן זייערע טעכטער פאַרן הייליקן צוועק. ווייזט אויס, אַז ניט אַלע מיידלעך זענען געווען גליקלעך מיטן באַשלוס פון זייערע עלטערן — די הענגט פון הייליקן קלויסטער זענען ניט געווען אַזעלכע צאַרטע, און די טונקעלע מויערן האָבן קיין סך זון און פרייד ניט דורכגע־לאָזט. דאָס שוואַרצע קלייד האָט אַ סך פון זיי געדריקט, געשטיקט. מען האָט זיי, וואָס אַן אמת, אַ סך דערציילט וועגן דער חתונה מיט גאָט אַליין. ווייזט אָבער אויס, אַז אויך מיט גאָט אַליין איז דער שידוך ניט תּמיד אַ גליקלעכער. ס׳האָבן ניט געפעלט אַזעלכע, וואָס וואָלטן זיך געוואָלט געגעט. די פאַראַנטוואָרטלעכע פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע האָבן גוט געוווּסט דער־וועגן — אַחוץ דער ענגער באַוואַכונג פון אינעווייניק האָבן זיי אויך אָפּגע־ריגלט דעם קלויסטער פון דער אויסערלעכער וועלט. פאַרן קלויסטער איז דעמאָלט ניט געשטאַנען קיין וואַך, אָבער ס׳איז געווען אַ וועכטער, אַ טירל, אַ שלאָס. ניט אַזוי גיך האָבן די יונגע מיידלעך געקענט אַרויס, און ניט אַזוי לייכט האָבן זייערע עלטערן געקענט אַריין. נאָך גוטער מי האָבן די עלטערן פון צייט צו צייט באַקומען אַ דערלויבעניש צו זען זייערע טעכטער. ווען זיי האָבן באַקומען אַזאַ דערלויבעניש, זענען זיי אַריינגעפירט געוואָרן אין דעם איצטיקן וואַכצימער און דורך די קראַטעס געקענט זען און ריידן מיט זייערע טעכטער, וועלכע מען האָט אַריינגעפירט אינעם צימערל פון דער צווייטער זייט. ניט ווייניק טרערן זענען פאַרגאָסן געוואָרן פון ביידע זייטן קראַטעס.

אונדזערע אינטענדאַנטן וואָס האָבן זיך געדרייט אינעם הינטערשטן טייל פון קלויסטער, ווו זיי האָבן געהאַט זייערע מאַגאַזינען, האָבן דערציילט וועגן קעלערן מיט קברים, שאַרבנס, ביינער — דער מאַקאַברישער רעקוויזיט פון יעדן קלויסטער. זיי האָבן אַפילו דערציילט וועגן קינדער־סקעלעטן.

שוין אין די ערשטע קאַמפּטעג האָט דאָס שפּאַנישע פאָלק אויפגערוימט די דאָזיקע אינסטיטוציע. דאָרטן ווו די גייסטלעכע האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, זענען די קלויסטערס מיט געווער און פייער פאַרטיליקט געוואָרן. דאָ, אין אַלמאַנסאַ, איז ווייזט אויס ניט געווען קיין באַזונדערער ווידערשטאַנד, און ס׳האָבן זיך ניט געמערקט קיין סימנים פון באַשעדיקונג. פון צייט צו צייט, ווען ס׳האָט זיך אַהער דורכגעשלייכט אַ פויער, האָסטו געמערקט זיין צופרידנקייט פון די יאַטן אויף דער וואַך.



דער עבר פון קלויסטער האָט אויף אונדז ניט באַזונדערש געדריקט. מיר האָבן געהאַט גאַנץ אַנדערע אויפגאַבעס ווי היסטאָרישע באַטראַכטונגען. אונדזער טאָג האָבן מיר ניט אָנגעהויבן מיט קיין פאַטער־נאָסטער אָדער אַווע־מאַריאַ. נאָך אַ קורצן פרישטיק זענען מיר אַוועק אין מיליטערישער פאָרמאַציע אין פעלד צו מיליטערישער שולונג. איבער די גאַסן האָבן געהילכט אונדזערע לידער: פוילישע — פון דער פוילישער אַרמיי; רוסישע — פון דער רוסישער און אַפילו פון דער צאַרישער אַרמיי — אַבי זיי האָבן זיך געזונגען און געהויבן די פיס צום מאַרש.

נאָכן מיטאָג איז ניט געווען מער קיין מיליטערישע שולונג, געווען בלויז טעאָרעטישע פאָרטראָגן. נאָכן אָוונטברויט זענען די פרייע פון דינסט אַוועק אין שטאָט אַריין. מען האָט זיך צעשאָטן איבער דער גאַס, געשפּאַצירט, איבערן סקווער, ווו עס זענען געווען די קאַפעהייזער, איבערן גאָרטן, דעם שיטער באַזייטן מיט בענק.

אַז מען קומט אויף די זעלבע ערטער יעדן אָוונט, ווערט מען באַקאַנט. צו ערשט ווערן באַקאַנט די שענערע יאַטן, דערנאָך — די וויניקער שיינע. ביי די נעמען האָט מען אונדז ניט געקענט, אָבער די מיידלעך האָבן געוווּסט: דער „בלאָנדער״, דער „שוואַרצער״, די „בלויע אויגן״. צו ערשט זענען געגאַנגען בליקן, דערנאָך שמייכלען און דערנאָך, דערנאָך האָט מען זיך דערנענטערט, באַקענט, באַפריינדט.



זי האָט געהייסן בעלען. אַ משונהדיקער נאָמען? ס׳הייבט זיך ניט אָן! דאָס מיינט פּשוט: בית־לחם! ווי אַזוי? פּשוט. שפּאַניש האָט ניט ליב קיין האַרטע אויסדרוקן. האָבן זיי אַרויסגעוואָרפן דעם „ת״ פון בית און דעם „ח״ פון לחם און פון דער „מ״ האָבן זיי געמאַכט אַ „ן״ און אַזוי איז פאַר אונדז געשטאַנען — בעלען! זי איז געווען שלאַנק, אַ ביסל מער ווי פון מיטעלן וווקס, מיט אַ חנעוודיק פּנימל, מיט מילדע ביר־אויגן. זי האָט געהאַט אַ דורכויס פראַנצייזישע דערציִונג. פראַנצייזיש האָט זי גערעדט און געשריבן פריי. זי איז געווען די טאָכטער פון אַ רייכן אינדוסטריעלער, וואָס האָט ניט געזשאַלעוועט קיין געלט פאַר איר דערציִונג. דער טאַטע האָט געגעבן דאָס געלט, און די טאָכטער — איר גוטן ווילן. מ׳קען ניט לייקענען, די דאָזיקע צוזאַמענאַרבעט איז געווען פּרוכטיק.

כ׳ווייס ניט, ווער ס׳האָט וועמען דעראָבערט, יורעק בעלען צי בעלען יורעקן. יורעק איז נאָר וואָס געקומען פון פּאַריז און דאָס פראַנצייזיש האָט פּשוט געזעצט פון אים. מיר האָבן יורעקן ניט געשטערט. מיר זענען שטענדיק געגאַנגען גרופּעסווייז. אויך בעלען איז שטענדיק געקומען מיט איר שוועסטער קאָנטשיטאַ און אַ גרופּע חברטעס. האָבן גלייך ביי דער באַגעגע־ניש זיך פאָרמירט צוויי גרופּעס: יורעק מיט בעלען, און מיר מיט די אַנדערע. מיר האָבן, וואָס אַן אמת, קיין גרויסע זאַכן ניט אָפּגעטאָן: גערעדט, געשטיפט, געלאַכט. וואָס איז פאָרגעקומען צווישן בעלען און יורעקן, איז שוין עפּעס אַנדערש. וואָס געווען, בין איך ניט בכוח איבערצוגעבן. כ׳ווייס נאָר, אַז גאַנץ גיך זענען די אָוונטן ניט געווען גענוג אויף די שושקענישן, און בעלען האָט גענומען שרייבן צו יורעקן לאַנגע בריוו און צוגעלייגט בילדער, פאָרטרעטן, פאָרטרעטן אין פּראָפיל, אַן־פאַס, אין דער לענג, אין דער ברייט און אין אַלע קאָלירן. יורעק האָט אויף זיי ניט געענטפערט. צו וואָס שרייבן? אין אָוונט, אויפן סקווער, וועט ער שוין ענטפערן. ווייזט אויס, אַז פאַר בעלען איז עס ניט גענוג געווען. ביים טרעפן זיך האָט ער, ווייזט אויס, ניט אויף אַלץ באַוויזן צו ענטפערן. געווען אויך אַנדערע זאַכן צו טאָן. האָט בעלען צו מאָרגנס ווידער געשריבן. ביז אַ שיינעם אָוונט איז יורעק ניט געקומען צו דער טרעפונג.

עפּעס האָט יורעק, אַ פּנים, געמוזט האָבן אָפּגעשמועסט מיט בעלען,

ווייל ערגעץ אויפן פראָנט האָט די פעלדפּאָסט אים געבראַכט אַ בריוו פון איר. געווען איז עס ווידער אַ לאַנגער בריוו, אַ דיסערטאַציע וועגן ליטעראַטור, פילאָסאָפיע און אַ פּאָרטרעט, געמאַכט ביים שטאָטישן פאָטאָגראַף, אין וועלכן ס׳איז געווען אַריינגעלייגט זייַן גאַנצע פּראָפעסיאָנעלע באַהאַוונטקייט. ס׳האָט פון בילד געקוקט אַ צאַרט פּנים, מילדע אויגן...

ווי געוויינטלעך, האָט יורעק אויף דעם בריוו ניט געענטפערט. דאָס מאָל איז ער אָבער אָוונט צו ניט אַרויס אויפן סקווער צום שפּאַציר. דער ראָמאַן איז איבערגעריסן געוואָרן. פאַרגעסן געוואָרן? ניין. ניט אין גאַנצן.

✶

דער צוג האָט זיך פאַרהאַלטן אויף אַ פאַרוואָרפענער סטאַציע. ווייטער איז ער ניט געגאַנגען. ס׳איז געווען שפּעטער אָוונט און ווייט, ווייט פון שטאָט. מיר זענען געשטאַנען פאַר אַ ניט קיין לייכטער אויפגאַבע: וווּ טוט מען זיך אַהין? ניטאָ קיין הייזער, קיין האָטעל, קיין מיליטערישער פונקט. אַ פּאָר הונדערט מעטער פאַר אונדז האָבן זיך געצייכנט גרויע מויערן פון אַ קלויסטער. קלויסטערס זענען ניט קיין זעלטנהייט אין שפּאַניע. אַרומגענומענע מיט מויערן הויכע, געשלאָסענע, זענען זיי צעזייט איבער אַלע וועגן. ערגעץ אין מיטן מויער האָט זיך געמערקט אַ טויער. יורעק האָט ווי אויסגעשאָסן:

— מיר׳ן אַריינגיין!

— ביסט משוגע? עס דרייען זיך דיר נאָך אין קאָפּ די מעשׂיות פון דיומאַ און סטענדאַל?

— אַ קלויסטער גיט נאַכטאַזיל! — האָט יורעק זיך געהאַלטן ביי זיינס — מיר וועלן אָנקלאַפּן!

אַ גייסט פון שטיפערישקייט האָט אונדז באַהערשט. יאָ, מיר וועלן אָנקלאַפּן. וואָס קען דאָ זיין? מיר זענען צו צום טויער. פון דער רעכטער זייט איז אַראָפּגעהאַנגען אַ קופּערן הענטל. יורעק האָט אַ צי געטאָן פאַרן הענטל. ס׳האָט זיך אָפּגערופן אַ ווייטער, טויבער קלאַנג פון אַ גלאָק, וואָס

האָט אָפּגעהילכט צוויי מאָל. פון אַ טיפן קאָרידאָר איז צו אונדז דערגאַנגען
אַ שטים:

— ווער איז דאָרטן?

— צוויי פּאַרשפּעטיקטע — האָט יורעק אָפּגעענטפערט — עפנט ביטע,
ביי גאָט.

יורעק איז באמת געווען טיף אַריינגעטאָן אין די פראַנצייזישע ראָמאַ־
נען. ער האָט גוט געדענקט זייער אַטמאָספער און סטיל. אָן אַ וואַקל האָט ער
צוגעגעבן דאָס וואָרט „ביי גאָט". פון אינעווייניק האָט זיך געהערט די
פריִערדיקע שטים, אָבער שוין אַ מער זיכערע:

— וואַרט אַ ווײַלע.

— יאָ, מוטער — האָט יורעק אַ זאָג געטאָן, ווי אין אַ ראָלע, וועלכע
ער האָט גוט געקענט פון אויסנווייניק.

— פאַר וואָס זאָגסטו „מוטער"? אפשר דאַרף מען גאָר זאָגן „שוועס־
טער"?

— דאָס מוז זיין אַן עלטערע — האָט יורעק אָן וואַקלעניש אָפּגעענט־
פערט. — אַזוי שפּעט וועט זיך ניט אָפּרופן קיין יונגע. דאַרף מען זאָגן
„מוטער". אַז זי וועט זיין אַ גאַנץ אַלטיטשקע, וועלן מיר זי רופן „מוטערל"
— האָט מיר יורעק איינגערוימט דעם קלויסטערישן „סאַוואָר וויוור".

די טריט זענען געוואָרן נענטערע. דער שלאָס האָט אַ סקריפּ געטאָן.
פונעם גרויסן פליגל האָט זיך מיט אַ קרעכץ געעפנט אַ קליין טירל. פאַר
אונדז איז געשטאַנען אַ פרוי אין די פערציקער, מיט אַ מאַטן לאַמטערן.

— בוענאָס נאָטשעס — האָבן מיר ביידע אַרויסגעמורמלט.

זי האָט געקוקט אויף אונדזערע פּנימער. מיר האָבן, ווייזט אויס, קיין
מערדערישע פּנימער ניט געהאַט.

— וואָס ווילן די הערשאַפטן?

יורעק האָט אָנגענומען אַ פּאָזע פון אַ וואַנדערנדיקן ריטער און רעצי־
טירט:

— אויפן וועג צום שטעטל האָט אונדז דער צוג אַהערגעבראַכט. מיר
האָבן דאָ ניט קיינעם, האָבן מיר געוואָלט בעטן אַ מיקלט איבער נאַכט.
זייט אַזוי גוט, גנעדיקע מוטער.

— אָבער מיר האָבן דאָ גאָרניט, הערשאַפטן.

— מיר ווילן גאָרניט, גנעדיקע מוטער, בלויז איבערנעכטיקן.

— איך האָף, אַז איר האָט ניט קיין געווער. איר ווייסט, ס׳איז פאַרווערט אַריינצוגיין אין אַ קלויסטער מיט געווער.

— אָבער מיר האָבן ניט — יורעק האָט געוויזן זיינע ליידיקע הענט און אונדזערע ליידיקע רימענס. מיר זענען אויפן וועג צו באַזוכן באַקאַנטע.

— גייט מיר נאָך, ביטע.

מיר זענען געגאַנגען נאָך איר און אַריין אין אַ קאָרידאָר. דער שיין פון לאַמטערן האָט באַוועגט שאָטנס אויף די ווענט. מיר זענען געגאַנגען שווייגנדיק, בלויז אונדזערע טריט האָבן טויב אָפגעהילכט. אַ שוואַך באַלויכטענער יעזוס אויפן קרייץ האָט אַראָפּגעקוקט אויף אונדז, ווי אַן אויפגעוועקטער אין מיטן נאַכט. מיט טעמפּע, ריטמישע טריט האָבן מיר נאָכגעפאָלגט אונדזער פירערין. ווידער האָט אַ סקריפּ געטאָן אַ שלאָס. זי האָט געעפנט אַ טיר, געמאַכט ליכט. מיר זענען אַריין נאָך איר. אַ צימער מיט פיר בעטן, צוגעבעט, אויפגערוימט, האָט געוואַרט אויף אונדז.

— יעזוס מאַריאַ! — האָט אַרויסגעזעצט יורעק פון פאַרווונדערונג. דעם דאָזיקן אויסגעשריי האָט יורעק מיט זיך מיטגעבראַכט פון זיין יוגנטצייט אין פוילן. אין געוויסע מאָמענטן האָט ער זיך ממש ניט געקענט באַפרייען פון אים. דאָס האָט פון אים אַרויסגעזעצט נאַטירלעך, סטיכיש. כ׳האָב אויף דעם קיין מאָל קיין אַכט ניט געלייגט. ווייס איך, וואָס מענטשן שרייען אַלץ אויס אין התפעלות. אין ערגעץ אָבער האָט דער דאָזיקער אויסגעשריי זיך ניט אַזוי אַריינגעפּאַסט ווי דאָ. ער האָט געווירקט ווי אַ דונער אָדער גאָר ווי אַ באַלזאַם. די שוועסטער איז ווי אויפגעטרייסלט געוואָרן. זי האָט ניט געקענט באַהאַלטן איר איבערראַשונג. זי האָט זיך איבערגעצלמט און כּמעט ווי אויסגעשריִען:

— דו ביסט אַ קריסט!

יורעק האָט עפּעס שטיל אַ מורמל געטאָן, אָבער די שוועסטער האָט זיך ניט געניייטיקט אין קיין תשובה — די מחיצה צווישן אונדז איז געפאַלן. זי האָט גענומען אויספרישן צוויי בעטן. איר פּנים האָט פאַרלוירן דאָס

שטײפקייט, געוואָרן וואַרעם, היימלעך. זי האָט גענומען מורמלען פֿאַר זיך און לסוף אַ פֿרעג געטאָן :

— ס׳וועט אייך ניט קאַלט זיין ?

— אָ, ניין, ניין — האָט יורעק געענטפֿערט.

זי האָט ניט אָפּגעלאָזט :

— אפֿשר ברענגען אַ וואַרעמפֿלאַש ?

— ניין, ניין, באמת ניט נייטיק.

זי האָט אַ נויג געטאָן מיטן קאָפּ :

— אין שכנותדיקן צימערל איז פֿאַראַן אַ טואַלעט, וואַסער. איר קענט דאָ בלייבן ביז זעקס, האַלב זיבן אין דער פֿרי. כ׳וועל זאָגן דער וועכטערין, זי זאָל אייך אַרויסלאָזן. פֿאַרגעסט ניט, הערשאַפֿטן, צו פֿאַרלעשן דאָס ליכט.

זי איז אַרויס. כ׳בין געשטאַנען ווי געפּלעפֿט. יורעק האָט געהאַט אַ זיגערישע מינע. כ׳האָב זיך האַסטיק אויסגעטאָן און אַריין אין בעט. כ׳האָב זיך אויסגעשטרעקט פֿון תענוג, אַריינגעצויגן אין זיך די פֿרישקייט פֿונעם בעטגעוואַנט, ווי דעם רויך פֿון אַ גוטן סיגאַרעט און אַרויסגעלאָזט אַ ברייטן „אוי־אַ !"

יורעק האָט זיך געפֿילט מעשׂה בעל־הבית. ער האָט דורכגעמאָסטן דעם צימער, געגאַנגען אַהין, אַהער, אַריין אין שכנותדיקן צימער און לסוף פּאַמעלעך זיך גענומען אויסטאָן. ווען ער איז שוין געלעגן אין בעט, האָט ער מיט אַ נידעריקער שטים געגעדט ווי פֿאַר זיך :

— מיינער אַ חבר, אַ קראַנקער, איז אַ מאָל געשיקט געוואָרן אין אַ סאַנאַטאָריע, ערגעץ אין די בערג, אין דרום־פֿראַנקרייך. ס׳איז געווען אַזאַ סאַנאַטאָריע־קלויסטער. ער האָט זיך דאָרטן באַפֿריינדט מיט דער הייליקער שוועסטער. זי האָט אים געבראַכט פֿון אַלעם גוטן, אַפֿילו...

— הער שוין אויף, הייבסט שוין אָן צו שפּינען פֿון דעקאַמעראָן ! מאַכסט שוין אַוודאי פּלענער...

— ווילסט ניט גלייבן ?

— וויפֿל שעה האָבן מיר פֿאַר דיינע פּלענער, אַז אַ זייגער זעקס דאַרף מען שוין אויפֿשטיין. דער קלויסטער וועט שוין דעמאָלט זיין אין פֿולער טעטיקייט.

— אויב ווילסט וויסן, זענען זיי אויך איצט אין פולער טעטיקייט. ווייסט — יורעק האָט גענומען אויסלייגן זיין בקיאות — ס'איז פאַראַן אַ מיטנגאַכט־תפילה, נאָך צוויי שעה — ווידער אַ תפילה. יעדע תפילה האָט איר נאָמען. ס'איז פאַראַן דער אַנגעלוס, דערנאָך קומט...

יורעק האָט גענומען אויסרעכענען די באַזונדערע תפילות מיט זייערע לאַטייניש נעמען.

— יורעק, הער אויף — האָב איך זיך ביי אים געבעטן — לאָמיר שלאָפן. עס בלייבט אַזוי ווייניק צייט!

יורעק האָט איבערגעריסן. ס'איז געוואָרן שטיל. אַ ביסל צוגעפרוירן, האָב איך גענומען פילן דעם טעם פון אַ וואַרעם בעט. כ'האָב גענומען שטעלן האַסטיקע טריט אויפן וועג צו אָרפעוס' קעניגרייך...

ס'איז שוין געווען גוט העל, ווען כ'האָב דערוואַכט. כ'בין צו צו יורעקן, אים לייכט אַ טרייסל געטאָן:

— שטיי אויף!

יורעק האָט געקוקט אויף מיר מיט צעשוואָמענע אויגן. ער איז פּאַמעלעך געקומען צו זיך.

— ס'האָט ווער געקלאַפּט? — האָט ער געפרעגט.

— ניין. וואָס איז? האָסט געוואַרט, האַ?

— אַזוי נאָענט צו גאָט, איז פאַר וואָס זאָל ניט געשען קיין נס...

— ווייזט אויס, אַז אויף ניסים מוז מען גוט אַרבעטן.

— אָבער אַ קליינער, אַ קלייניגקער נס...

— עס הענגט אַוודאי אָפּ פון קלויסטער, ווי אַלט עס זענען די שוועס־טערס... אָבער קום, ס'ווערט שפּעט.

ס'האָט ניט לאַנג געדויערט און מיר זענען געווען גרייט צו פאַרלאָזן דאָס אָרט. ביים טויער האָט מען שוין געוווסט וועגן די נאַכטגעסט. ווען מיר זענען צוגעקומען נענטער, האָט זיך דער ריגל אויפגעהויבן. פון ערגעץ אַ פענצטערל האָט אַ וואַכעדיק אויג געקוקט אויף אונדז.

מיר זענען אַרויס אין דרויסן. אַ וואַרעמע זון האָט אונדז אַרומגענומען. מיר זענען געשטאַנען אַ ביסל פאַרלוירן — ניט געקענט דאָס אָרט. געוויינט־לעך זענען מיר אַהערגעפאָרן מיט לאַסטוואָגנס. אַ לאַסטוואָגן אַ ליידיקער,

אַן אָנגעלאָדענער — ניט וויכטיק! איין פוס אויפן ראָד, דער צווייטער — האָפּ! — אַריבער דער פּלאַטפאָרמע, מען איז אינעווייניק און מען פאָרט! אַ לאַסטוואָגן פאָרט אין סאַמע שטאָט אַריין.

איצט זענען מיר געשטאַנען אַ זיבן, אַכט קילאָמעטער פון שטאָט. גוט אויסגערוטע, האָבן מיר אַפילו ניט געטראַכט וועגן וואַרטן אויף אַ טראַנס־פּאָרט. אַרויס אויפן טראַקט, האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין מיט זיכערע טריט.

נאָך אַ האַלבער שעה האָבן מיר שוין אָנגעטראָפן אויף סימנים, וואָס האָבן עדות געזאָגט, אַז מיר גייען ריכטיק. ס׳האָבן זיך באַוויזן פונקטן, וועלכע מיר האָבן געקענט פון פריִער. האָבן מיר פאַרשטאַרקט די טריט, אַרויף אויף די גאַסן פון שטעטל. זיי זענען געווען פוסט. בלויז דאָ און דאָרטן האָט זיך געמערקט אַ געעפנטע קלייט.

— אַ ביסל צו פרי, יורעק, ניין?

— יאָ, מיר האָבן צייט. מיר׳ן אַריינגיין ערגעץ אין אַ קאַפע אויף פרישטיק. אָבער ניט דאָ, אַ ביסל ווייטער, אין צענטער.

מיר האָבן נאָך געמאַרשירט אַ לאַנגע ווײַלע. יורעק האָט געוואָלט זיין נענטער צו בעלענס הויז. מיר זענען לסוף אַרייך אין אַ קאַפע. געבעטן קאַפע און טשאָריסאָס. פון צייט צו צייט האָט יורעק געוואָרפן אַ בליק אויף דער גאַס.

— אייגנטלעך, יורעק, וואָס ציט דיך אַזוי שטאַרק צו דער בעלען? האָסט צו איר ניט געשריבן, האָסט זי אַפילו כמעט ניט דערמאָנט.

— ס׳איז אמת וואָס דו זאָגסט, אָבער כ׳וואָלט געלייקנט, ווען כ׳זאָל זאָגן, אַז זי אינטערעסירט מיך ניט.

— דערפאַר האָסטו זיך געמאַכט די מי אַהערצוקומען?

— אַ פאַקט, אַז אויך דו ביסט אַהערגעקומען. וואָס האָט דיך אַהער־געבראַכט?

— נו, אַ סענטימענט. געוואָלט זען דאָס אָרט נאָך אַנדערטהאַלבן יאָר פראָנט. געוואָלט פילן די סביבה. דאָ זענען מיר דאָך געזעסן מיט חברים, וואָס זענען מער ניטאָ...

— איך אויך, און טאַקע אויך בעלען. אינטערעסאַנט, ווי זי זעט איצט אויס. וואָס טראַכט זי.

— ווילסט באַנייען די פריינדשאַפט?

— ניין. דאָס וואָס איז געווען, איז אומגעקומען אויפן פראָנט.

— סתם אַ באַגעגעניש?

— יאָ. אינטערעסאַנט, וואָס זי וועט דערציילן.

— אפשר וועט זי גאָרניט דערציילן?

— נו, איז וואָס? דאָס שווייגן רעדט דען ניט? איך האָב געזען שטילע באַגעגענישן. ווער זאָגט עס, אַז מענטשן מוזן ריידן, כּדי עפּעס צו דערציילן?

מיר האָבן געגעסן אונדזער פרישטיק פּאַמעלעך, ניט געאיילט. פאַרן אייגנטימער זענען מיר געווען ניט קיין שפּאַניער. דאָס האָט ער גלייך אַרויסגעפילט.

— אפשר אַ פרעג טאָן וועגן בעלען? ער קען אַוודאי די משפּחה.

— גאָט באַהיט! אַ בכּבודיקע משפּחה! פרעמדע מיליטער־לייט וועלן פרעגן וועגן זייער טאָכטער. ס׳קען מאַכן אַ שלעכטן איינדרוק — האָט יורעק געוואָרנט — נאָך אַ ביסל און מיר׳ן צוגיין צו איר הויז, וועלן מיר שוין אַלץ געוווּיר ווערן.

מיר האָבן פאַרענדיקט דאָס עסן. יורעק האָט פאַררייכערט אַ סיגאַרעט, טיף אין זיך פאַרצויגן דעם רויך און געשפּילט מיטן ליידיקן גלאָז נאָך דער קאַווע. דאָ, דערוווייטערט פון אונדזער איינהייט, האָבן מיר זיך ניט געפילט ווי מיליטער־לייט. מיר זענען געשטאַנען פאַרן שוועל פונעם ציווילן לעבן און ניט געזען קלאָר, וואָס דערוואַרט אונדז.

— פאַר אַ סך פון אונדז וועט די פרידנסצייט ניט זיין קיין אידיליע. ס׳וועט אויסקומען צו קעמפן פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן.

— יאָ, דאָס פרידלעכע לעבן שטעלט אַנדערע פאָדערונגען. ניט איין העכערער אָפיציר וועט זיך אין ציווילן לעבן אַרויסווייזן ווי אַן אומבאַהאָלפענער רעקרוט — האָט יורעק פעסטגעשטעלט.

— פאַרגעס ניט, אַז די אָפיצירן פון דער אינטערבריגאַדע זענען אָבער ניט קיין פראָפעסיאָנעלע מיליטער־לייט.

— אָבער עטלעכע יאָר אין מיליטערישע קליידער שאַפן געוווינהייטן. אויך ביי אונדז זענען פאַראַן באַזונדערע עסזאַלן פאַר אָפיצירן.

— דאָס, לויט דיין מיינונג, שאַפט אַ באַזונדערקייט?

— כ'ווייס ניט, אָבער ערגעץ הייבט זיך אָן די באַזונדערקייט, די קאַסטע.

— האָסט באַמערקט אַזעלכס אויפן פראָנט? אין שלאַכט?

— ניין. דאָרטן איז דער מענטש אַן אַנדערער. ער האָט אַנדערע דאגות. אין הינטערלאַנד, פרידנסצייט דערשיינט דער מענטש אין אַנדערע פאַרבן. מען קוקט רויִקער, ברייטער, טיפער.

— ווילסט איצט אַ קוק טאָן, אַ שמועס טאָן מיט בעלען?

— יאָ, אינטערעסאַנט, ווי כ'וועל איצט קוקן. קום, לאָמיר גיין.



מיר זענען אַרויס. געגומען דורכקווערן די שוין דערוואַכטע גאַסן, געקוקט אויף יעדן ווינקל. פון וויטן האָט זיך געצייכנט די חורבה פון שלאָס. מיר האָבן גענומען שפּרייזן אַהינצו. ס'האָט ניט לאַנג געדויערט און מיר זענען געווען לעבן איר. די חורבה, אַ שטומער עדות, האָט אונדז גאָרניט ניט געקענט זאָגן נאָך אַן איבעררייס פון אַנדערטהאַלבן יאָר. זי איז געוווינט געווען צו פאַרדייען אַ סך לענגערע צייט־אָפּשניטן. מיר האָבן אַ בליק געטאָן אויף לינקס, ווו ס'איז געשטאַנען דער קלויסטער — אונדזערע קאַשאַרן. דער בנין איז געשטאַנען אין שטילן שאָטן. דורך דער טיר האָט מען געזען דעם וועכטער. ער איז געזעסן אויף אַ שטול, געהאַלטן די ביקס צווישן די קני און געמיטלעך געשמועסט מיט עמעצן. דער בנין, דער אַריינגאַנג, דער וועכטער האָבן אונדז אויסגעזען פרעמד. מיר האָבן זיך דאָרטן ניט פאַרהאַלטן און ווייטער געשפּאַנט. ניט לאַנג, און מיר זענען געשטאַנען פאַרן הויז ווו בעלען האָט געוווינט.

דאָס הויז איז געווען אַן איינשטאָקיקס, אַרומגענומען פון פאַרנט מיט האָלצשטאַכעטן, געפאַרבטע אויף גרין. צווישן הילצערנעם צוים און דעם הויז — אַ פּאָר איילן ערד, באַאַרבעט און באַפלאַנצט. דער דורכגאַנג פון

טירל ביז צום הויז איז געווען אויסגעלייגט מיט ווייסע שטיינדלעך, גוט אויסגעטרעטענע אָבער ריין דערהאַלטענע. די טיר איז געווען געשלאָסן. פון הויז איז ניט דערגאַנגען קיין שום קלאַנג. מיר זענען געווען אַ ביסל אין פאַרלעגנהייט: איז עס די ריכטיקע צייט פאַר אַ באַזוך? כ'האָב לסוף אָנגענומען אַ גלייכגילטיקע פּאָזע, אַפילו אַ ביסל שעלמיש געשמייכלט. אַ מעטאַל־הענטל, פאַרענדיקט מיט אַ קויק, איז געווען צוגעפעסטיקט אויף דער טיר און גערוט אויף אַ מעטאַלענער פּליטקע. יורעק האָט אַנטשלאָסן אויפגעהויבן דאָס הענטל און צוויי מאָל אָנגעקלאַפּט אויפן מעטאַל.

ס'האָבן זיך דערהערט טריט. די טיר האָט זיך געעפנט. אין איר איז געשטאַנען קאָנטשיטאַ. זי איז געווען איבערראַשט, פאַרלוירן. זי האָט צוריקגעצויגן איר האַלבן קערפּער, פאַרווונדערט און מיט ברייט צעעפנטע אויגן אַרויסגעזאָגט:

— אָלאַ, קע טאַל!

— בוענאָס דיאַס, קאָנטשיטאַ!

— וואָס טוט איר דאָ? וואָס מאַכט איר?

— מיר געפינען זיך דאָ אין דער סביבה, זענען מיר געקומען אַ בליק טאָן.

— גוט האָט איר געטאָן, קומט אַריין. איר וועט עפּעס טרינקען? אור־אַ! אַ לאַנגע צייט פאַרביי!

ריידנדיק האָט זיך קאָנטשיטאַ אַרויסגעשלייכט צו דער קיך. מיר זענען אַ ווײַלע געבליבן אַליין. קאָנטשיטאַ איז באַלד צוריקגעקומען, זיך צוגע־זעצט.

— לאַנג, שוין לאַנג וואָס איר זענט אַוועק, מיין גאָט!

— אַנדערטהאַלבן יאָר!

— אַנדערטהאַלבן יאָר און אַזוי פיל ענדערונגען!

מיר האָבן ניט געוווּסט וועגן וואָס פאַר אַ ענדערונגען עס האַנדלט זיך. ענדערונגען אין דער משפחה? יורעק איז אַ בעלן געווען וויסן, אָבער ער האָט זיך ניט דערוועגט צו פרעגן.

— אין קריג — האָב איך אויס העפלעכקייט פאַרגעזעצט איר געדאַנק — ענדערן זיך די זאַכן זייער שנעל.

— בעלען איז ניט אין דער היים ? — האָט יורעק אַ פרעג געטאָן.

— ווייסט, זי האָט חתונה געהאַט.

— אין אַ גוטער שעה ! — האָבן מיר גלייך אַרויסגערעדט.

— איר דאַרפט קענען דעם מאַן — האָט קאָנטשיטאַ ווייטער געצויגן — זשאַן, פון די פראַנצייזישע פּרייווויליקע, וועלכע זענען דאָ געווען.

— זשאַן ? זשאַן ? — יורעק האָט אָנגעשטרענגט דעם זכרון. ער האָט געזען זשאַנען ווי אין אַ נעפּל — אַ הויכער, אַ גוט אַנטוויקלטער ? אַזאַ ברונעט ? געהאַט אַ שטייג מיט אַ קאַנאַריק, יאָ ?

— אמת, אמת, ער דערמאָנט זיך גוט ! — אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף קאָנטשיטאַס פּנים.

יורעק האָט געוווּיגן אין געדאַנק : וואָס האָט די דאָזיקע צווויי צוזאַמענגעבראַכט ? קיין ספּעציעלע אינטעלעקטועלע אייגנשאַפטן האָט ער אין זשאַנען ניט געזען. סיידן די פראַנצייזישע שפּראַך.

— דאָס איז געווען — האָט מאַנטשיטאַ פאַרגעזעצט — אַ פּאָר חדשים שפּעטער, נאָך דעם ווי איר זענט אַוועק. ער איז דאָ געוואָרן אַן אָפּטער איינגייער.

— די חתונה איז פאָרגעקומען פאַר זיין אַוועקגיין אויפן פראָנט ? — האָט יורעק געפרעגט.

— ניין. ער איז אַוועק און צוריקגעקומען נאָך אַ פּאָר חדשים אויף אַ פּאָר טעג. דעמאָלט איז פאָרגעקומען די חתונה. דערנאָך איז ער געקומען אויף אורלויב יעדע פּאָר חדשים.

קאָנטשיטאַ איז אַוועק אין קיך ברענגען די קאַווע. מיר זענען געבליבן אַליין. יורעק האָט געשוויגן. ער האָט געקוקט אויף די זאַכן אַרום, וועלכע ער האָט גוט געקענט. זיי זענען געשטאַנען געטריי אויף זייער אָרט. אין שטוב איז געווען לופטיק, שטיל. ס׳האָט זיך געהערט דאָס שווערע טיקן פון לאַנגן, אין ווינקל שטייענדיקן זייגער. קאָנטשיטאַ האָט אויף זיך געלאָזט אַ ביסל וואַרטן.

— מיר׳ן אויסטרינקען די קאַווע — האָב איך אַ שעפּטשע געטאָן — און מיר׳ן גיין.

— וואָס איילסטו זיך ?

— נו, ס׳איז דאָך שוין אַלץ קלאָר.

— מיר נאָך ניט — האָט געפּסקנט יורעק.

קאָנטשיטאַ איז אַריינגעקומען. אויף אַ טאַץ האָט זי געטראָגן צוויי גלעזער קאַווע און אין אַ קוישעלע — קיכעלעך צו פאַרבייסן.

— איז ווי גייט עס דעם יונגן פּאָר? — האָט געפרעגט יורעק.

— וועסט באַלד הערן... פון בעלען אַליין!

ס׳האָבן זיך געהערט איילנדיקע טריט איבער די טרעפּ. קאָנטשיטאַ האָט שוין געהאַט צו וויסן געגעבן דער שוועסטער וועגן דעם אומדערוואַרטן באַזוך.

— אָ לאַ־לאַ! קע טאַל! — איז אַריינגעפאַלן בעלען אין צימער און גלייך אַריבער אין פראַנצייזיש. זי איז געווען געקליידט עסטעטיש, שיין פאַרקעמט, פּריש.

— קודם־כּל מיינע בעסטע ווונטשן! ווו איז זשאַן?

— פרעג ניט. ער האַלט אין איין לויפן. ווייסט דאָך, ער דאַרף פאַר־לאָזן דאָס לאַנד און וויל איך זאָל אויך מיטקומען. איצט איז ער אין וואַלענסיאַ. ער דאַרף דאָרטן זיין אין קאָנסולאַט, אין סעקרעטאַריאַט פון די בריגאַדעס. נאָך אַ פּאַפּיר, נאָך אַ פּאַפּירל. ווייסט דאָך, אָן דעם רירט מען זיך ניט.

בעלען האָט גערעדט נאָן־שאַלאַנט, מיט אַ זיכערקייט אַז אַלץ וועט ווערן דערליידיקט.

— איז וואָס — האָט יורעק איבערגעריסן — קען מען האָפן, אַז וועסט אין קורצן זיין אין פּאַריז?

— אָ לאַ־לאַ! פּשוט ניט צו גלייבן! קלייבסט זיך אויך קיין פּאַריז?

— פּאַריז, ניט פּאַריז, פון דאַנען מוזן מיר אַוועק. יורעק איז געווען שפּאַרעוודיק אין ווערטער. ער האָט געדענקט, אַז ער שמועסט מיט אַ יונגער פרוי און ניט דערמאָנט די פריערדיקע טעג. זיך ניט דערלויבט אויף קיין שום אַלוזיע וועגן טרעפן זיך. ער האָט געקוקט אויף בעלען, געטראַכט וועגן דער פאַרגאַנגענהייט, געמאָסטן די צוקונפט.

— דיין מאַן — האָט ער געפרעגט — האָט דאָרטן אַ פאַרזיכערטע פּרנסה?

— ער וועט אַרבעטן אין זיין פּאַטערס אונטערנעמונג. אַ ביסל געווען צעקריגט מיט אים צוליב זיין אַוועקפאָרן קיין שפּאַניע. איצט האָבן זיי אים מוחל געווען. זיי וואַרטן שוין אויף זיין צוריקקומען. צו מיר האָבן זיי געשריבן אַ זייער וואַרעמען בריוו.

— נו, אַלץ איז אויפן בעסטן וועג!

— לאָמיר האָפן. וועסט אונדז אויפזוכן אין פּאַריז?

— פאַר וואָס ניט?

— וועסט אויך זיין אין פּאַריז? — האָט מיך בעלען אַ פרעג געטאָן. כ'האָב געענטפערט מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער, ניט געוואָלט פאַר־לענגערן דאָס געשפּרעך. די מינוטן האָבן זיך גענומען ציִען, לאַנגע, איבעריקע. נאָך אַ גוטער האַלבער שעה האָב איך געמיטלעך אַ זאָג געטאָן:

— מיר'ן גיין, וואָס?

— יאָ! — האָט יורעק צוגעשטימט.

מיר האָבן זיך גענומען געזעגענען. וואָס אַן אמת, איז עס ניט אָנגעקומען שווער.

אַ זעלנערישע ליבע.

מיר זענען אַרויס, אַוועק מיטן שליאַך. מיר האָבן פאַרהאַלטן אַ מילי־טערישן לאַסטוואָגן. ער איז געגאַנגען בלויז אַ שטיקל וועג אין אונדזער ריכטונג. מיר האָבן ניט לאַנג געטראַכט און אַרויף אויפן וואָגן. ווייטער וועלן מיר שוין זען. ווער נעמט זיך עס איבער מיט זאַכן ביזן סוף?



— זעסט, אָט איז אַ געשיכטע אָן קאַמף, אָן קרבנות.

— אַזוי גאָר! און בעלען? האָט זי ניט געקעמפט? איז דאָ ניט געווען קיין קרבן — די ליבע?

— נו, יאָ. אויב ס'מוז שוין זיין קאַמף און קרבן, איז מיר שוין ליבער דער דאָזיקער וואַריאַנט.

# מוט, אויסדויער און שבתדיקע ליכט

פאַראַן אַ פראַנצייזישער קונסטמאָלער מיטן נאָמען האראַס ווערנע. דער לאַגער אין דרום־פראַנקרייך, אין וועלכן מיר זענען געווען אינטער־נירט, האָט געטראָגן דעם נאָמען פון שטעטל, לעבן וועלכן ער האָט זיך געפונען — ווערנע. דעם גענעאַלאָגישן אָפּשטאַם פונעם שטעטל האָב איך ניט נאָכגעפאָרשט — כ׳ווייס ביז היינט ניט, צי האָט דער מאָלער געהייסן נאָכן שטעטל, צי דאָס שטעטל נאָכן מאָלער. איינס ווייס איך זיכער: מאָלעריש איז דער לאַגער ניט געווען. אַ סברה איז, אַז ער האָט שוין עקסיסטירט אין די לעצטע יאָרן פון ערשטן וועלטקריג. רוסישע סאָלדאַטן, פאַרוואָגלטע אויפן מערב־פראָנט, אַנגעשטעקטע מיט דער רעוואָלוציע, זענען דורך דער פראַנצייזישער מאַכט דאָ אינטערנירט געוואָרן.

קוק איך אויף די איינצלנע ווייסע בעריאָזעס אויף דער דרום־זייט פון לאַגער, וועלכע וויגן זייערע שווערע קעפּ אונטערן ווינטל און גיבן אַרויס פון זייערע בלעטער אַ צוגעטעמפּט שושקעניש, און כ׳זע פאַר זיך, פּונקט ווי זיי האָבן אַ מאָל, מיט 25 יאָר צוריק, געזען אינטערנירטע, וועלכע זענען דאָ געגאַנגען הין און צוריק און געהאָפט אויף אַ נאָענטער באַפרייונג. זיי האָבן אַזוי געהאָפט אַכצן חדשים...

אַכצן חדשים, דאָס איז לאַנג? ניין, פאַר אונדז ניט. זענען מיר דאָך נאָך אַכצן חדשים איזאָלירטקייט אין די לאַגערן ערשט געבראַכט געוואָרן אַהער. און די צייט איז אָנהייב יוני 1940, ווען פראַנקרייך גוסטט אונטער די קלעפּ פון היטלערס אַרמייען. פאַר אונדז זאָגט עס זיכער ניט פאַר קיין באַפרייונג אין קורצן.

קאָזיאַרעק, דער פּויערים־זון, האָט נאָך אַלץ ניט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי קען מען אַ פּויערים־זון סתם לאָזן זיצן ליידיק אין אַ לאַגער, ווען אַרום איז דאָ אַזוי פיל אַרבעט.

— ווערסט זען, זיי וועלן אונדז אַרויסלאָזן!

— יאָ, יאָ, רייד זיך איין — האָט אים אָפּגעקילט זיין חבר יאַנעק, אויך אַ פויערים־זון. — געדענקסט ווען כ׳האָב געזאָגט, אַז כ׳בין מסכים צו זיצן אַפילו זעקס חדשים, אַבי נאָך דעם באַפרייט צו ווערן.

קאַזיאַרעק האָט זיך געפילט פאַרלוירן, ניט געוווּסט וואָס אָפּצוענט־פערן. בכלל האָט חברה ניט קיין סך פון אים געהאַלטן. און דאָס — צוליב אַ משפחה־שולד. דאָס איז קאַזיאַרעקס זיידע, אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַרויס אויפן וועג קוקן ווי די סאָלדאַטן גייען. ער איז אַהיימגעקומען און פייערלעך דערקלערט, אַז ס׳איז ניט אמת, ס׳איז ניט קיין מלחמה. פאַר וואָס? אַז ס׳איז מלחמה, גייען די סאָלדאַטן און דער קייסער רייט פאָרויס אויף אַ פערד. ער האָט גוט געקוקט און קיין קייסער ניט געזען!

דער רוב איז ניט געווען מיט קאַזיאַרעקן.

פון ווערבע, איינער פון די ערגסטע לאַגערן אין פראַנקרייך, קומט מען אַזוי לייכט ניט אַרויס! דעם שליסל פון דאָזיקן לאַגער האָט מען אַריינגעוואָרפן אין ים! — איז געווען די אַלגעמיינע מיינונג.

דער לאַגער איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַנדערע לאַגערן פון אַלע זייטן. ווען מען איז שוין אַריבער די פיר־פאַכיקע שטעכלדראָט־ און נעץ־פאַרצוימונגען, איז מען אַריין אין אַ צווייטן לאַגער — אין בעסטן פאַל איז עס געווען דער לאַגער, וווּ ס׳האָבן געוווינט אונדזערע וועכטער, די זשאַנדאַרן. אויך זייער לאַגער איז אָפּגעטיילט געווען פון שאָסיי, פון דער פרייהייט, מיט שטעכלדראָט. וואָס אָן אמת, בלויז מיט איין ריי שטעכלדראָט.

שוין ביים אָנקומען אַהער האָט מען אונדז געגעבן אַ פאָרגעשמאַק פון דעם, וואָס ס׳דערוואַרט אונדז דאָ. מען האָט אונדז באַזוכט פון קאָפּ ביז די פיס, אַפילו די שיך געמוזט אויסטאָן. מען האָט געמוזט עפענען יעדן פּעקל און פּעקעלע. צוויי מאָל האָט מען ניט געבעטן — אַ זעץ פון רעווידירנדיקן זשאַנדאַר האָט דיך גלייך צוריקגעבראַכט פון עולם־הדימיון און האָסט זיך שוין באַמיט צו טרעפן פון פאָרויס, וואָס ער וויל פון דיר.

— ווער איז דער דאָזיקער בוץ? — האָט דער זשאַנדאַר מיט ביטול אַ פרעג געטאָן ביי מיר, ווייזנדיק אויף אַ בילד וואָס האָט זיך פאַרוואַלגערט אין מיין רוקזאַק.

— האָנאָרע דע באַלזאַק, אַ פראַנצייזישער ראָמאַניסט — האָב איך מיט שטילער הנאה געענטפערט. מיין פעטער, חוצפּהדיקער אונטערזוכער האָט זיך אַ ביסל פאַרזשעניִרט, אָבער איז גלייך געקומען צו זיך און ווייטער געניִשטערט אין מיינע זאַכן, וועלכע זענען, צו זיינע צרות, אין גרעסטן טייל באַשטאַנען פון ביכער. כ׳ווייס ניט, פאַר וועלכע זינד האָט ער ביי מיר קאָנפיסקירט די ווערק פון געמיטלעכן מחבר פון פעפּיטאַ כימענעז, כואַן וואַלעראַ און פון גוסטאַוואָ אַדאָלפאָ בעקער, ביידע פון 19טן יאָר־הונדערט, און אַן אַנטאָלאָגיע פון שפּאַנישע ראָמאַנסעראָס, און דאָס שוין פון 15טן און 16טן יאָרהונדערט — אַוודאי כּדי מיר צו ווייזן, אַז דאָ איז ער דער איינציקער בעל־הבית און טוט וואָס ער וויל.

אין לאַגער איז יעדע אונדזערע באַוועגונג געווען חשודיק. די זשאַנדאַרן זענען אַריינגעפאַלן אין די באַראַקן ווען זיי האָבן געוואָלט, אָבסערווירט, געזוכט, געפאָרשט — געווען אין דעם דער ווילן צו באַווייזן, אַז מיר זענען אויף זייער גנאָד און דאַרפן אָננעמען אַלץ אָן אַ וואָרט אַנטקעגנצורייד̇ן.

יעדע פיר שעה אין טאָג זענען פאָרגעקומען אַפּעלן. די אינטערנירטע האָבן זיך אויסגעשטעלט פאַר זייער באַראַק אין קאָלאָנעס צו דריי. דער זשאַנדאַר האָט געלייענט די נעמען, און די אינטערנירטע האָבן געמוזט אויף זייער נאָמען ענטפערן „אָנוועזנד" (פּרעזאַן) און מאַכן אַ טראָט פאָרויס. אַז ס׳האָט עמעצער געפעלט, האָט מען אים גלייך גענומען זוכן. ווייט אַוועקגיין אין אַזאַ קורצער צייט — אַ פּאָר שעה — האָט מען ניט געקענט.

אין לאַגער זענען געווען פאַרשיידענע, פאַרשיידענע מענטשן.

— כ׳וואָלט געגעבן כ׳ווייס ניט וואָס, כּדי דורכצולייענען די קאַרטאָ־טעק פון די אינטערנירטע — האָט אָפט איבערגעחזרט שלמהלע ביים שפּאַציר.

געווען זענען דאָרטן קודם־כּל שפּאַניער — רעפּובליקאַנער, קאָמוניסטן, אַנאַרכיסטן, סאָציאַליסטן און סתּם שור־בור. געווען דאָרטן רוסן — ווייס־גוואַרדייער, געווען סתּם פאַרדעכטיקטע מענטשן, אויך דאָקטוירים, הענדלער, מענטשן גאָט די נשמה שולדיקע. געווען אויך גנבים, בילדער־פעלשער, אונטערהאַלטער — אַ מיניאַטור פון אונדזער שיינער, טייערער וועלט. ווי זאָגן די פראַנצויזן: מען דאַרף פון אַלעם, כּדי צו שאַפן אַ וועלט.

אָבער געלעבט האָבן אַלע אין פרידן צווישן זיך. יעדערער מיט זיין עבר, מיט זיינע געדאַנקען וועגן אומבאַקאַנטן מאָרגן.

געלעבט האָט מען אין שווערע באַדינגונגען: די ברויטפּאָרציע איז איינגעשרומפּן געוואָרן אין לויף פון דער צייט. פון אָנהייב איז אויסגעפאַלן אויף יעדערן אַ פינפטל פון אַ ברויט, דערנאָך איז עס דערגאַנגען בלויז צו אַן אַכטל. פאַר גרעסערער גענויקייט האָט מען די צעשניטענע דרייעקן געוווגן און אויסגעגליכט אַלע אין וואָג. דער אוצר איז אָבער געווען גרויס און מען האָט געמיינט, אַז ס׳איז נאָך אַלץ ניט גענוג יושרדיק. איין שטיקל האָט אויסגעזען גרעבער, אַן אַנדערס — מער אַפּעטיטלעך און ווייס איך וואָס — אפשר וועט דער טיילער און וועגער ניט זיין גענוג אָביעקטיוו — האָט מען אַלע 8 טיילן אָוועקגעלייגט אויפן „טישל״, איינער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צום „טישל״, צום ברויט, און אַ צווייטער האָט אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויף אַ פּאָרציע הויך אויסגערופן: וועמען?! דעם „וועמען״ האָט מען אַזוי אַ געשריי געטאָן, אַז דער ענטפערער זאָל אַ ביסל צעטומלט ווערן און ניט קענען טראַכטן, קאָמבינירן — און ער האָט געזאָגט אַ נאָמען — דער פּסק־דין איז געווען אַן ענדגילטיקער.

האָבן מענטשן גענומען זייער פּאָרציע ברויט און אַוועקגעגאַנגען צו זיך. מענטשן מיט זייער אַ שטאַרקן כאַראַקטער האָבן צעטיילט זייער ברויט־פּאָרציע אויף אַ צאָל פּענעצלעך — צוויי צו מיטאָג, צוויי צום אָונטברויט, צוויי צום פרישטיק — און אַזוי עס אויפגעגעסן. געווען אַזעלכע וואָס האָבן ווי די ווילדע חיות פאַרצוקט די גאַנצע פּאָרציע אויף איין מאָל. ניט געזונטע מאָגנס האָבן די שפּייז ניט לאַנג פאַרהאַלטן. געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן בסוד אויסגעביטן זייער ברויטפּאָרציע ביי אַ ניט־רייכערער פאַר אַ פּאָרציע טאַבאַק.

דער מיטאָג איז באַשטאַנען פון גרינסן, קאַרטאָפל, צוגעמישט מיט אַ ביסל אייל. צוויי מאָל אַ וואָך האָט מען באַקומען אַ סימבאָלישע פּאָרציע פלייש פון ביליקסטן סאָרט. אין דער פרי איז געווען קאַווע, וועלכע האָט קיין טעם פון קאַווע ניט געהאַט. אָונט צו האָט מען באַקומען טיי. לויט דער אויסרעכענונג פון מומחים האָבן מיר אַפילו ניט באַקומען קיין 800 קאַלאָריעס אַ טאָג.

האָט עמעצער באַקומען אַ שפּיזפּעקל, איז עס אַריינגעגאַנגען אין דער קאָמונע לויט דער נאַציאָנאַליטעט (פּאָליאַקן, דייטשן, רוסן, יוגאָסלאַוון, איטאַליענער א״אַנד). פון צייט צו צייט האָט די גרופּע געמאַכט אַ צוגאָב־עסן פּאַר אירע חברים: פּאַלענטע, רייז, פּאַסטאַ־שיוטאַ אאַז״וו. ס׳איז ניט שלעכט געווען, אָבער קיין סך האָט עס ניט געהאָלפן. ס׳האָט אַפילו אַרויס־גערופן אַ שטילן פּאַרדראָס, ווען געוויסע גרופּעס האָבן באַקומען מער פּעקלעך און געמאַכט פּעטערע עסנס (די יוגאָסלאַוון, צום ביישפּיל).

געווען אין לאַגער אַרבעטן, וועלכע מיר האָבן געמוזט מאַכן: אַרויס־טראָגן דאָס מיסט, ריייניקן פּאַרלאָזענע באַראַקן. געווען אויך אַנדערע פיזישע אַרבעטן אויסערן לאַגער, ווו מען איז געגאַנגען אונטער דער שמירה פון באַוואָפנטע וועכטער. פּאַר געוויסע אַרבעטן פלעגט מען באַקומען אַ מאָגערן צוגאָב צו דער ברויטפּאָרציע. אָבער ניט דאָס האָט געצויגן — געצויגן האָט דער ווילן צו זיין אַ ביסל מחוץ למחנה — ווייטער פון דראָטן און פּאַרצוימונגען.

אָבער דאָרטן איז די שטימונג לגבי אונדז געווען אַ היסטערישע. „פּרעמדע״ זענען געווען פּאַדעכטיקט, אומגעוווּנטשן. צווישן דער ציווילער באַפעלקערונג אין די דערפער און שטעטלעך אַרום לאַגער און אַרום אונדז איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ אַטמאָספער, אַז קיינער פון די אינטערנירטע וואָלט זיך ניט דערוועגט דאָרט זיך צו באַווייזן. מען האָט איינגערעדט די ציווילע באַפעלקערונג, אַז מיר זענען נאַציס, דייטשישע געפאַנגענע, וועלכע די פראַנצויזן האָבן אין זייער פּאַנטאַזיע גענומען בעתן „קאָמישן קריג״. וואָלט עמעצער אַוועק פון לאַגער, וואָלט ער ניט ווייט אַוועק. דער ערשטער בעסטער פויער וואָלט אים גלייך איבערגעגעבן אין פּאָליציייִשע הענט.

אין אונדזער לאַגער האָבן מיר געשאַפן אַן אייגענעם קאָנצענטראַציע־לאַגער. קיין נאַצי־לאַגער איז עס דאָך ניט געווען. אין די ראַמען פון געזעץ און אָרדענונג האָט מען געקענט אַ סך אויפטאָן. מיר, פון דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער בריגאַדע, ווי אויך אַנדערע פּאָליטישע אינטערנירטע האָבן גע־פירט אַ פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט. מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ ביבליאָטעק אין פראַנצייזיש, פּויליש, רוסיש, ייִדיש. ס׳האָבן זיך געשאַפן

קרייזלעך צו שמועסן וועגן ליטעראַטור אויפן סמך פון די פּאַראַנענע ביכער. עטלעכע ביכער פון באַלזאַקן, למשל, האָבן געגעבן אַ מעגלעכקייט צו באַ־האַנדלען זיין צייט, ווערק און אידעען. אַזוי איז אויך געווען מיט סטענדאַלן. עוזר וואַרשאַווסקיס בוך „די שמוגלערס" איז גענוג געווען, אַז אַ גרופּע זאָל אין משך פון אייניקע סעאַנסן דיסקוטירן וועגן אויטאָר, זיין צייט און סטיל. דער הויפּט־רעפערענט, און דווקא אין יידיש, איז דאָס מאָל געווען דער איצטיקער וויצע־פּרעמיער פון דער פּוילישער רעגירונג — אויגעניוש שיר, דעמאָלט גרשון שיר, אָדער גאָר מישע רעגער — ווי מען האָט גע־וואָלט.

ס'זענען אויך געווען באַזונדערע רעפעראַטן און פאָרלעזונגען: פרידריך וואָלף האָט געלייענט זיין טעאַטער־שטיק „באַמאַרשע"; לעאָנאַרד — זיינע לידער, וועלכע ער האָט אויסגעטאָקט אויף זיין געלעגער. ברונאָ פּריי האָט רעפערירט וועגן דיאַלעקטיק. מען האָט רעפערירט וועגן שפּענגלערן און וועגן וואָס ניט? ס'איז ניט צו גלייבן, מיט וואָס מענטשן האָבן זיך פאַר־נומען אין באַדינגונגען פון הונגער, קעלט און שמוץ. אַזוי איז אָבער גע־ווען לייכטער, בעסער. מענטשן האָבן געפונען צייט און ענערגיע צו לערנען פרעמדע שפּראַכן. כ'וועל ניט פאַרגעסן ווי אַ פּוילישער אַרבעטער האָט אַנטדעקט די גראַמאַטיק, די דעקלינאַציע פון זאַכווערטער און פון דעמאָלט אָן איז ער ניט מער זיכער געווען מיט קיין איינציקן זאַץ, וועלכן ער האָט אַרויסגעזאָגט אין זיין אייגענער שפּראַך.

ס'זענען געווען טעטיק כאָרן — אַ שפּאַנישער, אַ יוגאָסלאַווישער, אַ פּוילישער, אַ יידישער, אַ דייטשישער. מיטן יידישן כאָר האָט דיריגירט אַ זון פון אַ פּראָטעסטאַנטישן פּאַסטאָר, אַ דייטש פון טעלמאַן־באַטאַליאָן — עבערהאַרדט שמידט. ער האָט זיך פאַרכלינעט מיט רייזענס ליד „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן". ס'האָט זיך אַזוי לייכט געלאָזט זינגען אין מערערע שטימען. שטאַרק געפעלן איז אים דער אינהאַלט פון פאָלקסליד „וואָס וועט זיין, אַז משיח וועט קומען". „אַ רייכער פּראָגראַם — האָט ער געזאָגט — און פאַרטראַכט מיט אַלע פּיטשעווקעס, וואָס מען וועט עסן, וואָס מען וועט טרינקען, און ניט סתם פרעסן און טרינקען, נאָר אויך אַ קולטורעלער פּראָגראַם מיט לידער־זינגען און תורה־זאָגן"...

פון צייט צו צייט האָט מען איינגעאָרדנט דראַמאַטישע אָוונטן. בעתן אָוונט האָט מען דערלאַנגט טיי און אַ קיכעלע, אָנגעשפּאַרט פון אַריינגעשיקטע פּעקלעך. אין אַזאַ אָוונט האָט מען דעקלאַמירט, געזונגען לידער, געגעבן סצענעס, דאָס רוב מיט אַ הומאָריסטישן אַקצענט. איז דאָך דער ציל געווען וועקן גלויבן, מוט.

ווו איז דאָס אַלץ פאָרגעקומען? ס'האָט ניט געשפּילט קיין ראָלע. אַ פּוסטער באַראַק איז גענוג געווען. דאָס איבעריקע האָט מען שוין אימפּראָוויזירט — אַ בענקל, אַ באַנק און אַפילו אַ בינע.

ס'זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן שלום געמאַכט מיטן דאָזיקן צושטאַנד. שלעכט עסן — אָבער עסן איז געווען. אַ שטרויזאַק און אַ דאַך איבערן קאָפּ אויך, איז וואָס נאָך פאַרלאַנגען?

— ווען מען וואָלט געקומען מיך באַפרייען — האָט דערקלערט בראָנעק, אַ פּאָליאַק פון צפון־פראַנקרייך — וואָלט איך זיך אָנגעכאַפּט אין די שטעכל־דראָטן און זיך ניט געלאָזט רירן פון אָרט.

ביי בראָנעקן און ביי אַ טייל אַנדערע האָט די געפאַנגענשאַפט זיך אויסגעגלייכט מיט דער דעמאָלטיקער „פרייהייט" אין זייער אָקופּירטן היימלאַנד, און אַפילו זי אַריבערגעוויגן. אָבער מענטשן דאַרפן עפּעס מער צום לעבן ווי בלויז אַ שיטערע זופּ, אַ שטרויזאַק און אַ דאַך איבערן קאָפּ... האָבן זיי געלעבט און געטרוימט — יעדערער אויף זיין שטייגער. געווען אַזעלכע וואָס האָבן געטרוימט וועגן פאָרן קיין אַמעריקע, דרום־אַמעריקע. דאָס זענען בעיקר געווען פאַרמעגלעכע מענטשן און געהאָפט אויף הויכער פּראָטעקציע. זיי האָבן געהאָפט אויף באַפרייונג, ווי יענער פרומער ייִד: שטענדיק אָנגעגאַרטלט, דער שטעקן ביי דער זייט, אָנגעשפּיצט, אפשר וועט מען זיי אַ רוף טאָן. אָבער בלויז זעלטענע האָבן זיך דערצו דערוואַרט.

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך באַמיט מיט דער הילף פון פּראָטעקציע איבערגעשיקט צו ווערן אין אַ „לייכטערן" לאַגער פאַר עלטערע, פאַר קראַנקע — קאַמפּ דע מיל. אַריבערצוקומען אַהין איז געווען דער ערשטער שטאַפּל צו באַפרייען די פאַנטאַזיע, געבן איר מעגלעכקייטן זיך צו צעשפּילן: אַ לייכטערע לאַגע, גרעסערע מעגלעכקייטן באַפרייט צו ווערן.

ס'זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן ניט געוואַרט אויף קיין טובות

און ניסים. אַ שטיל באַוווסטזיניק שטרעבן האָט אויסגעפּילט זייער מוח: אַרויס אויף דער פרייַ ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן! אַזאַ באַוווסט־זיניק שטרעבן באַפּרוכפּערט דעם געדאַנק מיט איינפאַלן, צו מאָל גאָר פּשוטע, וואָס לייגן זיך אָבער ניט יעדערן אויפן שׂכל.

אַזוי איז עס געווען מיט קעסלערן.

ער איז געווען אַ קלוגער חברה־מאַן. קיין סך האָט ער ניט גערעדט. געקענט אָפּשאַצן אַ סיטואַציע. געוווּסט ווען מען דאַרף רויִק זיצן און וואַרטן, און ווען מען דאַרף צוטרעטן צו מעשׂים. ער האָט לאַנג געשטודירט די לאַגער־כּללים און געוווינהייטן. ער האָט אָבסערווירט דעם גלח, וואָס איז אַראָפּגעקומען פראַווען דאָס זונטיק־געבעט פאַר די קאַטוילישע אינטער־נירטע. דער גלח האָט מיט זיך געבראַכט אַ ווייס העמדל, וואָס איינער פון די אינטערנירטע פלעגט אָנטאָן. דער גלח האָט געזונגען די תּפילה און דער אינטערנירטער, אין ווייסן העמדל, האָט געשפּריצט דאָס הייליקע וואַסער אַרום גלח, אַרום די אינטערנירטע וואָס זענען געקומען צו דער תּפילה. נאָך דער תּפילה האָט דער דאָזיקער אינטערנירטער אַראָפּגענומען דאָס ווייסע העמדל און אונטערטעניק באַגלייט דעם גלח צום בנין, אין וועלכן עס זענען אויך פאַרגעקומען די זעונגען פון די אינטערנירטע מיט זייערע משפּחות און באַקאַנטע. ס'איז ניט שווער געווען צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַ באַזוך.

איין מאָל האָט דער דאָזיקער אינטערנירטער, נאָכן באַקומען דאָס ווייסע העמדל, ניט געוואַרט אויף דער תּפילה נאָר אַוועק מיט אַ מלאכיש־פרום פּנים צום באַזוך־בנין און פון דאָרטן אַרויס אויף דער פרייַ... ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ביי דער טיר האָט מען ניט אַזוי שטאַרק אויפגעפּאַסט!

ביי קעסלערן איז געבוירן געוואָרן אַ פּשוטער פּלאַן:

ער האָט לאַנגע יאָרן געלעבט אין פראַנקרייך. געלעבט אין הסכּם מיט אַלע געזעצן פאַר אויסלענדער. געהאַט אַן אידענטיטעט־קאַרטע, אַן אַרבעט־קאַרטע. פאַרשולדיקט האָט ער זיך בלויז דערמיט, וואָס ער איז געפאָרן קיין שפּאַניע. אויסלענדער וואָס האָבן געוווינט אין פראַנקרייך, האָט מען נאָכן אַריבערגיין די פראַנצייזיש־שפּאַנישע גרענעץ ניט געלאָזט צוריק קיין פראַנקרייך.

היות ווי משפּחות פון די אינטערנירטע האָבן געקענט באַקומען אַ דערלויבעניש צו באַזוכן זייערע קרובים אין לאַגער, איז ביי קעסלערן געבוירן געוואָרן אַ פּשוטער געדאַנק און ער האָט אים דורכגעפירט. אין איינעם אַ שיינעם טאָג איז צווישן אַ סך אַנדערע באַזוכערס געקומען אויך זיין פרוי. זי האָט געהאַט אַלע אירע פּאַפּירן אין אָרדענונג, אַפילו מער ווי דאָס — אין אַ זייטיקער קעשענע האָט זי מיטגעבראַכט אויך קעסלערס אידענטיטעט־קאַרטע, וועלכע ער האָט פאַרן קיין שפּאַניע געלאָזט אין דער היים. צו דער זעונג האָט זי אַרויסגערופן קעסלערן און אויך עט־לעכע חברים. דאָס איז געווען דערלויבט. נאָכן אָנפרייען זיך מיט אַלעמען האָט קעסלערס פרוי זיך גענומען געזעגענען. אויך קעסלער, דער איינצי־קער פון דער גרופּע, אָנגעטאָן יום־טובדיק, האָט זיך גענומען געזעגענען. די אידענטיטעט־קאַרטע האָט ער שוין געהאַט אין טאַש און אין אַ פּאַסיקן מאָמענט איז ער, געאָרעמט מיט זיין פרוי, אַוועק צום טירל... די פרוי האָט געוויזן איר אידענטיטעט־קאַרטע, קעסלער — זיינע, און ביידע האָבן ווי צוויי נאָרמאַלע זונטיק־באַזוכער פאַרלאָזן דעם לאַגער.

אין אַ דריי שעה אַרום איז פאַרגעקומען דער אַפּעל. אונדזער זשאַנדאַר איז געווען אַ פראַנצויז, אָבער ניט יעדער פראַנצויז איז נאַפּאָלעאָן. לייענען דעם אַפּעל און גלייכצייטיק קוקן אויף די רייען, זען צי דער אויסגערופענער געפינט זיך באמת אויפן אָרט און צי איז עס ער, וואָס ענטפערט דעם „אָנ־וועזנד", איז געווען אַ ביסל צו פיל פאַר אַ לאַגער־זשאַנדאַר. ער האָט בשום אופן ניט געקענט אויסגעפינען צי עס פעלט ווער, צי ניט — אויב מיר האָבן עס געוואָלט פאַרבאָרגן.

די זאַך איז אַרויסגעקומען אין אַ צוויי־דריי טעג אַרום. און איצט האָט שוין קיין זאַך ניט געקענט קאַליע מאַכן. נאַטירלעך האָבן מיר פון גאָרניט ניט געוווּסט, ניט געהערט, ניט געזען, ניט געהאַט קיין אַנונג...

גאַנץ אַנדערש איז עס געווען מיט לעמבערגערן. זיין אַנטלויפן איז געווען אַ סך קאָמפּליצירטער. ער האָט קיין מאָל ניט געלעבט אין פראַנק־רייך. קיין שפּאַניע איז ער געקומען דירעקט פון פּוילן. ניט קענענדיק רע־כענען אויף קיינעם פון דרויסן, האָט ער שטיל, אַליין, אָן וועמענס הילף

גענומען וועבן זיין פּלאַן. שוין צוליב דעם איז זיין פּלאַן געווען קאָמפּלי־
צירט און געפּאָדערט אַ שטאַרקן ווילן און אויסדויער.

לעמבערגערס פּלאַן האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין די ראַמען פון אונד־
זערע טעגלעכע לאַגער־פונקציעס. צווישן 10 און 11 אין דער פרי זענען
גרופּעס מיט קאַסטנס פאַר ברויט און מיט קוישן צו טראָגן פּראָוויאַנט
אַרויסגעגאַנגען פון הויפּטלאַגער אין לאַגער פון די זשאַנדאַרן, ווו ס׳האָט
זיך געפונען די אינטענדאַנטור. דעם דאָזיקן לאַגער האָט אָפּגעטיילט פון
דער פריי אַן איינגערייזקע שיטערע שטעכלדראָט־פאַרצוימונג. אַ פּאָר טריט
פון איר האָט זיך געצויגן דער שאָסיי. אַ ביסל ווייטער איז געווען אַ פעלד.
דאָס פעלד האָט דורכגעשניטן אַ באַנליניע פּאַראַלעל צום לאַגער. אַ 10־20
מעטער ווייטער האָט זיך געצויגן אַ וואַלד.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז לעמבערגער, באַזאָרגט מיט אַ פּאָר שטיק־
לעך צוקער און אַ פּאָר ביסקוויטן, אַרויס מיט דער גרופּע צו דער אינטענ־
דאַנטור. ער האָט שוין גוט געקענט דאָס אָרט. ער האָט אויסגענוצט אַ
מאָמענט און אַרונטערגעקראָכן אונטער אַ באַראַק, וואָס איז געשטאַנען אויף
קלעצער און זיך אויסגעבאַהאַלטן. די טרעגער האָבן אָנגעפּילט זייערע
קאַסטנס און קוישן מיט ברויט, פּראָוויאַנט און צוריק אַוועק אין לאַגער. אין
פריילעכן גערויש פון ברענגען שפּייז האָט קיינער ניט באַמערקט און די
זשאַנדאַרן איז ניט איינגעפאַלן, אַז עס קען עמעצער פעלן...

און ווידער האָט זיך איבערגעחזרט די אַלטע מעשה: אין אַ שעה
אַרום האָבן מיר זיך אַלע געשטעלט צום אַפּעל, דער זשאַנדאַר האָט אויס־
גערופן די נעמען, מיר האָבן געענטפערט „אָנוועזנד" און אַלץ האָט גע־
שטימט. דער זשאַנדאַר איז אַוועק, ניט פילנדיק, אַז אין זיין לעבעדיקן אינ־
ווענטאַר האָט ווידער אויסגעפעלט איינער.

איצט לאָמיר, ווי עס שרייבט זיך אין מעשה־ביכלעך, זיך צוריקקערן
צו לעמבערגערן, וועלכן מיר האָבן איבערגעלאָזט אונטערן באַראַק. אונטער
די דינע דילברעטער האָט ער געפילט די שווערע טריט פון די דיקע
זשאַנדאַרן, געהערט זייער שמועסן, זייערע וויצן. ער האָט געמוזט בלייבן
רויִק, אָן באַוועגונג. ס׳איז קיל געוואָרן אין די אברים. אַ שרעק איז אים
באַפאַלן: ער זאָל נאָר ניט אָנהייבן ניסן. דאָס מאָל וואָלט עס זיכער ניט

געווען צום געזונט! ער האָט אַרייַנגענומען אין מויל אַ שטיקל צוקער. דורך די ברעטער איז ווי אויף צו להכעיס דערגאַנגען צו אים אַ פיינער ריח פון פּאַרבריטער קאַווע. שוין לאַנג ניט געשפּירט דעם ריח. אויב אַלץ וועט גיין כשורה, דאַרף ער מאָרגן, איבערמאָרגן פּאַרזוכן דעם טעם פון אַזאַ קאַווע. נאָר אויסדויער!

נאָכן קאַווע איז שטיל געוואָרן אין צימער אויבן. די זשאַנדאַרן זענען אַוועק. די שפּאַנונג איז ביי לעמבערגערן קלענער געוואָרן; ער האָט גע־קענט פרייער זיך באַוועגן, פּאַרבעסערן די לאַגע פון אַ האַנט, אַ פוס, געפינען אַ בעסערע פּאָזיציע, אין וועלכער צו בלייבן שפּעטער ווען די זשאַנדאַרן וועלן צוריקקומען. די שעהען האָבן זיך געצויגן. די זשאַנדאַרן זענען גע־קומען, אַוועק און ווידער געקומען. ס׳איז צוגעפאַלן דער אָוונט. ווידער האָבן די שעהען זיך געשלעפּט, געשלעפּט. איבער אים האָט זיך געהערט דאָס אויסבעטן און סקריפּען פון בעטלעך. אין אַ צוויי שעה אַרום האָט ער שוין גוט געהערט דאָס טיפע כראָפּען דאָרטן אויבן.

צוועלף אַ זייגער. לעמבערגער האָט זיך גענומען רוקן צום אַרויסגאַנג. ס׳איז געווען טיפע נאַכט. אָן אַ לבנה, ווי אויסגערעכנט — פינצטער־חושך. דער לאַגער — כמעט ניט באַלויכטן, אָן שמירה. די ליכטער און וועכטער זענען געווענדט צום הויפּטלאַגער. לעמבערגער איז אַרויס פון אונטערן באַראַק, אויף אַלע פיר צוגעפּויזעט צו דער דראָט־פּאַרצוי־מונג, אויסגעברייטערט מיט די הענט דעם אָפּשטאַנד צווישן צוויי רייען שטעכלדראָט און אַריבער אויף דער צווייטער זייט. אַ פּאָר טריט ווייטער, ביים זייט פון שאָסיי, איז געלאָפן דער אָפענער קאַנאַל פאַר רעגן־וואַסער. לעמבערגער איז אין אים אַריין. דער קאַנאַל האָט אים געשיצט פון ביידע זייטן, פון לאַגער און פון שאָסיי. ער האָט זיך גוט אַרומגעקוקט. ניט גע־ווען קיינער. אַ שטאַרק איינגעבויגענער איז ער אַריבער דעם שאָסיי און אַריין אין קאַנאַל פאַר רעגן־וואַסער פון דער אַנדערער זייט. ער איז אין אים געווען אַ ווײַלע, ווידער זיך אַרומגעקוקט, אַרויס פון דאָרטן, אַן איינגע־בויגענער, געמאַכט אַ צענדליק טריט, אַריבערגעשפּרונגען די באַנרעלסן, צום וואַלד צו. אונטערן שוץ פון די ערשטעביימער האָט ער זיך אויסגע־גלייכט און טיף איינגעאָטעמט די ערשטע פרייע לופט. אַ שאַרפער ריח פון

סאָסנע־ביימער' האָט אים אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט אין אַ דיקער צווייג, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין איר און געבליבן שטיין אַ ווײַלע. אַ פּאָר הונדערט מעטער ווײַטער אַרויף צו, האָט די באַנליניע געגומען אַ שטאַרקן בייג אויף רעכטס. דאָרטן פֿאַר־לאַנגזאַמט דער צוג זײַן לויף. דער צוג גייט פאַרביי אויף דעם אָרט אַרום צוויי בײַ נאַכט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער — ס'איז געווען האַלב אײנס. פּאַמעלעך האָט ער גענומען גיין אין דער ריכטונג צום אויסבייג. צוקומענדיק אַהין האָט ער זיך צוגעזעצט אונטער אַ בוים. מחשבות זענען געגאַנגען דורך זײַן מוח — וועט ער באַוויזן אַרויף אויפן צוג אין לויף? וועלן זײַן אָפן די פראַכט־וואַגאָנען?

אַרום צוויי האָט ער דערהערט דאָס קלאַפּן פון אָנקומענדיקן צוג, וואָס האָט טאַקע פאַרלאַנגזאַמט זײַן לויף. לעמבערגער איז אַרויף אויפן ערשטן פראַכטוואַגאָן.

זײַנע פאַרלויפּעניש האָט לעמבערגער פאַרשטעלט געשילדערט אין זײַן ערשט קאַרטל צו אונדז, אין זײַן... אונטערשריפט. דער לעצטער אות האָט זיך געענדיקט מיט אַ ליניע, וואָס האָט זיך געצויגן און פאַרדרייט אויף רעכטס און לסוף זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט צוויי ליניעס...

די וואַגאָן־טיר האָט זיך געלאָזט עפענען. לעמבערגער איז אַרײַן אינע־ווייניק און זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל. ס'האָט ניט לאַנג געדויערט און ער האָט אײַנגעדרעמלט. ס'האָט אים אויפגעוועקט דאָס טאָגגעררויש פון אַ גרויסער שטאָט. פּאַריז? — האָט ער אַ טראַכט געטאָן און גענומען רעאַ־ליזירן דעם לעצטן עטאַפּ פון זײַן פּלאַן. ס'איז געווען לײַכטער, ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט. אַרויס פון דער צווייטער זייט וואַגאָן אויף אַ טומלדיקן וואָקזאַל, האָט ער געמאַכט אַ גרויסן קרײַז און געווען ווייט פונעם אַרײַנ־גאַנג. ניט ווײַט האָט זיך געצויגן אַ טראָטואַר, הײַזער. מענטשן זענען גע־גאַנגען, און ער צווישן זיי. ער האָט צוגעגלעט די האָר, אויסגעגלײַכט די קלאַפּעס פון די קעשענעס, אָפּגעשטויבט די מאַרינאַרקע, די הויזן און געשפּאַצירט מיטן טראָטואַר אין דער ריכטונג צו דער שטאָט. ס'איז ניט געווען פּאַריז. ס'איז געווען ליאָן — אַ גענוג גרויסע שטאָט פאַר אים. דאָ איז ער שוין פאַרבליבן...



אין לעבן געשעט ווי אין אַ גוטן באַקסקאַמף. ס'האַנדלט זיך ניט בלויז אין קראַפט, מוט און אויסדויער. מען דאַרף אויך וויסן ווי, ווו און ווען.

אין אַ זוניקן טאָג פלעגן דורך אונדזער לאַגער אַדורכגיין מיסטטרעגער — צו צווייַ אויף אַ בלעכענעם מיסטקאַסטן, כּדי דורך אַ טירל אין דער פאַרצוימונג אַראָפּצוגיין מיט אַ גרינעם וועג צווישןביימער און אין אַ צוגעגרייטער גרוב אויסליידיקן די אומריינקייט. געגאַנגען איז די גרופּע אונטער אַ שמירה פון צוויי זשאַנדאַרן. מיט אַ מאָל האָבן איבערן לאַגער אָפּגעהילכט רעוואָלווער־שאָסן. ניט לאַנג, און מיר האָבן געזען ווי די גרופּע קומט צוריק מיט גרויל און פּראָטעסט־געשרייען, טראָגנדיק מיט זיך דריי דערשאָסענע אינטערנירטע. די דריי האָבן געמאַכט אַ פאַלשן חשבון. מיר זענען צען — האָבן זיי געטראַכט — זיי זענען צוויי, וועלן מיר פּרובירן, וואָס קען דאָ זיין? אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן די דריי גענומען אַוועק־לויפן פון דער גרופּע. די זשאַנדאַרן האָבן גלייך גענומען שיסן. איינער פון זיי, צי פּאַראַליזירט פון שרעק, צי ניט מסוגל צו הרגענען, האָט סתּם געשאָסן אָן אַ רעזולטאַט. פון צווייטנס קוילן זענען געפאַלן די דריי.

דער לאַגער האָט אויפגעקאָכט און געבליבן געליימט אין זיין צאָרן. צוויי טעג אַרום, בעת דער לוויה, האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אַרום די דראָטן, געשוויגן אַ מינוט אין אָנדענק פון די געפאַלענע און אויף אונדזערע נע־בעכדיקע אינסטרומענטן אָפּגעשפּילט דעם טרויער־מאַרש פון שאָפּען...

די טעג האָבן זיך געצויגן גרויע, אומעטיקע, טעג פון מלחמה און אומרו. ספקות האָבן זיך פאַרגנבעט אין די הערצער פון די אינטערנירטע, און ספקות פירן צו אומבאַרעכנטע מעשׂים.

דער לאַגער־קאָמענדאַנט, אַ קליין־וווקסיקער, באַוועגלעכער קאָלאָנעל, האָט זיך באַוויזן אין לאַגער, זיך צונויפגעמישט מיט די שפּאַצירנדיקע גרופּעס, געגעבן אַן עצה צו בלייבן רויִק און געדולדיק וואַרטן. זיין ווענ־דונג צו די אינטערנירטע האָט ער פאַרענדיקט מיט דער ספּעציפיש פראַנ־

צייזישער פראַזע „ווייל איז דעם, וואָס פאַרשטייט". מיר האָבן אויך אָן אים פאַרשטאַנען און געוואַרט אויף דער ערשטער געלעגנהייט.

די געלעגנהייט האָט אויף זיך ניט געלאָזט לאַנג וואַרטן. געווען איז עס אַ טרויעריקע געלעגנהייט. אין אַ בלייענעם זומערטאָג זענען די נאַציס, וועלכע זענען געזעסן אין צפון־פראַנקרייך, געקומען צו אונדז. אין דער ניט־באַזעצטער זאָנע, קיין דרום־פראַנקרייך, זענען ניט געקומען קיין פאַנצער־וואָגנס אָדער טאַנקען. געקומען איז אַ גרופּע אָפּגעפּרעסענע נאַצי־אָפיצירן מיט ברייטע הינטנס און חזירשע קערק, זוכן אויף די חורבות פון פראַנקרייכס רעפּובליק קרבנות — אַרבעטקראַפט. זיי האָבן פאַרגעלייגט פאַר אַלע ניט־ייִדן אַרבעט אויף דער פריי, אין דייטשלאַנדס אינדוסטריע. ס'האָט זיך געעפנט אַ שמאָל טירל צו דער פריי. וואָס וועט זיין פון יענער זייט טירל — האָט יעדער איינער געטראַכט פאַר זיך. די מאַסע אינטערנירטע, און אירע 80 פּראָצענט אויסדריקלעך פיינדלעכע צו די נאַציס, האָט זיך אַ וואַקל געטאָן.

אַ דעצידירנדיקע ווענדונג האָבן אַריינגעבראַכט די אינטערבריגאַדיסטן. פון די פאַרטיי־אינסטאַנצן אויסערן לאַגער האָבן זיי באַקומען אַן אינסטרוקציע: מעלדן זיך צו די דייטשן אויף אַרבעט. דער אַרגומענט איז געווען אַ שטאַרקער: זיצן אין לאַגער ווען פעלקער קעמפן קעגן היטלעריזם און גאָרניט טאָן, איז ניט קיין העלדישקייט. מען דאַרף אַרויסגיין, זיך אַריינבאַקומען אין די פאַבריקן, קאָנטאַקטירן די אַרבעטער, מאָביליזירן זיי צום קאַמף קעגן נאַציזם דורך סאַבאָטאַזש און באַוואָפנטן קאַמף — קאַמף אין יעדער פאָרם.

ס'איז געווען לאָגיש אַרגומענטירט. די אינסטרוקציע איז אָבער דאָ און דאָרטן קוועסציאָנירט געוואָרן, ווי למשל: וואָס דאַרפן טאָן ייִדישע חברים? דער ענטפער איז געווען: פאַרדרייען די נעמען, זיך דערקלערן פאַר ריינע אַריער, אַלץ טאָן, כּדי אַרויס. דער קעגן־אַרגומענט איז געווען: און וואָס וועט זיין, ווען צווישן די אינטערנירטע, וואָס וועלן אַרויס, וועלן זיך געפינען מוסרים און אין דייטשלאַנד אָנווייזן אויף די ייִדן?

די פאַרטיי איז געווען אַנטשלאָסן: גיין! זענען אַלע געגאַנגען צו דער קאָמיסיע. וועקסלער, אַ רומענישער חבר, אַ טאַלאַנטפולער מוזיקער,

האָט ניט אַ טראַכט געטאָן, אַז דער ייִדישער חותם איז אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים. כ׳ווייס ניט ווי ס׳איז געשען — ער איז אָנגענומען געוואָרן. ער האָט אַפילו אויפגעשפּילט אויף זיין אַקאָרדעאָן ביים פאַרלאָזן דעם לאַגער. איז עס געווען, כדי זיך צוצוגעבן מוט?

אויך הערשל צימערמאַן איז אָנגענומען געוואָרן. ער האָט גאָרניט געזאָגט. ווען ס׳איז געקומען די צייט, האָט ער גענומען זיינע זאַכן און אַוועק.

מאַטעס גראָסמאַן, אַ געזונטער יונג וואָס האָט פּולסירט מיט לעבן, איז געווען צופרידן, וואָס אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך אונטערגערוקט, און איז צופרידן אַוועק.

מיט פּאַקינען איז עס געווען שווערער. אַ שלאַנקער, בלוי־אויגיקער בחור פון פּאַביאַניץ, וועלכער האָט פאַרוואָגלט קיין שפּאַניע נאָך לאַנגע יאָרן תּפיסה אין פּוילן, נאָך שווערע פאַרוווּנדיקונגען אין שפּאַניע, האָט זיך אים מער ניט געגלוסט גיין. „כ׳וויל ניט זיין קיין מיסט אויף די רעדער פון דער געשיכטע״ — האָט ער זיך געווערט קעגן אַ שריט, וואָס האָט אים ניט צו־געזאָגט קיין גוטס. אָבער פּאַרטיי־באַשלוס איז באַשלוס, און ער איז געגאַנ־גען צו דער קאָמיסיע מיט דער לעצטער האָפענונג, אַז ווען מען וועט אים פרעגן צי ער איז אַ ייִד, וועט ער ניט לייקענען. זאָלן זיי אים אָפּוואַרפן. צו זיין גרויסן פאַרדראָס האָט זיין אויסזען ניט אַרויסגערופן קיין חשד און ער איז אויפגענומען געוואָרן.

ביי מיר איז דאָס שטעלן זיך פאַר דער קאָמיסיע אויסגעקומען אַ סך פּשוטער. שוין ביי מיין ערשטן טראָט פון דער טיר ביז צום טיש, ווו עס זענען געזעסן די נאַציס, האָב איך געהערט ווי אַ בייזיצער, דערזעענדיק מיך, האָט אַ זאָג געטאָן צו זיין חבר האַלב אויפן אויער:

— דאָס איז דאָך אַ ייִד!

פון דעם מאָמענט אָן האָב איך געוווּסט, ווו איך האַלט אין דער וועלט. אויף דער ערשטער פראַגע צי איך בין אַ ייִד, האָב איך עס ניט פאַר־לייקנט און בין געפּסלט געוואָרן.

— ווי אַזוי איז עס צוגעגאַנגען? — האָבן די וואַרטנדיקע אין דרויסן געוואָלט וויסן, און יעדערער האָט געוויגן אין געדאַנק וואָס טאָן, וואָס זאָגן.

איז זיך געזעסן ביים אַריינגאַנג צום באַראַק מיין פריינד, איטשע טשאַ־פּעק, און געטראַכט אַ טראַכטעניש. קיין שפּאַניע איז ער געקומען גלייך פון זיין שטעטעלע אין פּוילן — ניט געוווּסט פון קיין וועלט, פון וועלכער ס'איז פרעמדער שפּראַך. וואָס זשע זאָל ער טאָן? איטשע האָט געהאַט אַ פּאָר גאָלדענע הענט. האָט מען באַדאַרפט, האָט ער געמאַכט צייכענונגען פאַר דער צייטונג; האָט ער געזען ווי עמעצער קנעט ליים און מאַכט פיגורן, האָט ער אויך געקנאָטן און געמאַכט אַ סקולפּטור „אַ געפאַלענער פרייהייט־קעמפער", וועלכע אַלע האָבן באַוווּנדערט. ווער ס'האָט זיך אינ־טערעסירט מיט פלייש, טשאַפּעק האָט זיך אינטערעסירט מיט די ביינער — געקלעפּט זיי, געפיילט און געשאַפן שאָך־פיגורן. יעדע פיגור — אַ מייסטערשטיק.

— ווי איז געווען אין דער היים? — האָב איך אים אַ מאָל געפרעגט.

— אין דער היים? דער טאַטע איז געווען אַ סטאָליער, געהאַט גאָל־דענע הענט. קיין אַרבעט האָט ער ניט געהאַט, האָט ער געגרייט מכשירים, געזאַמלט זיי, געפּוצט, זיך געצאַצקעט, געגרייסט מיט זיי. „וואָס טויגן מיר די מכשירים" — האָט די מאַמע געטענהט — „אַז קיין אַרבעט האָסטו ניט". אַז ס'איז געקומען דער פּרייטיק, האָט די מאַמע, כּדי זיך ניט צו שעמען פאַר שכנות, וואָס זי גרייט ניט צו אויף שבת, אָנגעשטעלט אויף דער קיך טעפּ מיט וואַסער, און ס'האָט געקאָכט. ס'האָט געזאָטן, ס'איז געגאַנגען אַ פּאַרע...

ס'איז געקומען איטשעס ריי צו שטעלן זיך פאַר דער קאָמיסיע. ער איז אַריין אין באַראַק מיט ניט קיין זיכערע טריט. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער שוין געווען צוריק אין דרויסן. מען האָט אים אַרומגערינגלט און פאַרגעס האָבן זיך גענומען שיטן.

— ס'וועט דערפון גאָרניט זיין — האָט ער אָפּגעענטפערט, און גע־נומען דערציילן ווי ס'איז פאָרגעקומען.

— דער פאַמיליע־נאָמען טשאַפּעק, אַ ריין סלאַווישער, האָט ניט אַרויסגערופן קיין חשד. פון מיין פאָרנאָמען איזאַק איז געוואָרן איזאַ.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ נאָמען איזאַ? — האָט מען געפרעגט.

— פרעג ניט. צווישן אַלע יתרוס נעמען, וואָס זענען פאַראַן אין אונד־

זער לאַגער, איז איזאַ עפּעס אויסערגעוויינטלעך? און ווען ס'וואָלט געווען מיזאַ אָדער גיזאַ, וואָלט עס ווער מען געווונדערט? דער פאַרנאָמען איז אויך געווען אין אָרדענונג. ווייזט אויס, אַז מיין פּנים איז דעם פאָרזיצער ניט געפעלן.

— פון וואָס פאַר אַ גלויבן איז דיין טאַטע? — האָט ער געפרעגט.

— אַ פּראָטעסטאַנט — האָב איך אָן וואַקלעניש געענטפערט.

— און די מאַמע? — האָט ער ווייטער געפאָרשט.

— כ'האָב שוין געוואָלט זאָגן — אַ פּראָטעסטאַנטין, אָבער דאָ איז מיר מיין מאַמע געקומען פאַר די אויגן ווי זי שטייט מיט די צוויי ציטער־דיקע הענט איבער די שבתדיקע ליכט, און כ'האָב עס ניט געקענט ברענגען פאַרן מויל. אַ ייִדישע, האָב איך אַ זאָג געטאָן. דערמיט איז דער ענין געווען דערליידיקט. מען האָט מיך גלייך אויסגעשטראָכן פון דער ליסטע.

אין רעזולטאַט פון באַזוך פון דער נאַצי־קאָמיסיע ווי אויך אין רע־זולטאַט פון פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע באַמיִונגען, זענען אַוועק פון לאַגער הונדערטער אינטערנירטע — ווער אויף אַרבעט, ווער אין אַ צווייטן לאַגער. מיר, אַ געוויסע שטאַרקע גרופּע, זענען געבליבן ווייטער אין ווערנע. ווער האָט דעמאָלט געקענט וויסן, וועלכער וועג האָט געפירט צו דער פרייהייט...

אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז אַ טייל פון אונדז, דער אַזוי גערופע־נער „ערגסטער" פאַר די פראַנצויזן, דעפּאָרטירט געוואָרן קיין צפון־אַפריקע, אויף די זאַמדן פון סאַהאַרע. קיין גרעסערע שטראָף איז דע־מאָלט ניט געווען. טשאַפּעק און די איבעריקע זענען ניט דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אַפריקע. דאָס וואָס שיינט צו זיין בעסער, איז טייל מאָל ערגער, אַ סך ערגער. ווען די אַלייִרטע האָבן אין נאָוועמבער 1942 זיך אַרויסגעזעצט אין צפון־אַפריקע, האָבן די נאַציס ווי אַ קעגן־מיטל פאַר־נומען גאַנץ פראַנקרייך — די אַזוי גערופענע „פרייע זאָנע" אין צענטראַל און דרום־פראַנקרייך, ווו ס'האָט זיך געפונען דער לאַגער ווערנע. אַ פּאָר חדשים נאָך דעם זענען מיר באַפרייט געוואָרן פון לאַגער. דער לאַגער אין דרום־פראַנקרייך איז דורך די דייטשן גלייך ליקווידירט געוואָרן. די אינ־

טערנירטע, צווישן זיי אויך טשאַפּעק, זענען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ.

*

נאָך דער מלחמה האָב איך אין פּאַריז געזוכט די שפּורן פון מיינע לאַגער־חברים. וועקסלער איז אומגעקומען. אומגעקומען אין אַ לאַגער איז אויך מאַטעס גראָסמאַן. ניט קענענדיק אויסהאַלטן די דערנידערונגען איז ער אין אַ געוויסן טאָג אַרויף אויף די עלעקטרישע דראָטן. אויך פּאַקינען האָב איך ניט געפונען. גלייך ווי ער איז געקומען קיין פּאַריז, איז ער, ווי אַ סך אַנדערע, אַוועק פון די נאַצישע קאַשאַרן און זיך אויסגעמישט מיט דער פּאַריזער באַפעלקערונג, זיך אָנגעשלאָסן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. ס׳איז געשען ווי ס׳האָט אים געזאָגט זיין פאָרגעפיל: ער איז אומגעקומען פון אַ נאַצישער קויל. בעתן צוגרייטן אויפרייסשטאָפן איז אויך אומגעקומען הערשל צימערמאַן.

ס׳האָט מיר עמעצער געגעבן טשאַפּעקס אַדרעס. כ׳בין אַוועק צו אים אַהיים. טשאַפּעק איז געווען חתונה געהאַט, אַ פאָטער פון אַ קינד, און אַן אייגנטימער פון אַ טעקסטיל־פאַבריק. אמת, קיין הויכן קוימען האָט די פאַבריק ניט געהאַט, אָבער עס זענען געשטאַנען מאַשינען און זיי האָבן זיך געדרייט. טשאַפּעק איז געשטאַנען מיטן געצייג אין האַנט און אַכטונג געגעבן. ס׳איז געווען אַ זומערטאָג. טשאַפּעק איז געווען אָן אַ מאַרינאַרקע, די אַרבל הויך פאַרקאַטשעט. אויפן אָרעם איז בולט געווען דער נומער פון אוישוויץ. ער האָט געהאַט אַן אויסגעמאַטערט פּנים. געווען בלייך, פאַרטרויערט און פאַרקוקט. אפשר האָט ער אויך איצט געזען פאַר זיך דער מאַמעס ציטערדיקע הענט איבער די שבתדיקע ליכט...

*

אין אַ טונקעלער וווינונג, אין דרום־טייל פון וואַרשע האָב איך נאָך 20 יאָר זיך געטראָפן מיט לעמבערגערן. הינטער אונדז איז געווען אַ לאַנ־גער פּעריאָד, זינט יענעם טאָג אין לאַגער ווען לעמבערגער איז געגאַנגען

נאָך ברויט... מיר האָבן געשמועסט, געשמועסט, בלעטערנדיק די פּאַר־שיידנסטע פּעריאָדן פון אונדזער עבֿר.

לעמבערגער איז טאַקע געבליבן אין ליאָן. דאָרטן איז געווען אַ קאָמפּאַקטע ייִדישע באַפעלקערונג, וואָס איז באַזונדערס אויסגעוואָקסן נאָך דעם, ווי די דייטשן האָבן באַזעצט פּאַריז. לעמבערגער האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין ייִשובֿ, גענומען אַרבעטן, לעבן. ס'איז אַזוי אָנגעגאַנגען אַ יאָר, צוויי, ביז די דייטשן האָבן באַזעצט גאַנץ פראַנקרייך. מיט דער באַזעצונג און די רדיפֿות אויף די ייִדן האָט זיך פֿאַר לעמבערגערן געעפֿנט אַן אַלט־נײַ בלעטל: אומלעגאַל לעבן, קאַמף. ער איז געוואָרן אַ פירנדיקע פיגור אין דער אָרטיקער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. זיין מוט און זיינע איינפֿאַלן האָבן אים ברייט באַרימט געמאַכט. אין איינער פון די אַקציעס איז ער אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשן. ווייזט זיך אַרויס, אַז זיין קאַרטאָטעק איז געווען אויסגעפּילט ביז די קלענסטע פּרטים. דער נאַצישער אויספאָרשער האָט דאָרטן געלייענט וועגן זיין קאָמוניסטישער טעטיקייט אין פוילן, וועגן זיין קאַמף אין שפּאַניע און אַפילו וועגן זיין אַנטלויפן פון לאַגער אין ווערנע. דער נאַצי האָט אַזוי געלייענט פון צעטל, געלייענט און געקוקט אויף לעמבערגערן, געלייענט און געקוקט אויף דעם בחור פון מיטעלן וווּקס, אויף זיין פּנים מיט די רעגולערע שטריכן, די פעסטע, ברייטע פּלייצעס, און ווי געמאָסטן, צי פּאַסט דער דאָזיקער קערפּער צו די אַלע פאַקטן.

— פון דאַנען וועסטו ניט אַנטלויפן.

— אַ קונץ — האָט לעמבערגער אַ זאָג געטאָן — האַלטסט פאַרשלאָסן די טיר אויף אַ שליסל, איז ווי אַזוי זאָל איך אַנטלויפן?

— און אַז כ'וועל עפענען, ווי ווייט וועסטו לויפן?

— פּרווו!

דער נאַצי האָט אויפגעשלאָסן די טיר.

— אַז דו שטייסט און האַלטסט מיך כּמעט פאַר דער האַנט — האָט רויִק גערעדט לעמבערגער — ווי אַזוי ווילסטו, איך זאָל זיך באַוועגן? פּרווו גיי צוריק אויף דיין אָרט ביים טיש!

דער נאַצי האָט פאַרנומען זיין אָרט. אונטער היטלערס בילד האָט ער

אויסגעזען זיכער און האַפּערדיק. קעגן איבער אים, בלויז אַ פינף טריט ווייטער, איז געשטאַנען לעמבערגער. אין זיין מוח איז פּאַרטיק געוואָרן אַ געדאַנק.

דער צימער איז געווען אין דער נידער. די טיר האָט זיך געעפנט אויף אַ הויף. לעמבערגער האָט געוויגן יעדע מעגלעכקייט. ער האָט געקוקט סטאָיש, מיט אַ שיין פון רעזיגנאַציע. אויפן פּנים פון נאַצי האָט זיך געצייכנט אַ שמייכל פון ביטול און חוזק. די דאָזיקע שטילע סצענע האָט זיך געצויגן לאַנג, אַ גאַנצע מינוט, אַנדערטהאַלבן מינוט. מיט אַ מאָל, ווי אַ ווירבלווינט, ווי אַ דונער, ווי אַ שטורעם, האָט זיך לעמבערגער אַ וואָרף געטאָן צו דער טיר, זי אויפגעפּראַלט און אַוועק. ווי אַ יאַגדהונט האָט זיך דער נאַצי אַ ריס געטאָן נאָך אים, פאַרלירנדיק דערביי אַ פּאָר סעקונדעס ביים אַרומקרייזן דעם טיש. אין דעם איז געלעגן דער שליסל צו לעמבערגערס דערפאָלג. די טיר האָט זיך געעפנט אויף רעכטס, אויף רעכטס האָט זיך אויך געפונען דער אַרויסגאַנג אין הויף. דאָרטן האָט דער נאַצי שוין קיינעם ניט געזען. אויך אויף דער גאַס איז פון לעמבערגערן קיין סימן ניט געווען.

דער נאַצי איז געשטאַנען אַ פּאַרסאָפּעטער, אַ צעיושעטער, אין גאַנצן געפּלעפט און לסוף מיט מידע טריט צוריקגעגאַנגען אין זיין צימער. די טיר איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויפגעפּראַלט ביז צו דער וואַנט. ער האָט אַ נעם געטאָן די קליאַמקע און אַ פיר געטאָן די טיר נאָך זיך און זי פאַמעלעך פאַרמאַכט. הינטער דער טיר איז געשטאַנען לעמבערגער. ווען דער נאַצי האָט אויפגעהויבן דאָס טעלעפאָן־טרייבל און אָנגעהויבן ריידן, האָט לעמבערגער מיט שטילע טריט פאַרלאָזן דאָס אָרט און אַוועק צו די חברים.

ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט און לעמבערגער האָט זיך צוריקגעפונען אין פּולן קאַמף. ניט איין דרייסטע פּאַרטיזאַנישע אַקציע איז אויסגעפירט געוואָרן מיט זיין אָנטייל און אונטער זיין אָנפירונג. ער איז אויסגעוואַקסן צו איינעם פון די מוטיקסטע פּאַרטיזאַנישע פירער אין ליאָן און אומגעגנט. חדשים און יאָרן פון קאַמף אָן פּשרה, אָן רחמנות קעגן אַ פיינד, וואָס האָט ניט געוווסט פון פּשרות און רחמנות. ביז ס׳איז געקומען דער געבענטשטער

טאָג פּאַר ליאָן, און געקומען איז ער ווען די פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן האָבן אַריינגעמאַרשירט אין שטאָט. אין זייער שפּיץ איז געריטן אויף אַ פערד — לעמבערגער.

לעמבערגער איז געוואָרן אָנערקענט ווי אַ נאַציאָנאַלער העלד, באַלוינט מיט די העכסטע פראַנצייזישע אויסצייכענונגען. געווינט צו מעשׂים און גבורה, איז דער איבערגאַנג פון קאַמף צו רו געווען אים שווער, אַ סך שווערער ווי דער איבערגאַנג פון רו צו קאַמף. דער נייער פּעריאָד איז געווען פאַר אים אַן אַנהאַלט און ניט געקענט לאַנג געדויערן.

אין לעמבערגערס מוח איז רייף געוואָרן אַ געדאַנק: צוריק קיין פּוילן. און ער איז צוריקגעפאָרן. אין פּוילן האָט מען געקענט זיין פּאַר־טייִשע פאַרגאַנגענהייט, זיין קאַמף אין שפּאַניע, זיינע העלדישע מעשׂים קעגן די דייטשן. ער איז אויפגענומען געוואָרן ווי אַ העכערער אָפיציר אין די מיליציע־איינהייטן. דאָ איז ער לאַנג ניט פאַרבליבן. ביי דער ערשטער פּאָליטישער ענדערונג איז ער אַריבערגעפירט געוואָרן אויף אַן אַנדער אַרבעט — ניט קיין מיליטערישע, ניט קיין ציווילע — אין קאָמיטעט פאַר ציווילער פאַרטיידיקונג, אַזאַ פּאָסטן ווו מען באַקומט געהאַלט און מען טוט גאָרניט. מיט איין וואָרט — ער איז איבערגערוקט געוואָרן אויף זייטיקע רעלסן.

— ווי פילסטו זיך? — האָב איך אים געפרעגט.

— ניטאָ מער די כּוחות. דער רוקנביין איז ביי מיר ניט אין אָרדענונג. געוויסע רינגען גלידערן זיך ניט גוט איין.

כ׳האָב געקוקט אויף לעמבערגערן, געזוכט סימנים, צי קלייבט זיך ניט דער אָדלער ווידער צעשפּרייטן זיינע פליגל און אויפהייבן זיך צום פלי. ער האָט פאַרשטאַנען מיין בליק.

— ניין. דאָס איז עס. געענדיקט.

ס׳איז צוגעפאַלן דער אָוונט. דאָס פייער אין אייוועלע איז אַראָפּ־געפאַלן. אַ שטילקייט האָט אויסגעפילט דעם צימער. ס׳איז געוואָרן נאָך אומעטיקער. כ׳בין נאָך אַ ביסל געזעסן און לסוף זיך גענומען געזעגענען. מיר זענען שוין געשטאַנען ביי דער טיר, ווען ער האָט אַ פרעג געטאָן:

— האָסט געזען קעסלערן?

— געזען אים פון ווייטנס, שוין, גלייב איך, איבער אַ יאָר, בעת דער מיי־מאַניפעסטאַציע אין וואַרשע. ער איז געווען צווישן די מיליציאָנערן, אין ראַנג פון אַ מאַיאָר.

— יאָ, אָבער דאָס געהערט שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט. ער איז ניט מער קיין מאַיאָר, ניט מער אין דער מיליץ, אַריבערגעפירט געוואָרן אויף פענסיע. מען האָט ניט געקוקט אין זיין געבורטשיין...

— וואָס טוט ער איצט ?

— גאָרניט.

— אַזאַ קלוגער חברה־מאַן ?

— ניט דאָ ! כ׳גלייב, אַז ער קלייבט זיך צוריקצופאָרן קיין פראַנקרייך.

— ער גלייבט, אַז דאָרטן וועט ער זיך בעסער פילן ?

— ער אַליין אפשר ניט, אָבער די קינדער.

— איז וואָס זשע, ער וועט אָנהייבן פון דאָס ניי ?

— וואָס ווילסטו ? קאַמף, נצחון, מפלה, ווידער קאַמף — דער נאַטיר־לעכער לעבנסראָד, דאָס איז דווקא שיין.

און אַ פונק האָט אויפגעבליצט אין לעמבערגערס אויגן. אָבער ניט אויף לאַנג.

— ווייסט — האָט ער שטילערהייט באַמערקט — פאַר איין לעבן איז עס אַ ביסל צו פיל.

מיר האָבן זיך געזעגנט.



דורכן נעפּל פון יאָרן קוקסטו אויף די גלייכע און פאַרדרייטע, פשוטע און פאַרוויקלטע וועגן, דורך וועלכע מענטשן זענען געגאַנגען צו דער פרייהייט, וועך אינספּירירט דורך פאַרשטאַנד און מוט, ווער דורך געוואַגט־קייט און אויסדויער און ווער אונטער דער שוץ פון דער מאַמעס ציטערדיקע הענט, אויסגעשפּרייטע איבער די שבתדיקע ליכט...

# אין סאַהאַראַ־מידבר, צווישן ייִדן

שפּילגאַרן האָט אונדז ניט גערן געהאַט. מיר זענען פאַר אים געווען ניט־קולטורעל, ווילד, ווייס איך וואָס — פּוילישע ייִדן. ער, שפּילגאַרן, איז געווען אַ דייטשישער ייִד, געקוקט אויף אונדז פון אויבן אַראָפּ; געהאַט צו אונדז אַ וועלט מיט טענות. איין גאָט ווייס, אַז מיר זענען גאָרניט שולדיק געווען דעריין, וואָס ער האָט זיך געפונען מיט אונדז אין איין לאַגער.

אין דייטשלאַנד איז שפּילגאַרן געווען זייער אַ בכּבודיקער בירגער. אין קאַסעל, געהאַט אַ גרויסן פאָטאָגראַפישן געשעפט, געאַרבעט, געלעבט בהרחבה. מיט קליינע העלע וואָנצעס, שיין פאַרקעמט, מיט אַ דיקן סיגנעט אויפן קליינעם פינגער, מיט אַ גאָלדענעם זייגער, מיט אַ שטעקן מיט אַ ביינערנעם הענטל, און אַלע אַנדערע סימנים פון סטאַטעטשנעקייט, האָט שפּילגאַרן זיך געדרייט איבער די קאַסעלער גאַסן האָפערדיק און זיכער.

אַלץ האָט זיך געענדיקט מיט איין מאָל — ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט.

שפּילגאַרן איז פאַרוואָגלט געוואָרן קיין פּאַריז. צי האָט ער אין דייטש־לאַנד איבערגעלאָזט אַ פרוי, קינדער? כ׳ווייס ניט, כ׳האָב ניט געפרעגט. עפּעס האָט ער דאָך באַוויזן מיטצונעמען מיט זיך, אַזוי אַז אויך אין פּאַריז האָט ער גיך זיך געקאָנט פאַרשאַפן אַ פאָטאָגראַפישן געשעפט. לויט זיין השגה האָט אַלץ ווידער באַדאַרפט „קלאַפּן" ווי אַ מאָל אין דייטשלאַנד. פאַר וואָס ניט? אָבער עפּעס האָט זיך אין צווישן געענדערט, עפּעס אַזוינס, וואָס שפּילגאַרן האָט ניט פאָרויסגעזען — היטלער האָט אָנגעהויבן דעם צווייטן וועלטקריג.

ווי יעדער אויסלענדער האָט זיך שפּילגאַרן געמוזט מעלדן צו די „מאַרש־באַטאַליאָנען". ווי אַ געוועזענער דייטשישער בירגער איז ער אויפ־געשוואומען אין פרעמדן־לעגיאָן. דאָרטן איז יעדער איינער גוט געווען.

— איר זענט געקומען שטאַרבן! — האָט אַ מאָל פּאַטעטיש אויסגערופן דער מאַרשאַל ליאָטיי צו די פֿאַרזאַמלטע לעגיאָנערן.

אָבער שפּילגאַרן איז, ווייזט אויס, דאָרטן אויך ניט געפֿעלן געוואָרן. אין 1940 איז ער אויפֿגעשוווּמען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, בערואַגיאַ, אין צפֿון־אַפֿריקע, אַלזשיר. פֿון דאָרטן איז ער געקומען מיט אַ קליינער גרופּע צו אונדז אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, 700 קילאָמעטער דרומדיק פֿון אַלזשיר אין סאַהאַראַ־מידבר, קיין דזשעלפֿאַ.

אין אונדזער לאַגער האָבן זיך געפֿונען שפּאַניער־רעפּובליקאַנער, מיר, אַ גרעסערע גרופּע פֿון די אינטערבריגאַדן — פּאָליאַקן, טשעכן, דייטשן, אונגאַרן, רומענער און, פֿאַרשטייט זיך, ייִדן. סוף 1941 האָבן די פֿראַנצויזן ניט געוווּסט, מיט וואָס די אַלע מענטשן שמעקן און איבערגעטראָגנס־פּאָרטירט זיי קיין צפֿון־אַפֿריקע.

האָבן זיך דאָ אַרומגעדרייט די פֿאַרשיידנסטע געשטאַלטן — ווער אין אַ שינעל, ווער אין אַ יאַקע, אונטערגעגאַרטלט מיט אַ פּאַסעק אָדער אַ שטריק, אין אַ בערעט, אין אַ היטל, אָדער אין אַזוינס, וואָס איז ניט געווען ניט קיין בערעט און ניט קיין היטל, אַבי צו זיין געשיצט פֿון זאַמד און זון.

שפּילגאַרן האָט געוווינט אין איינעם פֿון די צוויי געמויערטע באַראַקן, וואָס זענען געשטאַנען אין אייבערשטן טייל לאַגער, אין אַזוי גערופֿענעם, ייִדישן, „ברענערס" באַראַק. ברענער איז געווען אַן אַדוואָקאַט פֿון ווין. ער האָט אומעטום אונטערגעשטראָכן זיין פֿינטעלע־ייִד. דאָס איז שפּילגאַר־נען ניט געפֿעלן געוואָרן און ער האָט זיך געהאַלטן ווייט פֿון אים. אַ ביסל נענטער, אָבער ווייט ניט גוט־ברודעריש, איז ער געווען מיט סורקעסן און גאָלדקרויטן, מיט וועלכע ער האָט געדינט אין פֿרעמדן־לעגיאָן.

— אַ שווערער מענטש, — האָבן סורקעס און שילדקרויט געהויבן די אַקסלען.

ער איז תּמיד געווען פֿאַרקרימט, פֿאַרצאָרנט. צו די צרות האָט די פֿרוי, מיט וועלכער ער האָט זיך פֿאַרבונדן אין פּאַריז, ביי אים אָוועקגענומען דעם פֿאָטאָגראַפֿישן געשעפֿט, דאָס גאַנצע פֿאַרמעגן, ניט געלאָזט הערן פֿון זיך, ניט געוואָלט הערן פֿון אים.

פאַראַן מאָמענטן און ערטער, ווו מען קאָן ניט זיין אַליין, מען טאָר ניט זיין אַליין. צוזאַמען העלפט מען זיך אַרויס, טראָגט מען לייכטער איבער די שוועריקייטן. אַ גרויסער פּראָצענט פון די אינטערנירטע אין די אַלגערן האָבן אויסגעהאַלטן נאָר אַ דאַנק דער סאָלידאַריטעט. שפּילגאַרן האָט דערפון ניט געוווּסט אָדער ניט געוואָלט וויסן און דערפאַר באַצאָלט דעם העכסטן פּרייז... ער איז קראַנק געוואָרן אויף געלזוכט. אַ סך פון אונדז זענען קראַנק געוואָרן אויף דער דאָזיקער חולאת. חברים האָבן געהאָלפן, ווי זיי האָבן נאָר געקענט. קודם־כּל האָט מען זיי אַריבערגעפירט אין דער ענפערמעריאַ, אַזאַ פּראָוויזאָרישן שפּיטאָל. קיין געבראָטענע טייבעלעך האָט מען דאָרטן ניט געגעבן, אָבער מען האָט געקענט בלייבן אין בעט, ניט געמוזט אויפשטיין צום ראַפּאָרט 7 אַ זייגער אין דער פרי, גיין אויף אַרבעט. דאָס מאָגערע עסן האָט מען באַקומען צום בעט, ניט געמוזט וואַרטן אין דער ריי מיט דער מענאַזשקע אין האַנט. חברים זענען געקומען כאַפּן אַ שמועס. קיין דייטשישער לאַגער איז עס דאָך ניט געווען! ווען מען האָט נאָך אַ פּאָר טעג ליגן אויסגעשריבן, האָבן די חברים געבראַכט אַ פּאָר מאָל אין טאָג וואַרעמע טיי. דאָס איז געווען אַ טיי פון צוגעברוינטע און צעשטויסענע טייטלען־קערנער. מיט אַ ביסל צוקער האָט מען עס געקענט טרינקען.

אויך שפּילגאַרן איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער ענפערמעריאַ. פון איין זייט פון זיין בעט איז געלעגן גאָדל, אַ קליין ייִדל פון פּאַריזער בעלוויל, פון פּלעצל. גאָדל האָט אין לעבן מסתּמא אַלץ געטאָן: געווען אַ שניידער, אַ קוכער, אַ הענדלער, געטאָן אַנדערע זאַכן וועגן וועלכע ער האָט ניט גערעדט. גאָדל איז געווען אַ דרייער, אַ כּל־בוניק, אַ לעבעדיקער חברה־מאַן, ניט ליב געהאַט קיין „וויטישע" שטיק — אַ פּראָסטער טאָפּ לאָקשן. פּאָליטיק איז אים ניט אָנגעגאַנגען, אָבער מיר, ייִדישע יאַטן פון דער אינטערבריגאַדע, זענען פאַר אים געווען „אייגענע ייִנגלעך". אויך מיט שפּילגאַרנען האָט ער געפּרוווט שמועסן (ער איז ניט געווען פון די וואָס שמועסן ניט!), אָבער צום שמועסן מוזן זיין צוויי, און דער צווייטער, שפּילגאַרן, האָט בפירוש אויסגעפּעלט.

פון דער צווייטער זייט איז געלעגן דער „אייזן־קעניג" בערמאַן, אַ

ליטווישער ייִד, אַ ייִד אַ גבר, מיט אַ טאָרס פון אַן אוראַנג־אוטאַנג. אויף די פּאַריזער בולוואַרן פלעגט ער באַווייזן שטיק: געבויגן אייזערנע שטאַנגען, געריסן קייטן און דערביי גערעדט, גערעדט צו פּאַראינטערעסירן די פראַנצייזישע פּאַרגאַפטע צוקוקער, גערעדט אַ מין „ליטווישן" פראַנצייזיש, וועלכן בלויז אַן עכטער ליטוואַק האָט געקענט פאַרשטיין...

צווישן בערמאַנען און שפּילגאַרנען זענען בכלל נישט געווען קיין באַציִונגען. בערמאַן האָט געהאַלטן, אַז שפּילגאַרן „סטינקט" פון גאווה, און שפּילגאַרן האָט געהאַלטן, אַז בערמאַן שטינקט בכלל.

צו שפּילגאַרנען זענען געקומען אונדזערע אייגענע חברים דאָקטוירים, געפּרוווט עצהנען, העלפן. שווער געווען אָבער מיט אים זיך צו דעררײדן. וואָס שייך דיעטע, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער וויניק דיסציפּלינירט. איין מאָל האָט ער פאַר זיין געלט זיך געלאָזט קאָכן אַ ריזיקן טאָפּ מיט עסן, גאָרניט צוגעפּאַסט צו זיין געזונט, און געשלונגען פאַרכליניענדיק זיך. שוין ביים עסן איז אים שלעכט געוואָרן. אַוועקגעבן וועמען דאָס עסן האָט ער ניט געוואָלט, אויפהערן עסן האָט ער ניט געקענט. די קרענק האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ בליץ שנעלן טעמפּ.

און — ממש צום שטוינען — גראָד ביי אַ קראַנקייט, וואָס האָט ביז איצט ניט פאַרשלונגען קיין קרבנות, איז שפּילגאַרן אַריבערגעפירט געוואָרן אין שטעטלשן שפּיטאָל צוליב זיין קאַטאַסטראָפאַלן צושטאַנד, און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה וועגן זיין טויט.



אין לאַגער זענען געווען פאַרשיידענע אַרבעטן, ווי בויען באַראַקן, מאַכן אַ וועג, פלעכטן קוישן פון ים־גראָז, גאָרבן שאָפּנפעל. דער לוין איז געווען אַ האַלב פּערטל קילאָגראַם ברויט און אַ פּערטעלע רויטן וויין. קיין סך איז עס ניט געווען. „קאָס־קרוט" האָט מען עס גערופן אין פראַנצייזיש, אַ מין פאַרבייסעכץ, אָבער ווי אַ צוגאָב צום טעגלעכן וויקט האָט עס ניט געשאַדט.

בעיקר זענען מיר געגאַנגען אויף אַרבעט אויסערן לאַגער: אין אַ

ציגל־פאַבריק, אין אַ שטיין־האַקעריי. פאַרן אַריבערטרעטן דעם טויער האָט די אַרבעטער־גרופּע זיך אויסגעשטעלט צו צוויי אין אַ ריי, און די וואַך, אַראַבישע „גומיע" — מידבר־וואַך, האָט אונדז באַטאַפּט, צי מיר טראָגן ניט עפּעס אַרויס צום „פאַרהאַנדלען".

ס'זענען אויך געווען אַרבעטן ווייט פון לאַגער: פאַרריכטן אַ וועג, האַקןביימער אין וואַלד א"אַנד. צו די דאָזיקע אַרבעטן זענען מיר גערן געגאַנגען. ווייט פון לאַגער האָט זיך צו אונדז אָפט צוגעשאַרט אַן אַראַבער און פאַר אַ פּאָר הויזן, אַ העמד, ווי אָפּגעטראָגן עס איז ניט געווען, האָט מען געקענט באַקומען ברויט, רייז, אייל אָדער פלייש. מיר האָבן געקענט זיך אָנעסן צו דער זעט און נאָך מיטנעמען פאַר די חברים אין לאַגער. אמת, ביים צוריקקומען האָט אונדז די וואַך ווידער אונטערזוכט, אָבער נישקשה, אונטער די קני, אונטער דער נאַגאָוויצע איז דער וואַך ניט איינגעפאַלן צו זוכן...

דאָס מאָל זענען מיר, אַ גרופּע ייִדישע אינטערנירטע, גערופן געוואָרן צו אַ באַזונדערער אַרבעט אויסערן לאַגער — ברענגען צו קבורה שפּיל־גאַרנען אויפן ייִדישן בית־עולם.

מערב־זייט איבער די דראָטן, באַרג אַרויף, איז געלעגן דער מוסול־מענישער בית־הקברות. מיר האָבן אויף אים געקוקט יעדן טאָג, מחמת ער איז געווען נאָענט פאַר די אויגן און ס'איז ניט מעגלעך געווען ניט צו זען אים. אָבער ערשט שפּעטער זענען מיר געוווירן געוואָרן, אַז ס'איז אַ בית־הקברות. ווען מען האָט עס געקאָנט איינפאַלן? אַ גרויסער, שטיינער־נער באַרג מיט פאַרשיידענע ניט פאַרמירטע שטיינער, אָנגעוואָרפענע אָן אַ שום סדר, איז ניט קיין זעלטנהייט אויף דער זאַמדיקער, שטיינערנער טאַהאַרע. קיין לוויות זענען פאַר דער צייט ניט פאָרגעקומען, אָדער צוליב זייער באַזונדערן כאַראַקטער האָבן מיר זיי פּשוט ניט באַמערקט. קליינע גרופּעס מענטשן וואָס האָבן זיך דאָ באַוויזן פון צייט צו צייט, האָבן אויפן פּאָן פון גרויסן באַרג אויסגעזען מילביש קליין. דערנאָך איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז די אָנגעוואָרפענע קליינע און גרעסערע שטיינער זענען מצבות. הויך איז דאָ געשטאַנען אַ געביי, ענלעך געווען צו דעם, וואָס מיר האָבן אָפט געזען אין ייִדישן לוח אָדער אויף ארץ־ישׂראל־בילדער — דער קבר

רחל. דערנאָך האָבן מיר געהערט, אַז דאָס איז אַ מאַראַבוט. מאַראַבוט איז, ווי מען זאָגט ביי אונדז, אַ צדיק. נו, הייסט עס, אַן אַראַבישער צדיק. מאַראַבוט איז אויך אין אַראַביש אַ געצעלט. מיר, למשל, האָבן געוווינט אין מאַראַבוטן — געצעלטן. וואָס זשע איז עס געווען? אַ צדיק? אַ געצעלט? דער אמת ליגט אין דער פאַראייניקונג פון ביידע: אַן אהל פון אַן אַראַבישן צדיק.

איצט האָבן מיר, אַ גרופּע פון צען מאַן, אויסגעשטעלטע אין רייען צו צוויי, באַוואַכט פון אַ „גומיע”, מאַרשירט צום יִדישן, ריכטיקער, ווי מען האָט עס דאָ גערופן, צום איזראַעליטישן בית־עולם.

דער בית־עולם, אַרומגערינגלט פון אַ מויער, איז געלעגן אויפן האַלבן וועג פון שטעטל און אונדזער לאַגער.

דער אַריינגאַנג איז געווען דורך אַ טירל, פּונקט ווי דער אַריינגאַנג צום אַלטן בית־הקברות אין מיין געבוירן־שטאָט. האָט טאַקע גלייך אַ ווייע געטאָן מיט נאָענטער, אייגענער לופט. די שלאַנקע טאָפּאָלן האָבן דערמאָנט אין די בעריאָזקעס, וואָס „מורמלען שטיל אַ תּפילה” און די העברעיִשע אותיות אויף די מצבות האָבן געבראַכט אַ גרוס פון דער אַלטער ווייטער היים, פונעם פייערל אויפן פּריפּעטשיק, פונעם רבין מיט די קינדערלעך... דער דאָזיקער בית־עולם אין דער ווייטער סאַהאַרע איז מיר ניט געווען פרעמד.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שפּילגאַרן איז שוין געווען באַערדיקט. ס'האָט זיך געהאַנדלט אין געהעריק פאַרשיטן דעם קבר און אונטער דער אויפזיכט פון אָרטיקן רב דורכפירן די געהעריקע צערעמאָניע. אין לאַגער־לעבן האָבן מיר שוין אויסגעפירט פאַרשיידענע אַרבעטן, אָבער דאָס מאָל זענען מיר בפירוש געשטאַנען פאַר אַ חברה־קדישא־אַרבעט.

דער רב איז נאָך ניט געווען אָנגעקומען, זענען מיר זיך פונאַנדער־געגאַנגען איבערן בית־עולם כאַפּן אַ בליק.

אין פלוג זענען עס געווען די זעלבע מצבות ווי ביי אונדז, פון דעסט־וועגן האָבן זיי געהאַט אייגענע אַקצענטן. אויף אַלע איז געווען אויסגעקריצט דער פ.נ., אויף אַ סך איז געווען אונטן באַמערקט „חבר פון דער חברה”, געמיינט די חברה־קדישא, וועלכע האָט דאָ אַ ברייטערן געזעלשאַפטלעכן

פּאַרנעם. ניט אַלע זענען מיטגלידער פון דער חברה, און ווער ס'איז יאָ, טראָגט מען אים נאָך דעם שבח.

ערגעץ ניט ווייט פון מיר האָט אַ יונג מיידל, אַנגעטאָן אייראָפּעיִש, ווי יעדער פראַנצייזיש מיידל, אין אָרדענונג געבראַכט קברים. כ'האָב זיך דערנענטערט און געפּרוווט אָנבינדן אַ שמועס.

— משפּחה־קברים ?

— ניין, כ'בין אַ מיטגלידערין פון דער חברה.

— פאַראַן אַ פּרויען־סעקציע אויך ? — טראָגט מיך דער טייוול אונטער, כ'זאָל אַ שפּאַס טאָן. צום גליק פאַרשטייט זי ניט. מיר שמועסן ווייטער. ביסלעכווייז ווערט זי מיין מורה־דרך.

— דאָס זענען קינדער־קברים.

— ווו זענען די מצבות ?

— קינדער־קברים האָבן ניט קיין מצבות.

— פאַר וואָס ?

— ס'איז אַ סגולה.

— אַ סגולה צו וואָס ?

— אַנדערע קינדער זאָלן ניט שטאַרבן.

מיר גייען פאַרביי אַ מצבה, פאַר וועלכער עס ליגן ניט־דערברענטע ליכטלעך, נר־תמידלעך, בלעכענע פושקעלעך מיט איינגעטונקענע אין אייל ניט־דערברענטע קנויטן, שוועבעלעך; איילפלעקן אויף דער ערד ציִען צו די אויפמערקזאַמקייט.

— דאָס איז דער קבר פון „רבי".

דער קבר איז אַן אָרט פאַר ספּעציעלע תפילות אין אַן עת־צרה. ווי עס זאָגט עדות די באַוועגונג אַרום, ווערט ער אָפט באַזוכט.

פּאַמעלעך, פּאַמעלעך שלייכן זיך אַריין דורכן טירל פאַרשיידענע פיגורן. שאַרן זיך צו זיי צו אונדזערע, פּרוּוון אָנקניפּן אַ שמועס. לינקס פון טויער שטייט אַ הויכער, שלאַנקער, קרעפּטיקער מענטש און זשעסטיקולירט מיט שאַרפע באַוועגונגען. ער טראָגט אַ לאַנגן, דינעם טונקעלן כאַלאַט, אַ מין בורנוס, ווי עס טראָגן די אַלזשירער פּויערים. זיין היטל — אַ קיילעכדיקער צודעק פון ברוינעם קאָליר, אין מיטן — אַ רעדל פון באָרדאָ־קאָליר. קיין

באַרד האָט ער ניט, נאָר געזונטע מוחמד־וואָנצעס. שטייט ער אַזוי אַרומ־גערינגלט פון אונדזערע חברים און ס׳ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז ער איז טויב־שטום. אָבער נישקשה, אַ כוח־הדיבור האָט דער מענטש פאַר צען ריידעוודיקע. ער זשעסטיקולירט מיט די הענט די גאַנצע צייט, לאָזט קיינעם צום וואָרט ניט קומען. אַלץ קלערט ער אויף מיט די הענט. היטלערן — ס׳איז יאַנואַר 1943 — מאַכט ער פּאַרטיק: צוגעלייגט די הענט צום האַלדז, אַרויסגעשטעקט די צונג און — דערליידיקט! ווייזן מיר שוין ווי ער האַלט מיט אים. מיט די פּאַשיסטן — שאַך־מאַך מיט דער פויסט פון לינקס אויף רעכטס, פון רעכטס אויף לינקס — קאַפּוט! ער איז אַ שטאַרקער אָנהענגער פון דע־גאָלן. פאַר וואָס טראָגט ער ניט קיין דע־גאָל־אָפּצייכן, איצט, ווען די אַלייִרטע זענען שוין אין צפון־אַפריקע?

דאָ קומט אַן אויפקלערונג מיט דער פויסט אין האַרצן, די געהעריקע גראַפישע צייכנס — דע־גאָלס צייכן איז אַ קרייץ פון לאָטאַרינגיע. ניין! מיר, ייִדן, מיר קאָנען ניט טראָגן קיין קרייץ, מיר — אַ מגן־דוד... איינס און צוויי איז די גראַפישע אויפקלערונג געמאַכט אין דער לופט.

אַוודאי וואָלטן מיר פון דער זשעסטיקולאַציע ניט אַלץ פאַרשטאַנען. אָבער לעבן אונדז שטייט דער פּערצן־יאָריקער נאַנסי און זיין מוטער, אַן אַלמנה מיט אַכט קינדער. זיי דערקלערן אונדז שוין אַלץ אין פראַנצייזיש. אין נאַנסין, אָנגעטאָן ווי אַ פראַנצייזיש ייִנגל מיטן בערעט, זעט מען ניט קיין ייִדישן שטריך. דערפאַר גרויסט ער זיך, אַז אין דער היים האָט ער אַ גרויס בילד פון כותל־המערבי...

דעם פאָטער האָט ער ניט לאַנג צוריק פאַרלוירן. „פאַרסמט דורך ייִדן״ — קומט אַן אויפקלערונג פון דער פרוי, וואָס ברענגט אַרויס דעם קאַמף, וואָס גייט אָן אין דער קליינער עדה ייִדן, פאַרוואָרפן ערגעץ אויפן ברעג פון דעם סאַהאַרע־מידבר. נאָך זיין מוטערס אויפקלערונג פאַרגלאָצט נאַנסי די אויגן און שווערט צו נעמען „ווענדעטאַ״... אין פלוג דוכט זיך: אייגענע ייִדן, אָבער מינהגים פון אַן אַנדערער וועלט...

מיט אַ מאָל ווערט די גרופּע אויפגעלעבט. אַ קרעפּטיק ייִדל, אַ טיפּ פון אַ נאַלעווקער ייִד, אָנגעטאָן אין אַן אַראַבישן ווייסן בורנוס, מיט אַ קאָפּ־

באַדעקונג ווי ביים רמב״ם אויף די בילדער, באַוועגט זיך מיט מונטערע טריט צו אונדז.

דער רב איז געקומען.

זיין פּנים שמייכלט. דאָס האָט ער געבעטן, מען זאָל אונדז צושיקן זיך מתעסק זיין אַרום טויטן. דער רב האָט אַרויסגערופן רעספּעקט ביי די אַרומיקע. אַפילו אונדזער וועכטער ביים טויער האָט זיך פאַרשטעקט אין אַ ווינקל.

דער רב דערנענטערט זיך צו אונדז, גיט אָפּ אַ ברייטן „סאַלעם־אַלייקום״, דערלאַנגענדיק יעדן איינעם די האַנט.

רב, ניט־רב, פאַר אונדז איז ער געווען אַ וויזיע פון אַ ייִדן אויף דער פריי. פאַר אונדז איז דאָס געווען אַ געפיל פון סאַטיספאַקציע, רעוואַנש און האָפענונג. אונדזערע פּאַלעסטינער חברים האָבן זיך צו אים געווענדט מיט אַ פּאָר העברעיִשע ווערטער. דער רב איז געווען פּשוט געריירט, זיך צעשוווּמען אין נחת ; ווּעמען פון אונדז געגלעט איבערן קאָפּ, אַנגערירט מיט דער האַנט, געצערטלט.

ער האָט אונדז קלאָר געמאַכט וואָס צו טאָן : אַרויפוואַרפן אַ פּאָר לאָפּעטעס ערד, פאַרגלעטן דעם קבר. מיר האָבן עס גיך געמאַכט. און וואָס ווייטער ?

ס׳איז ניט לייכט געווען צו פאַרשטיין זיין העברעיִש, אָבער מיר האָבן דאָך פאַרשטאַנען : ער וויל, מען זאָל מאַכן אַן „אל מלא רחמים״. מיר האָבן זיך איבערגעקוקט. וואָס דאָס איז, האָבן מיר געוווּסט, אָבער ווער קען אַזעלכע זאַכן ?

— איך וועל מאַכן — האָט זיך אָנגערופן צענטנער, דער געוועזענער סאַניטאַר פון דער דאָמבראָווסקי־בריגאַדע, און האָט זיך אַוועקגעשטעלט — אָסור, אויב איך פאַרשטיי ביז היינטיקן טאָג — און אָפּגעזאָגט אַן „אל מלא רחמים״ און דווקא פון אויסנווייניק, אַן צו פאַרהאַקן זיך. מיר זענען געבליבן שטיין מיט אָפענע מיילער.

— צענטנער, זאָג קדיש ! — האָט אַ רוף געטאָן יאַנקעלע ראַוך.

— וואָס זשע מיינסטו, כ׳קען ניט ?

— אַ רבנן־קדיש ! — האָב איך דערגעבן.

— נו איז וואָס? — האָט זיך צענטנער ניט געלאָזט אָפּשרעקן. און האָט טאַקע אָפּגעזאָגט אַ רבנן־קדיש, וועלכן ס'האָבן ניט באַוויזן צו פאַר־שיטן אין זיין קלויז־מוח די יאָרן פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, תפיסות, קאַמף אין שפּאַניע און נאָך דעם — די לאַגערן.

דער רב און די אַנדערע יידן פון דזשעלפאַ זענען געשטאַנען אין אַן ענגן קרייז אַרום אונדז און כּמעט אַן איבעררייס געזאָגט „אָמין־אָמין", ניט ווי געוויינטלעך צום סוף תּפילה. זיי האָבן געזאָגט „אָמין־אָמין" ווו מען דאַרף און ווו מען דאַרף ניט, גלייך זיי וואָלטן וועלן באַשטעטיקן, אַז אַלץ איז אמת, אָדער גאָר באַשטעטיקן זייער אָנערקענונג, אַז אָט, די דאָזיקע יונגעלייט, אַ סך פון זיי מיט העלע האָר און בלויע אויגן, זענען פון דעסט־וועגן יידן...

דער רב האָט דערנאָך אונטערגערוקט איטלעכן זיין סידור. יעדערער האָט געלייענט אַ פּסוק, און ווידער אַ מאָל האָבן זיך געהערט די כּסדרדיקע „אָמין־אָמין". די דזשעלפער יידן האָבן זיך געווישט די אויגן, געוואָרפן אויף אונדז בליקן פון ליבע און שטאָלץ.

נאָך דער לאַנדונג פון די אַלייִרטע אין צפון־אַפריקע, איז דער לאַגער־רעזשים מילדער געוואָרן. מיר האָבן אַפילו באַקומען אַ דערלויבעניש צו גיין אין שטעטל, און זענען געוואָרן אָפּטע איינגייערס ביי די דזשעלפער יידן. מיט אַ סך פון זיי האָבן מיר זיך באַפריינדט, אָבער בלויז אויף אַ קורצער צייט. זיבן חדשים נאָך דער לאַנדונג האָבן די אַמעריקאַניש־ענגלישע אַלייִרטע באַשלאָסן אונדז, די פון דער אינטערבריגאַדע, אַרויסצולאָזן פון לאַגער.

מיר זענען זיך צעפאָרן, ווער קיין אַלזשיר, ווער קיין פראַנקרייך און ווער ווייטער.

שפּילגאַרן איז געבליבן אויפן דזשעלפער בית־עולם, אין דער סאַהאַרער מידבר־ערד. ווייט האָט אים דער גורל פאַרטראָגן.

אַוודאי פרישט אויף זיין קבר פון צייט צו צייט אַ מיטגליד פון דער דזשעלפער חברה־קדישא. גוטע יידישע הערצער זענען פאַראַן אומעטום.

# די פּאַרזעצונג

— דער טאַטע איז געווען אַ סוואָלאָטש. אַפּילו אַזוי פיל ניט געטאָן, אָט אָ — האָט יאָסקע אַ ווייז געטאָן אויפן סאַמע שפּיץ פינגער — כּדי צו העלפן דער מאַמען. און די מאַמע האָט געשלעפּט, געשלעפּט די פּעק, געפירט איר האַנדל פון הויז צו הויז, כּדי אויסצוהאַלטן די משפּחה, צאָלן מיין שׂכר־לימוד. ער, דער טאַטע, האָט פון גאָרניט ניט געוואָלט וויסן.

יאָסקע האָט אָפּגעווישט דאָס נאַסע שטעגעלע, געלאָזן דורך אַ שווערער טרער, וואָס האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פון זיין אויג. מיר זענען געזעסן אין סענט־אויזשען, אַ פאָרשטאָט פון אַלזשיר, אָוונט צו, אין גאָרטן, אויף דער ווערענדע פון וועלכער מיר האָבן דורך שיטער צעזייטע פּאַלמעס געקוקט אויפן אָפענעם ים. פון דער ווייטנס האָבן קליינע כוואַליעס געאיילט צו אונדז, טרייבנדיק פאַר זיך ווייסע שוימען. „שעפּסן” האָט מען גערופן דעם סאָרט כוואַליעס און געוווסט: זיי זאָגן אָן, אַז דער ים ווייט אַוועק איז צעשטורעמט. אויפן וועג צו אונדז האָבן די שוימען זיך פאַראייניקט און אָנגעקומען צום ברעג אין אַ זייער געדיכטן ווייסן שוים, וואָס האָט געלעקט דעם ברעג, פאַרדעקט די פעלדזן. אַ ווינטל האָט געבלאָזן, געקילט די הייסע לופט, וואָס דער אַלזשירער יוליטאָג האָט איבערגעלאָזן בירושה.

אַ ביסל ווייטער פון אונדז, פאַררוקט אין אַ ווינקל אונטערן שוץ פון אַ פאַרצווייגטן בוים, איז געזעסן זשוליעט, יאָסקעס פרוי, און איר חברטע קאָראַ און אין דעם בין־השמשות געשמועסט צווישן זיך. מיר האָבן ניט געהערט זייער שמועס. זיי האָבן אויך אונדז ניט געהערט. ווען אַפילו יאָ, וואָלטן זיי אונדז ניט פאַרשטאַנען. מיר האָבן גערעדט פּויליש, דורכגעפלאָכטן מיט יידיש — ביידע שפּראַכן, ניט פאַרשטענדלעכע פאַר די צוויי פרויען, וועמענס איינציקע שפּראַך איז געווען פראַנצייזיש.

— אָ, זיי האָבן אַזוי פיל צו דערציילן! זיי קענען אַזוי אָפּזיצן שעהען

לאַנג און ריידן, ריידן — האָט זשוליעט באַרעכטיקט אונדזער אָפּגעזונ־דערטקייט.

למען האמת, דאָס מאָל האָט נאָר יאָסקע גערעדט. דאָס האָט ער מיך אַריבערגעבראַכט אין שטעטל, פון וואַנען ער שטאַמט, ערגעץ אין מערב־אוקראַיִנע, מיזרח־גאַליציע. יאָסקע האָט גערעדט און צוזאַמען מיט אים האָב איך געשוועבט איבער דער אַלטער, פאַרלאָזענער היים.

— ביסט אַ מאָל געווען אין גאַליציע? — האָט יאָסקע פּלוצעם מיך אַ פרעג געטאָן.

— ניין, מיין מאַמע האָט מיר אַ ביסל דערציילט.

— וואָס האָט זי דאָרטן געטאָן?

— געפאָרן באַגלייטן אַ ברודער.

— וווהין?

— צו שוואַרצן די טשעכישע גרענעץ.

— געווען דאָרטן לאַנג?

— ניין, אַ פּאָר טעג און אַ שבת.

— וואָס האָט זי דערציילט?

— געהאַט דאָרטן שווערע טעג. דער בעל־עגלה, וואָס האָט זיי געפירט צו דער גרענעץ, האָט געפאָדערט אַ ריזן־סומע. געסטראַשעט מיט דער בייטש, מיט זשאַנדאַרמעריע, קוים פּטור געוואָרן פון אים.

— און דער אַלגעמיינער איינדרוק?

— זי האָט פאַרגעדענקט דעם איינדרוק פון שבתדיקן טאָג. אַלע יִדן אין שטריימלעך, אַלע אין זשופּיצעס, און אין מוח פון אַ יִדישער פרוי פון צענטראַל־פּוילן האָט עס אויסגעזען משונהדיק — אַלע רבנים...

— ביי אייך איז אַ יִד אין אַ שטריימל און זשופּיצע אַ רב?

— אַזוי דאַכט זיך מיר.

— און זי האָט געגלייבט, אַז אין גאַליציע זענען אַלע רבנים?

— ניט לאַנג. ערגעץ אויף דער גאַס האָט איר אַזאַ רב געזאָגט אַ ברייטן „גוט־שבת". די מאַמע האָט זיך פאַררייטלט. ווער איז איר דאָ אַזוי נאָענט?

— ווער איז עס טאַקע געווען?

— דער בעל־עגלה!

— אַ באַנדיט! — האָט יאָסקע געפּסקנט און ווייטער דערציילט וועגן שווערן טאָג־טעגלעכן לעבן אין דער היים. אַ לאַנגע קייט פון מי און מאַטער־ניש, ביז די מאַמע האָט באַוויזן דעם נס און אַוועקגעשיקט אים, יאָסקען, קיין בערן שטודירן מעדיצין.



יאָסקען האָב איך געטראָפן צום ערשטן מאָל אין שטאַב פון די אינטער־בריגאַדעס אין אַלבאַצעטע, אין שפּאַניע. ער איז געקומען פון קאָרדאָווער און איך פון מאַדרידער פראָנט. ביידע, יונגע זשרעבאַקעס, וועלכע פּאָרסקען פון געזונט און פלייס. ער איז געשטאַנען פאַר מיר אַ וווקסיקער, ברייט־פּלייציקער, מיט אַ ברייט פּנים, פּראָפּאָרציאָנעל געטיילט דורך אַ ברייטער ענערגישער נאָז און אַ טיף גריבעלע אין מיטן גאָמבע. נאָר וואָס באַקענט זיך, האָבן מיר ניט באַוויזן זיך ריכטיק אויסצושמועסן. אין מיטן נאַכט איז יאָסקע אַוועק ערגעץ אויף אַן אַנדערן פראָנט, אין דער פרי בין איך אַוועק. ס'איז געבליבן אַן אָנגעהויבענע פריינדשאַפט. ניט איין מאָל האָבן מיר דערנאָך אין שפּאַניע זיך באַגעגנט, אָבער שטענדיק ווי צוויי שנעלצוגן אין לויף.

אויך אין די לאַנגע יאָרן פון אונדזער זיין אין די לאַגערן האָבן מיר אונדזער פריינדשאַפט ניט פאַרטיפט. אין לאַגער אויף דער אַלזשירער ערד, אין סאַהאַרער מידבר, נאָך דער אַרבעט, איז ניט געווען קיין חשק צו שמועסן און פירן וויכּוחים.

אונדזער נענטערע פריינדשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן, ווען מיר האָבן ווי באַפרייטע פון דזשעלפאַ־לאַגער געשטעלט די ערשטע טריט אויפן אַלזשירער ברוק. אָן אַ פריינד, אָן אַ היים, האָבן מיר זיך געלאָזט אין גאַס אַריין, אין דער ייִדישער קהילה, זוכן אַן אָנהאַלט, אַ באַשעפטיקונג.

קיין שוואַרצע האָר און שוואַרצע אויגן האָבן מיר ביידע ניט געהאַט, אָבער אַ ייִדישן בליק, ווייזט אויס, אַז יאָ. זענען מיר אַזוי געשטאַנען פאַרן ראָש־הקהילה פון אַלזשיר, וועלכער האָט זיך געפרייט, וואָס גאָט האָט אים

אַראָפּגעשיקט ווי פון הימל צוויי יונגע, געזונטע ייִדישע קינדער און דער־מעגלעכט אים צו טאָן אַ מיצווה.

פֿאַר יאָסקען האָט מען געפונען אַרבעט אין אַ ייִדישער קליניק, ווו ער, אַ דאָקטער, וועט אָרדינירן אין די מאָרגן־שעהען, און מיך האָט מען געשיקט ערגעץ אין אַן אַמעריקאַנער שטאָב צו געפינען פֿאַר מיר אַ באַשעפטיקונג. אין שטאָב האָט מיט מיר געשמועסט אַ העכערער אָפיציר, אַ ייִד, און מיך ווייטער געשיקט מיט אַ צעטל, אַז „דער איבערברענגער פון צעטל שיינט צו זיין געגנוג אינטעליגענט". צו מאָרגנס בין איך פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַדמיניסטראַטאָר פון דער אַמעריקאַנער לופטבאַזע אין אַ פֿאָרשטאָט פון אַלזשיר. אונטער מיין לייטונג זענען געשטאַנען מעכאַניקער, שאָפֿערן, אַרבעטער — פראַנצויזן, פּאָליאַקן, רוסן, אַראַבער. איבער מיר איז געווען דער עראָפּלאַן וואָס האָט זיך אויפגעהויבן, און מיינע אַמעריקאַנער בעלי־בתים. זיי האָבן וואָס ווייניקער געוואָלט האָבן צו טאָן מיטן גאַנצן עסק.

נאָך דער אַרבעט האָב איך כמעט טאָג־טעגלעך זיך באַגעגנט מיט יאָסקען. מיר האָבן געאַרבעט אין צוויי באַזונדערע וועלטן. איך — צווישן פראַנצויזן, אַמעריקאַנער און אויסלענדער, און ער — צווישן ייִדן, ייִדן פון די אָרעמסטע שיכטן, וואָס זענען געקומען געניסן פון געזעלשאַפטלעכער מעדיצינישער הילף, און אויך פון די „בעסערע" שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג — ווילטויִקע דאַמען, וועלכע האָבן אויסגעפירט די ראָלע פון אַדמיניסטראַטאָרס, אויפזעערינס, קראַנקן־שוועסטער.

דאָס אַריינדרינגען אין אַזעלכע קרייזן, דווקא בעת אַ שטורעמדיקער צייט, האָט דערמעגלעכט צו דערקענען נענטער פֿאַרשיידענע שיכטן פון דער היגער געזעלשאַפט און וויסן, וואָס דאָרטן טוט זיך.

ווען מיר האָבן זיך געטראָפן מיט יאָסקען, האָבן מיר געשמועסט וועגן אַמאָל און וועגן דעם היינט, אַנאַליזירט מענטשן, געשעענישן, קליינע און גרויסע פֿאַרטייען און באַוועגונגען. יאָסקע האָט גענומען פירן אַ קאַרטאָ־טעק, ווו ער האָט נאָטירט כאַראַקטעריסטישע שטריכן, באַמערקונגען וועגן פּערזענלעכקייטן אין אַלזשירער לעבן: אַראַבער, פראַנצויזן, ייִדן. אין דער קאַרטאָטעק האָט מען געקענט געפינען וועגן די מענטשן — ווער מיט

ווען ס׳האָט חתונה געהאַט, וועגן זייערע נייגונגען. די ידיעות האָט ער געשעפּט פון צייטונגען, פּריוואַטע שמועסן.

אונדזערע באַגעגענישן זענען ניט איבערגעריסן געוואָרן אַפילו דעמאָלט, ווען יאָסקע האָט זיך דערנענטערט צו איינער פון די ווילטוויִקע דאַמען, אַ יונגע אַלמנה, און ס׳האָט זיך געשטעלט די פראַגע פון חתונה האָבן. די פרוי, זשוליעט, איז געווען פון אַ „בעסערער היים״, און דער דאָזיקער שידוך האָט אויפגעהויבן אַ ריי פּראָבלעמען.

פאַר דער דאָרטיקער סביבה איז דאָך יאָסקע געווען קודם־כּל אַ פרעמדער, אַן „עטראַנזשע״. מען האָט געוווּסט, אַז ער איז אַ ייִד, אָבער די לעצטע פּאָליטיש־געאָגראַפישע ענדערונגען האָבן אַ ביסל קאָמפּליצירט די באַגריפן — אַ פּוילישער, אַ רוסישער, אַן אוקראַיִנער ייִד? מען האָט אויך געוווּסט, אַז ער איז פון די אינטערבריגאַדעס, אַ באָלשעוויק.

די משפחה האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט: ניין און ניין! אָבער זשוליעט האָט זיך פאַרעקשנט. דעם ערשטן מאַן וואָס מען האָט איר געגעבן, האָט זי אָנגענומען ווי אַ גוטע טאָכטער, כאָטש ער איז איר ניט באַזונדערש געפעלן. געווען אַ קראַנקער, ניט קיין רעפּרעזענטאַטיווער. אָבער דאָס מאָל, דאָס צווייטע מאָל, גענוג! זי וועט נעמען ווען זי וויל. און אַזוי איז עס געשען. טאַטע־מאַמע, שוועסטער און שוואָגערס האָבן גאָרניט געפּועלט.

שוין פאַר דער חתונה האָט זיך יאָסקע אַריינגעצויגן צו זשוליעט אין הויז, אין איינער פון די אַלזשירער פאָרשטעט. דאָס איז געווען אַן איינשטאָקיקע געביידע, געבויט אין אַ פירעק מיט אַ פּאַטיאָ אין דער מיט. דאָס הויז איז געשטאַנען אין אַ ברייט פאַרלייגטן גאָרטן, וואָס איז געגאַנגען שטופּנווייז באַרג־אַראָפּ ביז צום שאָסיי. אַ פּאָר צענדליק מעטער ווייטער האָט זיך געוויגט דער ים. דאָס הויז האָט געהאַט אַ סך צימערן און דינסטאיינריכטונגען. ס׳האָבן אין אים געקענט לעבן מערערע משפחות. אַ טייל פון אַ פליגל אויפן ערשטן שטאָק האָט באַקומען זשוליעט. דאָרטן האָט זיך עס יאָסקע אַריינגעצויגן.

גערוירן אין מיזרח־גאַליציע, ריכטיקער — אין מערב־אוקראַיִנע, האָט יאָסקע געגאָלטן פאַר אַ סאָוועטישן בירגער, און ווי אַזאַ איז ער געשטאַנען

אונטער דער סאָוועטישער שוץ. אַלץ וואָס ער האָט געטאָן, איז געווען אונ־טערגעוואָרפן דעם סאָוועטישן הכשר. יאָסקע האָט עס אָנגענומען מיט שטאָלץ, און כ׳גלייב, אַז אַפילו מיט התחייבותן. אין יענער תקופה פון נצחונות פון דער רויטער אַרמיי איז עס געווען אַ כּבוד־זאַך.

אין איינעם אַ טאָג האָט מיר יאָסקע געמאָלדן, אַז אַלע פאָרמאַליטעטן זענען דערליידיקט און פרייטיק נאָך מיטאָג וועט פאָרקומען די חתונה. וואָס הייסט די חתונה? ס׳וועט זיין אַ חופּה מיט פיר שטאַנגען, מיט אַ רב — כּדת משה וישׂראל — און איך וועל זיין דער עדות פון חתנס צד. און דער עיקר — די סאָוועטישע אַמבאַסאַדע האָט געגעבן איר הסכּם צום שידוך און אַפילו צו אַ רעליגיעזער חתונה, ווי ס׳האָט פאַרלאַנגט די משפּחה.

די חתונה איז טאַקע פאָרגעקומען מיט אַלע פּיטשעווקעס. כ׳האָב זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז ס׳איז פאַראַן אַזוי פיל בשותּפותדיקס צווישן די מינהגים פון די ייִדן אין מיזרח־אייראָפּע און די ייִדן אין צפון־אַפריקע. ס׳איז געווען דער רב, דער כּוס וויין, די שבע־ברכות, דאָס ברעכן אַ גלאָז — אַלץ ווי אין פּסוק שטייט. דאָס לייענען די קליינע אותיותלעך איז ביי יאָסקען און ביי מיר אויסגעפאַלן גלאַטיק, פליסיק. דאָס האָט אונדז געגעבן אַנזען, אַוועקגענומען יעדן חשד. ייִדן זענען מיר געווען, און ניט סתּם וועלכע!

— זיי קענען אַזוי גוט לייענען אין די הייליקע ספרים — האָט זשוליעט אונדז געריטמט פאַר אירע חברטעס אין אונדזער בייזיין.



יאָסקע האָט אָנגעהויבן זיין טאָג־טעגלעך לעבן אין זשוליעטס הויז. אין גאָרטן זענען געוואַקסן בלומען. דער גערטנער האָט זיי געבאַוועט, אָבער ניט שטענדיק. די איריסן און אַראָמס האָט מען באַדאַרפט אַרומשניידן. די הינער זענען אַרומגעלאָפן איבערן הויף, איבערן גאָרטן. מען האָט באַדאַרפט גרייטן עסן פאַר זיי: אָנשניידן ברויט, געבן קערנדלעך. דאָס האָט יאָסקע געטאָן. געווען שווער מיט ברויט, מיט קאָרן, האָט ער אַריינגעשניטן גרינס, קאַרטאָפל, און די הינער האָבן געפּיקט, אַלץ אויפגעגעסן, צו יאָסקעס ווילד פאַרגעניגן. געווען אַ ראַציאָנעלער בעל־הבית, און זשוליעט האָט געמוזט

זיך צופּאַסן צו זיינע אָנווייזונגען, ס'זאָל אַלץ זיין שפּאָרעוודיק. געלעבט האָט מען דאָך פון קליינעם לוין, וועלכן יאָסקע האָט באַקומען. אויסער דער וווינונג האָט די בעל־הבתּישע משפּחה ניט געקענט גאָרניט צושטעלן. פון אַמעריקאַנער פּי־עקס האָב איך אָפּט געבראַכט קאָנסערוון, שפּייז־אַרטיקלען. איך האָב געמוזט אָננעמען די סומע, וועלכע כ'האָב באַצאָלט, ווי לעכערלעך זי זאָל ניט האָבן געווען. אַלץ איז פאַרניצט געוואָרן מיט מאָס און זאָרג. יאָסקע האָט געהאַט זיינע געזעצן פאַר שפּאָרעוודיקייט. ווען דער טאָפּ, למשל, איז געשטעלט געוואָרן אויפן גאַז, האָט דאָס פייער ניט געטאָרט אַריבערגיין דעם דעק פון טאָפּ.

— האָסט שוין ווידער געמאַכט אַ צו שטאַרק פייער — האָב איך ניט איין מאָל געהערט יאָסקעס קול, און זשוליעט האָט זיך געאיילט פאַרריכטן דעם „פאַרזע".

אין די ווינטער־אָוונטן זענען מיר געזעסן אַרום קאַמין. און אויך ווען ליגן האָלץ אין קאַמין האָט יאָסקע געהאַט זיינע געזעצן. אין טונקל, ווען דאָס האָלץ האָט געקנאַקט און אַרויסגעגעבן אַ ליבע וואַרעמקייט, האָבן מיר געשמועסט, אויפגעלעבט זכרונות, אָדער סתם געמאַכט אָרדענונג אין דער וועלט, אַרומגערעדט אַקטועלע פּראַגעס, און יאָסקעס קאַרטאָטעק איז גע־וואַקסן...

יאָסקען און זשוליעט פלעג איך צו מאָל באַזוכן אין מיטן וואָך, און זונטיק — כּמעט שטענדיק. אַ פּאָר וואָכן בין איך צו זיי ניט געקומען. אין צווישן איז זשוילעטס פאָטער געשטאָרבן.

— אַ שאָד וואָס דו ביסט ניט געווען — האָט געזאָגט זשוליעט. — דער פאָטער האָט געפרעגט אויף דיר. זיך צוגעווינט דיך צו זען אין אונדזער הויז.

כ'האָב ניט געמערקט, אַז אין הויז זאָל זיך האָבן וואָס געענדערט. בלויז באַמערקט, אַז זשוליעט איז אין אַנדערע אומשטענדן. מען האָט דערפון ניט געשמועסט. צי דערפאַר, וואָס די משפּחה האָט נאָך אַלץ ניט פאַרדייעט דעם ענין יאָסקע? ס'איז געווען אַ מין וואַרטן, וואָס וועט סוף־כּל־סוף ווערן דערפון.



פראַנקרייך האָט געהיילט אירע מלחמה־ווונדן. ס׳האָט זיך איינגעשטעלט אַ נאָרמאַלע פאַרבינדונג צווישן פאַריז און אַלזשיר.

אין אַ שיינעם טאָג בין איך געקומען זיך געזעגענען. קיין איבעררעשונג איז עס ניט געווען. מיין גאַנצער לעבנס־שטייגער דאָ איז געווען אויף איין פוס, אויף דערוויל. קיין וואָרצלען האָב איך דאָ ניט געשלאָגן.

אונדזער לעצטע באַגעגעניש איז פאַרביי אין אַ שווערלעכער שטימונג. צי האָט יאָסקע זיך גענומען אַרומקוקן, ווו ער בלייבט אין דער וועלט? צי האָט גאָר זשוליעט טיף אין האַרצן מורא באַקומען פאַר דער וואַנט, וועלכע נעמט זיך קרישלען?

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מיין שיף אָפּגעקלאַפּט פון אַלזשירער ברעג. מיט זעקס יאָר צוריק, ווען כ׳האָב דערזען אַלזשיר פון ים, און די שיינע ווייסע הייזער לענג־אויס דעם ברעג האָבן געמאַכט אַ וואַרעמען איינדרוק, האָב איך געפרעגט וואָס איז דאָס פאַר אַ שטאָט. איצט האָב איך געקענט דעם ברעג פון מלוכה־סקווער ביז ברעסאָן־סקווער און ביז באָטאַנישן גאָרטן — געקענט דאָ יעדן ווינקעלע. אָבער קיין סענטימענט איז ניט געבליבן.

די שיף האָט שווער געקרעכצט. גענומען ריכטונג אויף פראַנקרייך. ווען דער פּאָרט איז שוין געווען ווייט, בין איך אַריין אין קאַבינע און פאַר־מאַכט די טיר. אַ גוטן טאָג! אין צוויי טעג אַרום בין איך געווען אין מאַרסיי, פון וואַנען כ׳בין מיטן ערשטן צוג אַוועק קיין פאַריז.

ווי אַ גוטער פריינד האָב איך גלייך אין די ערשטע טעג געשריבן צו יאָסקען. קיין ענטפער איז ניט געקומען. אָבער ביי אַ חודש שפּעטער האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר. פאַר מיר איז געשטאַנען יאָסקע! כ׳האָב זיך שטאַרק דערפרייט, ווי בעת מען באַגעגנט זיך מיט אַן אַלטן גוטן פריינד. פון אונדזער שמועס איז קלאָר געוואָרן, אַז אין אַ געוויסן מאָמענט האָט יאָסקע געמוזט איבערלאָזן זיין מעדיצינישע פּראַקטיק, און דער עיקר — זיין שוין צו שטאַרק אויפגעשוואָלענע קאַרטאָטעק — און האַסטיק פאַרלאָזן אַלזשיר. אין פאַריז, ווו ער איז אָנגעקומען היינט אין דער פרי, וועט ער בלייבן ביז מאָרגן, און וועט אָפּפליִען קיין מאָסקווע. און זשוליעט? זשוליעט, אין די לעצטע וואָכן שוואַנגערשאַפט, האָט געמוזט בלייבן אין אַלזשיר. מען

וועט זי שוין אַריבערברענגען קיין מאָסקווע. פאַר דעם איז דאָ, ווער עס זאָל זאָרגן — האָט מיך יאָסקע באַרויִקט. און וואָס איז מיט דער קאַרטאָ־טעק? פאַר דעם האָט שוין געזאָרגט דער סאָוועטישער געהיימדינסט...

מיר האָבן זיך געזעגנט און יאָסקע איז אַוועק. פאַרשוווּנדן, ווי אַ שטיין אין וואַסער. זשוליעטס בריוו צו מיר זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל פאַר־צווייפלטער, ביז זיי האָבן אויפגעהערט קומען.



אין אַ צוויי יאָר אַרום האָב איך אויסגעניצט מיין זומער־אורלויב און אַוועק אויף אַ באַזוך אין אַלזשיר. כ'בין אַרויסגעפלויגן ביי נאַכט און נאָך פיר שעה פליִען געשטאַנען אויפן פליפלאַץ אין מעזאָן בלאַנש. שוין אין ערשטן טאָג בין איך געגאַנגען באַזוכן יאָסקעס משפחה. כ'האָב געשלונגען די טרעפּ צו צוויי מיט אַ מאָל, און ווען כ'האָב געשפּרייזט צו דער טיר — צו וואָס באַהאַלטן — האָט מיר דאָס האַרץ גוט געקלאַפּט. ווּעמען וועל איך טרעפן? כ'האָב אָנגענומען די קופּערנע האַנט, געשלאָסן אין אַ פויסט, וואָס איז געהאַנגען אויפן מיטן טיר, און עטלעכע מאָל מיט איר לייכט אַ קלאַפּ געטאָן אויף דער קופּערנער פּליטע, אויף וועלכער זי האָט גערוט. כ'האָב זיך גלייך דערווייטערט פון דער טיר, כּדי צו קענען קוקן אַרויף צו די פענצטער און זען, ווער ס'וועט זיך אַרויסבויגן. פון אַ פענצטער האָב איך דערהערט זשוליעטס זשעגירטע שטים. זי איז גלייך אַראָפּ מיר עפענען. מיר זענען ביידע געווען אין פאַרלעגנהייט, ניט געקענט זיך פרייען פון דער באַגעגעניש. די ווירקלעכקייט האָט שווער געדריקט. שווער צו שמועסן, ווען אַלץ איז קלאָר און ס'בלייבט ניט וואָס צו זאָגן. פאַר מיר איז געזעסן זשוליעט נאָך צוויי יאָר וואַרטן — לאַנגע, פולע צוויי יאָר, טעג און נעכט פון וואַרטן און טראַכטן. כ'האָב זיך ניט געניייטיקט אין אויפקלערונגען און גוט געוווּסט, אַז פון „דאָרטן" שרייבט מען ניט, אַז ס'איז ניט דאָס אָרט, ווו מען פאָרט אַריין און אַרויס. וועגן דעם האָט זיך זשוליעט איבערצייגט אויף איר אייגענער הויט. אָן ידיעות פון יאָסקען איז זשוליעט נאָך אַ פּאָר חדשים וואַרטן געגאַנגען צו דער סאָוועטישער פאַרטרעטערשאַפט פרעגן.

מען האָט זי אָפּגעפּאַרטיקט מיט אַ באַרויִקונג, אַז ס'וועט זיין גוט. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט די פּאַרטרעטערשאַפט איר איבערגעגעבן אַ דעפּעש פון יאָסקען, אַז „ער איז געזונט, אַז אַלץ איז אין בעסטער אָרדענונג". און ווידער זענען פאַרביי וואָכן אָן אַ ידיעה פון אים.

נאָך אַ פּאָר חדשים ווייטערדיקן וואַרטן איז אין דער פּאַרטרעטערשאַפט אַוועק ראָבערט, זשוליעטס שוואָגער, וואָס פלעגט שטענדיק אַטאַקירן סטאַלינען. שוין די שוועל פון דער פּאַרטרעטערשאַפט איז ער אַריבערגעטראָטן אָן אויפגעקאָכטער. ער האָט געפּאָדערט תּיכף אויפגענומען צו ווערן דורכן שעף. דער פּאָרטיע האָט אַ ביסל זשענירט געקוקט אויף דעם טומלדיקן פּראַנצויז, אים געבעטן זיך באַרויִקן און אויספילן אַ פרעגבויגן. ראָבערט האָט זיך געמוזט אַוועקזעצן, אָנגעבן זיין נאָמען, דעם טאַטנס נאָמען, זיין עלטער, באַרוף און ענטפערן אויף אַ לאַנגער, לאַנגער ריי פראַגעס, ביז ער איז דערגאַנגען צו דער לעצטער — אין וואָס פאַר אַן ענין ער וויל אינטערווענירן. ראָבערט איז אונטערגעשפּרונגען נאָכן איבערלייענען יעדע פראַגע. ער האָט ניט געקענט באַגרייפן: וואָס גייט עס זיי אָן? וואָס פרעגן זיי אַזוי פיל? אָבער ער האָט געענטפערט, געענטפערט אויף אַלץ און לסוף איבערגעגעבן דעם אויסגעפילטן פרעגבויגן דעם פּאָרטיע. איצט איז בלויז געבליבן וואַרטן, ביז מען וועט אים רופן. אין אַ צען מינוט אַרום האָט ער שוין געפרעגט, ווי לאַנג וועט ער נאָך דאַרפן וואַרטן. ס'האָט אים ניט געהאָלפן. ס'האָט געדויערט אַ גוטע שעה, ביז מ'האָט אים אויפגענומען. און אויפגענומען האָט אים אַ צווייטראַנגיקער באַאַמטער. ראָבערט האָט דערציילט דעם גאַנצן ענין, גערעדט, געטענהט, געשריִען: וואָס הייסט? וואָס איז דאָס פאַר אַ לאַנד? פאָרט אַהין אַ מענטש, ווערט ער פאַרפאַלן ווי אַ שטיין אין וואַסער?! דער באַאַמטער האָט זיך באַמיט אים צו באַרויִקן. ראָבערט האָט ניט געגלייבט קיין וואָרט און לסוף אָן אויפגעקאָכטער פאַרלאָזט די פּאַרטרעטערשאַפט. שוין זייענדיק אין דער היים האָט ראָבערט נאָך אַלץ ניט געקענט זיך באַרויִקן. ער האָט מיט אַלע פּרטים דערציילט וועגן זיין באַזוך, איבערגעגעבן וואָס ער האָט געזאָגט, וואָס מען האָט אים געענטפערט, און דערביי איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ נאָך גרעסערער אויפרעגונג. די היימישע האָבן זיך צוגעהערט פאַרלעגן, פאַרצווייפלט.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז געקומען אַ בריוו פון יאָסקען. דער בריוו איז ניט געווען קיין סך אויספירלעכער, ווי די פריִערדיקע טעלעגראַם. בלויז געווען איז אָנגעגעבן אַן אַדרעס. זשוליעט האָט גלייך געשיקט אַ בריוו אויפן דאָזיקן אַדרעס. קיין ענטפער האָט זי ניט באַקומען.

זשוליעט האָט גערעדט פּאַמעלעך, פּרעציז, ווי שוין ניט איין מאָל אַרויסגעזאָגטע פראַזעס. פון צייט צו צייט האָט זי פאַרבאָרגענערהייט אָפּגע־ווישט אַ טרער. כ׳האָב זי ניט איבערגעריסן ניט מיט קיין פראַגע, ניט מיט קיין וואָרט. כ׳האָב שטיל געקוקט פאַר זיך, אויסגעמיטן זשוליעטס בליק.

פון אַ צימער מיט אַן אָפענער טיר איז אַריינגעלאָפן אַ קינד.

— דאָס איז ער?

— יאָ, ער הייסט זשאַרזש — זשוליעט האָט אים אַ רוף געטאָן — ווי יאָסקע, ניט אמת?

— יאָ, אין גאַנצן. ווי אויסגעגאָסן.

זשאָרזש איז שוין געווען ביי צוויי יאָר אַלט. אַ געזונט געבויט קינד מיט זיכערע פּנים־שטריכן, זיכערע באַוועגונגען. כ׳האָב אים אַ צערטל געטאָן, געוואָלט פאַרהאַלטן אויף אַ ווייל. ער האָט זיך געראַנגלט מיט מיר, זיך ניט געלאָזט. לסוף מיר דערלאַנגט אַ טערעבענץ אין פּלייצע מיט אַ כּוח, גאָרניט פאַר זיין עלטער. די מאַמע האָט זיך פאַרשעמט און צו גלייך שטאָלץ געווען. ער איז אַוועק ערגעץ אין אַ זייט.

אין צווישן איז אַריינגעקומען די אַלטע מאַמע, נאָך מער פאַרעלטערט, דערנאָך — די עלטערע שוועסטער, נאָך מער פאַרזויערט. מיר האָבן זיך וואַרעם באַגריסט. זיי האָבן זיך ניט לאַנג פאַרהאַלטן אין צימער. זשוליעט האָט פאַרגעזעצט איר פּיינלעכן מאָנאָלאָג. איך האָב זיך צוגעהערט שוין בלויז כּדי איר צו דערמעגלעכן זיך אַראָפּצורעדן פון האַרצן. קיין בייעס האָב איך ניט דערוואַרט. זי האָט מיך פאַרבעטן צום אָוונט־עסן. כ׳האָב געזאָגט, אַז איך בין אָפּגעשמועסט אויף היינט אָוונט.

ניט אמת. כ׳בין ניט געווען אָפּגעשמועסט. כ׳האָב פּשוט ניט געוואָלט בלייבן. כ׳וואָלט ניט געקענט אַראָפּשלינגען דעם ביסן.

כ׳האָב נאָך אַ פּאָר מאָל באַזוכט זשוליעטן. געבראַכט שפּילצייג פאַר

זשאַרזשן, געפּרוווט געבן האָפּענונג, אין וועלכער כ׳האָב אַליין ניט געגלייבט, און צוריק אַוועק קיין פּאַריז.



די יאָרן האָבן ניט געבראַכט קיין ענדערונגען. דורך די יאָרן האָבן זיך דורכגעוועבט זשוליעטס בריוו צו מיר פון אַלזשיר. און יאָסקע? יאָסקע איז געווען ווייט אַוועק. פון אים זענען ניט געקומען ניט קיין בריוו, ניט קיין טעלעגראַמען.

אין אַ שיינעם טאָג, נאָך לאַנגע יאָרן, זייענדיק אין האַנאָי, אין אַן אַזוי גערופענער ברידערלעכער רעפּובליק, האָב איך אויסגענוצט אַ פרייע מינוט און אָנגעשריבן צו יאָסקען אויפן אַדרעס, ווי ס׳האָט אָנגעגעבן זשוליעט. כ׳האָב גלייך באַקומען אַן ענטפער. ס׳האָט זיך איינגעשטעלט צווישן אונדז אַ נאָרמאַלע קאָרעספּאָנדענץ.

וואָס איז דאָ צו ריידן? ס׳איז געשען, ווי דער שטייגער איז געווען: ווי נאָר יאָסקע איז אַריבער די שוועל פון סאָוועטישן „גן־עדן”, האָט ער געמוזט אויפגעבן די פאַרבינדונג מיט דער מערב־וועלט. צי איז ער ניט „אַ ביסל געזעסן”, ווי ס׳האָט זיך געפירט בימי סטאַלין, ווייס איך ניט. וועגן אַזעלכע זאַכן שרייבט מען ניט אין בריוו פון דאָרטן. יאָסקע האָט ניט געשריבן קיין אַלזשיר, אָפּגעריסן זיך. און אַזוי אַ יאָר נאָך אַ יאָר. צו ערשט איז ער געווען אין אוקראַיִנע. ער האָט דאָך געשטאַמט פון מיזרח־גאַליציע, דערנאָך איז ער פאַרוואָרפן געוואָרן אַ פּאָר טויזנט קילאָמעטער אויף מיזרח. (פאַר וואָס, ווייס איך ניט). ווייט פון גאָט און פון מענטשן, האָט ער זיך דאָרטן געטראָפן מיט אַ פרוי, אויך אַ דאָקטער, און — יאָ, דאָס איז עס.



בעת מיינע רייזעס איז מיר ניט איין מאָל אויסגעקומען זיך צו פאַר־האַלטן אויף דער סאָוועטישער ערד. כ׳האָב שטאַרק געוואָלט זיך טרעפן מיט יאָסקען. אַזעלכע באַגעגענישן געהערן אָבער ניט צו די געוווינהייטן אין דאָזיקן לאַנד, און פון מיין ווונטש איז גאָרניט אַרויסגעקומען.

איין מאָל (ס'איז שוין געווען נאָך פופצן יאָר!) האָט מיר די פּאָסט אין איין און דער זעלבער צייט געבראַכט בריוו פון יאָסקען און פון זשוליעט. זשוליעט האָט אַלץ געוואַרט אויף ידיעות פון יאָסקען... כ'האָב זיך ניט געפילט בכּוח צו דערציילן יאָסקען וואָס זשוליעט שרייבט, און אַוודאי ניט צו דערציילן זשוליעטן וואָס יאָסקע שרייבט. כ'האָב אויפגעהערט שרייבן צו ביידן.

זשאָרזש איז שוין היינט אַ דערוואַקסענער מענטש. וווינט ער נאָך אין אַלזשיר, אָדער איז מיט זיין מוטער אין פראַנקרייך צי ערגעץ אַנדערש ווו אין דער וועלט?

כ'צווייפל ניט, אַז זשוליעט האָט אַלץ געטאָן, כּדי צו געבן איר זון אַ גוטע דערציִונג. ווי אָן איינזאַמער פרוי איז עס איר זיכער ניט לייכט אָנגעקומען.

צי זיצט ניט איצט זשאָרזש ערגעץ ווו מיט פריינד, פּונקט ווי זיין פּאָטער יאָסקע איז אַ מאָל געזעסן מיט מיר, און צי הייבט ער ניט אָן זיין לעבנס־געשיכטע מיט די ווערטער: „דער טאַטע איז געווען אַ סוואָלאָטש, אַפילו אַזוי פיל ניט געטאָן — און דאָ טוט זשאָרזש אַ וויִז אויפן סאַמע שפּיץ פינגער — כּדי צו העלפן דער מאַמען...“

# דאָרטן ווו אַפילו טויט באַפרייט ניט

„מאַיאַס פאָטער איז געשטאָרבן אין שפּיטאָל פון אַ האַרצאַטאַק״ — אַזוי האָט מען מיר צו וויסן געטאָן אין אַ בריוו פון פוילן. מען דאַרף קענען לייענען צווישן די שורות: „מאַיאַס פאָטער״ — דאָס איז יערזשי (ישׂראל) ברין, און דאָס „שפּיטאָל״ איז די תּפיסה אין ביטאָם, ווו ברין איז אָפּגעזעסן זיין לעבנס־לענגלעכן גזר־דין.

מיט ישׂראל ברין האָב איך זיך באַקענט אין 1939, אין קאָנצענטראַציע־לאַגער גורס, דרום־פראַנקרייך. דאָרטן זענען מיר, געוועזענע קעמפער פון דער אינטערבריגאַדע, געזעסן נאָכן צוריקציִען זיך פון שפּאַניע. דער לאַגער איז געווען אַרומגעריגלט מיט שטעכלדראָט, אונטער אַ שווערער וואַך פון די פראַנצויזן. מיר זענען דאָרטן געווען מענטשן פון אַ סך פעלקער, צונויפגעפּרעסט אין אַ צאָל באַראַקן. מיר זענען געשלאָפן אויף שטרויזעק, אין דער פרי האָבן מיר באַקומען קאַווע און ברויט. אויך מיטאָג און אָוונט־עסן האָבן מיר באַקומען. דאָס איז ניט געווען קיין לוקסוס־האָטעל, אָבער ס׳איז אויך ניט געווען קיין לאַגער פון די נאַציס.

יעדן טאָג מיטאָגצייט זענען צו אונדז דערגאַנגען די פראַנצייזישע צייטונגען און נאָכן עסן האָט עמעצער פון די באַראַק־איינוווינער געלייענט די צייטונג הויך אויפן קול, אויף דער שפּראַך פון זיין גרופּע. ביי אונדז, אויף פּויליש, אין אַזאַ מין סימולטאַן איבערזעצונג פון פראַנצייזיש, האָב איך געלייענט. ברין האָט געטאָן דאָס זעלבע אין זיין באַראַק, קעגן איבער. מיר האָבן זיך באַפריינדט. ער האָט גערעדט גוט פראַנצייזיש, שפּאַניש, דייטש, ענגליש, יידיש און, פאַרשטייט זיך, העברעיִש. איז ער דאָך קיין שפּאַניע געקומען גלייך פון פּאַלעסטינע. אַנדערע יאָטן וואָס זענען אויך געווען פון דאָרטן, האָבן זיך געזאַמלט אַרום אים, און זייערע שמועסן, וויצן, אויסגעשרייען זענען תּמיד געווען אין העברעיִש.

אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז ברין פאַרשוווּנדן. ער איז געווען צווישן

די גליקלעכע, וועלכע האָבן געהאַט אַ פּאַלעסטינער פּאַספּאָרט, אַ פּאַספּאָרט פון אַ לאַנד וואָס איז ניט געווען אונטער דער נאַצי־הערשאַפט; ער האָט געהאַט וווהין צו פאָרן. די בירגער פון פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיי, איטאַליע, דייטשלאַנד האָבן קיין חשק ניט געהאַט צו פאָרן אַהיים, ווייל דאָרט וואָלטן זיי (אין בעסטן פאַל) אַריינגעזעצט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. ברין איז אַוועק קיין תל־אָביב.

אין 1946־1947 האָט ער געאַרבעט אין דער דימענטן־בראַנזשע און איז געווען אַן אַקטיווער קאָמוניסט, געהאָלפן צוגרייטן די צייטונג „קול העם", אָרגאַן פון דער קאָמפּאַרטיי. ער האָט אַפילו פאַרלאָזן זיין אַרבעט און אַרי־בער אַרבעטן פאַר דער פּאַרטיי. אין די אינערלעכע פּאַרטיי־דיסקוסיעס האָט ער פאַרנומען אַ בולטע נאַציאָנאַלע שטעלונג, זיך אַרויסגעזאָגט פאַר נאַ־ציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט, פאַר אַ נאַציאָנאַלן הימען אאַ"וו. געווען אַזעלכע וואָס האָבן אים געראָטן צו בלייבן אין לאַנד, און אויפן אָרט זיין רעוואָלוציאָ־נער טעטיק. אָבער ער האָט זיך דעצידירט צוריקצופאָרן קיין פּוילן און „בויען דעם סאָציאַליזם" דאָרטן.

כ'האָב אים ווידער געטראָפן אין פראַנקרייך אין 1949, ווען ער איז געווען אין געהיימען דינסט פון פּוילן און אין 1952, ווען ער האָט געדינט אין גענעראַל־שטאַב פון דער פּוילישער אַרמיי, אונטערן באַפעל פון מאַרשאַל ראָקאָסאָווסקי. מיר ביידע האָבן דעמאָלט געהאַט וויכטיקע פּאָסטנס, ביז ס'האָט געשלאָגן די שעה פאַר אַלע ייִדן, וואָס האָבן פאַרנומען אַזעלכע פּאָסטנס אין דער אַרמיי. מיר האָבן זיך צעשיידט.

אין 1956 האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן אין וויעטנאַם. ברין איז גע־ווען דער מיליטערישער ראַטגעבער פון דער פּוילישער דעלעגאַציע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע, וועלכע איז דאָרטן טעטיק געווען, און איך בין געווען דער פּאָליטישער ראַטגעבער פון דער דאָזיקער דעלעגאַציע. ווען ער איז צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע, האָט דאָס אויסערן־מיניסטעריום גע־נומען אין באַטראַכט זיין גוטן דינסט אין וויעטנאַם און, היות פּוילן האָט געהאַלטן ביים אָנקניפּן דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען מיט יאַפּאַן, איז ער גע־שיקט געוואָרן אַהין צוצוגרייטן דעם באָדן פאַר דער אַמבאַסאַדע. ברין איז אויפגענומען געוואָרן דורכן מיקאַדאָ, דעם קיסר פון יאַפּאַן. די פּוילישע

פּרעסע האָט ברייט באַשריבן דאָס געשעעניש. ווען דער באַשטימטער פּוילישער אַמבאַסאַדאָר איז געקומען, איז ברין באַשטימט געוואָרן פאַר איינעם פון די אַטאַשעס, און די אַרבעט איז אַוועק מיט איר נאָרמאַלן וועג. אָבער גראָד דעמאָלט הייבן זיך אָן די איבערראַשונגען. ס׳הייבט זיך אָן דאָס צווייטע קאַפּיטל אין ברינס לעבן, אַ קאַפּיטל פול מיט געהיימענישן, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט טראַגיש.

ווי מיר האָבן געהערט, זאָל ברין אין אַ שיינעם טאָג האָבן פאַרשווונדן פון דער אַמבאַסאַדע. ער איז צוריקגעקומען אין אַ וואָך, צי צען טעג אַרום. אַ פּאָר טעג נאָך דעם ווי ער איז אַרויפגעזעצט געוואָרן אויף אַ כינעזישער שיף, וועלכע האָט אים צוריקגעבראַכט קיין פּוילן, איז ברין שוין געזעסן אין תּפיסה און געוואַרט אויף זיין פּראָצעס.

וואָס איז געשען מיט אים, ווען ער איז אַוועק פון דער אַמבאַסאַדע? ווו אַהין איז ער געגאַנגען? מען האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האָט זיך פאַרבונדן מיטן אַמעריקאַנער געהיימדינסט אין טאָקיאָ, וואָס האָט אים אַריבערגעפירט קיין איוואָ־דזשימאַ, און דאָרטן זאָל ער האָבן איבערגעגעבן אַלץ, וואָס ער האָט געוווּסט וועגן פּוילישן מיליטערישן געהיימדינסט אין פראַנקרייך. אַ קורצע צייט נאָך דעם זענען אין פראַנקרייך אַרעסטירט געוואָרן עטלעכע פון פּוילישן געהיימדינסט. איז עס געווען אויפן סמך פון דער אינפאָרמאַציע, וועלכע ברין האָט איבערגעגעבן אָדער די אַרעסטן זענען דורכגעפירט געוואָרן צופעליק?

כ׳האָב שטאַרק געוואָלט וויסן דעם אמת. ס׳איז אָבער ניט געווען מיט וועמען צו רעדן. ברין איז געזעסן אין תּפיסה, און זיין קליינער חברים־קרייז האָט גאָרנישט ניט געוווּסט.

צו יענער צייט איז אויפגעשטיגן אין פּוילן קאַרטשינסקי, אַ געוועזענער מיטגליד פון דער אינטערבריגאַדע אין שפּאַניע, אַ גרויסער שיכּור. זיין איינציקער זכות איז געווען, וואָס אין דער סטאַלין־תּקופה איז ער געזעסן אין תּפיסה צוזאַמען מיט גאָמולקאַ. איין מאָל האָט ער געזען ווי מען פירט גאָמולקאַ דורך די קאָרידאָרן צוריק פון דער אויספאָרשונג אין אַ קלאָגעדיקן צושטאַנד, און ער האָט אויסגערופן:

— וויעסלאַוו (גאָמולקאַס פּסעוודאָנים), האַלט זיך!

ווען גאָמולקאַ איז באַפרייט געוואָרן און צוריקגעקומען צו דער גדולה, האָט ער געדענקט אין דער דערמוטיקונג וואָס קאַרטשינסקי האָט אים געגעבן אין דער שווערער שעה. אין קורצן איז קאַרטשינסקי וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אַ גענעראַל, באַשטימט געוואָרן פאַרן שעף פון דער „צווייטער אָפּטיילונג" (מיליטערישער געהיימדינסט). ער האָט געהאַלטן אין איין שטייגן, און כ׳האָב אַפילו ניט געקענט חלומען וועגן טרעפן זיך מיט אים כאַפּן אַ שמועס און געוויר ווערן, וואָס ברין האָט אַזעלכעס געטאָן און אין וואָס באַשטייט זיין פאַרברעכן.

היות כ׳האָב ניט געקענט זיך טרעפן מיט קאַרטשינסקין, האָב איך געזוכט אַן אַנדערן וועג. קאַרטשינסקי האָט געהאַט אַ גוטן חבר צום גלעזל, אויך אַ געוועזענער שפּאַניע־קעמפער, זבישעק בוכהאָלץ, ניט קיין ייִד. ער איז ניט געווען פון מיינע חברים. צומערסטנס איז ער געווען שיכּור און האָט אוגדז בשעתו אָנגעטאָן חרפּות און בושות. איצט איז ער געווען נאָענט צו די „אָפיציעלע קרייזן", האָב איך באַשלאָסן אים צו פאַרבעטן צו זיך אַהיים אויף אַ גלעזל משקה. כ׳האָב אַוועקגעשטעלט אַ פלעשל בראָנפן און מיר האָבן גענומען „באַזאָרגן די וועלט".

כ׳האָב ניט גערן צו טרינקען, אָבער כ׳קען די „מלאָכה". כ׳האָב עס געלערנט בעת דיפּלאָמאַטישע באַגעגענישן, קאָקטיילן, און דאָס האָט מיר געהאָלפן. כ׳האָב געגאָסן אַ גלעזל נאָך אַ גלעזל. זבישעק, אַ פאַרברעגטער פון אַלקאָהאָל, איז שוין געווען בגילופין נאָכן דריטן גלעזל. ער האָט פריי־געלאָזט זיין צונג, אַ גליקלעכער וואָס ער האָט געפונען אַ חבר צום גלעזל. כ׳האָב געקענט פירן דעם שמועס וווהין כ׳האָב נאָר געוואָלט. נאָך אַ גלעזל, נאָך אַ גלעזל, און מיר זענען אַריבער צום ענין „ברין".

זבישעקס שטעלונג איז געווען אידענטיש צו דער פון די אָפיציעלע קרייזן: ברין איז אַ פאַרברעכער, אַן אימפּעריאַליסטישער אַגענט. כ׳האָב געוואָלט הערן פאַקטן, באַווייזן, אָבער זבישעק האָט איבערגעחזרט די באַשולדיקונג, אַז ברינס עלטערן האָבן פאַרלאָזט פּוילן, ווייל זיי זענען געווען ציוניסטן, אַז ברין איז געקומען קיין שפּאַניע פון ישׂראל, „פאַרשטייט זיך" ווי אַן אימפּעריאַליסטישער אַגענט. וועגן ברינס פאַרשווינדן פון דער אַמבאַסאַדע אין טאָקיאָ האָט ער ניט דערמאָנט. כ׳האָב ניט אַרויסבאַקומען

פון אים, ווי אַזוי שטעלט מען פעסט ווער פון די הונדערטער פּרייוויליקע וועלכע זענען געקומען פון פּאַלעסטינע קיין שפּאַניע, איז געווען אַן „אימ־פּעריאַליסטישער אַגענט". מיר האָבן געענדיקט דאָס פלעשל און אויך דעם שמועס. אַוועקשטעלן אויפן טיש נאָך אַ פלעשל האָט ניט געהאַט מער קיין זינען.

אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך גערופן געוואָרן צום מיליטערישן פּראָ־קוראָר. כ'האָב געהאָפט, אַז לויט די פראַגעס וועלכע מען וועט מיר שטעלן, וועל איך קענען אַרויסדרינגען אויף וואָס די באַשולדיקונג שטיצט זיך און צו וואָס זי צילט. ס'איז שוין געווען דער נאָך־סטאַלין־פּעריאָד. מענטשן האָבן ניט מער מורא געהאַט צו זאָגן וואָס זיי טראַכטן. לייגן עמעצן ווערטער אין מויל אַריין, האָט מען מער ניט געקענט. גלייך ביים אָנהייב שמועס האָב איך דערקלערט, אַז כ'האָב ניט קיין שום נעגאַטיווע זאַכן צו דערציילן וועגן ברינען, ניט פון דער שפּאַניע־תּקופה, ניט פון דער לאַגערצייט, ניט פון זיין מיליטער־דינסט, אין וועלכער ער האָט דערגרייכט דעם גראַד פון לייט־נאַנט־קאָלאָנעל, און אויך ניט פון דער וויעטנאַם־צייט, פאַר וועלכער דאָס אויסערן־מיניסטעריום האָט אים באַזונדערש אויסגעצייכנט און געשיקט קיין טאָקיאָ.

אין פראַגע, געדענק איך, איז געווען וועגן ברינס געשלעכט־לעבן אין וויעטנאַם. מיט וועמען איז ער געשלאָפן אאַ"וו.

— הערט אויס — האָב איך אַ זאָג געטאָן צום פּראָקוראָר — איך בין אויפגעוואַקסן אין פראַנקרייך. אין בעטפראַגן זענען די מענטשן דאָרטן זייער גלייכגילטיק. יעדעס קינד ווייסט, ווער זיין פּאָטערס געליבטע איז און קיינעם גייט עס ניט אָן. וואָס האָב איך באַדאַרפט פאָרשן ברינען אין די דאָזיקע ענינים?

דער פּראָקוראָר האָט געוואָלט מיך פאָרשן אין דער פראַגע פון ברינס באַציִונגען מיט די קאַנאַדער און אַנדערע פאַרטרעטער פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער קאָמיסיע אין וויעטנאַם און מיט די אַנדערע „אימפּעריאַליסטן" אויסער דער קאָמיסיע. די פראַגע שיינט צו זיין לעכערלעך, אָבער זי איז געווען זייער געפערלעך. כ'האָב זיך געמוזט היטן ניט צו באַרעכטיקן דעם דאָזיקן חשד. כ'האָב דערציילט:

— חבר פּראָקוראָר, איידער כ׳בין געפֿאָרן קיין וויעטנאַם, האָב איך געפֿרעגט אין אויסערן־מיניסטעריום אַ פּשוטע פֿראַגע: איר שיקט מיך ווי פּוילנס אַ פֿאַרטרעטער, ווי אַ פּאָליטישער ראַטגעבער אין דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע. אין ראַמען פֿון מיין אַרבעט וועל איך דאַרפֿן אָנקניפּן באַציִונגען מיט קאַנאַדער, פֿראַנצויזן, אַמעריקאַנער, מיט פֿאָרשטייער פֿון פֿאַרשיידענע לענדער. וועט איר מיר דערנאָך ניט פֿאָרוואַרפֿן, אַז איך בין געשטאַנען אין פֿאַרבינדונג מיט אימפּעריאַליסטן?" „וואָס רעדסטו, האָט מען מיר געזאָגט, מיר וועלן דיר אַפֿילו געבן פֿלעשער שנאַפּס, וויסקי, קאָניאַק, זאָלסט זיי קענען פֿאַרבעטן צו זיך. ס׳איז דיין אויפֿגאַבע צו זיין מיט זיי אין פֿאַרבינדונג..." פֿאַרשטייט זיך, אַז ברינס באַציִונגען מיט די פֿאַרשיידענע דיפּלאָמאַטישע פֿאָרשטייער זענען געווען אַ טייל פֿון זיין אויפֿגאַבע!

דער פּראָקוראָר האָט געפּרוּווט זיך פֿאַרהאַלטן אויף ברינס „ציוניזם". כ׳האָב אים דערקלערט, אַז ברין איז אַוועק קיין ישׂראל צוזאַמען מיט זיינע עלטערן, ווען ער איז אַלט געווען קוים צען יאָר. צי קען מען אים באַשולדיקן אין זיינע עלטערנס „זינד"?

כ׳בין געפֿרעגט געוואָרן אַהין און אַהער און פֿון די געשטעלטע פֿראַגעס איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז מען זוכט אין ברינס פֿאַרגאַנגענהייט אַ גרונט פֿאַר דער באַשולדיקונג. כ׳האָב מיר געטראַכט אַז זיין לאַגע איז ניט אַזוי קריטיש, ווייל וואָלטן זיי געהאַט קעגן אים קאָנקרעטע באַשולדיקונג־פֿאַקטן פֿון דער צייט ווען ער איז כּלומרשט געווען מיט די אַמעריקאַנער, וואָלטן זיי זיך ניט געגריבלט אין זיין געשלעכט־לעבן אין וויעטנאַם אָדער וועגן זיין פֿאָטערס ציוניזם.

עס זענען פֿאַרביי אַ פּאָר וואָכן און כ׳בין גערופֿן געוואָרן ווי אַן עדות צום פּראָצעס. דאָס איז געווען אַ מיליטעריש געריכט ביי געשלאָסענע טירן. ס׳איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס כ׳האָב געזען ברינען. כ׳בין געווען אַן עדות מצד דער פֿאַרטיידיקונג. דאָס האָט דער אַדוואָקאַט אַוודאי געלייענט מיינע דערקלערונגען פֿאַרן פּראָקוראָר און געוואָלט, כ׳זאָל לאָזן הערן פֿאַרן געריכט מיין מיינונג, האָפֿנדיק אַז דאָס קען העלפֿן ברינען. דעם גרעסטן טייל פֿראַגעס האָט מיר געשטעלט דער פֿאַרטיידיקער.

ווען מיר זענען אַרויס פֿון געריכט, האָבן מיר, די חברים־עדות, זיך

באַגעגנט און באַטראַכט די פּראַגעס, וועלכע מען האָט געשטעלט יעדערן פון אונדז. מיר האָבן ניט געקענט זען קיין שום ערנסטן גרונט, אויף וועלכן מען קען פאַרמשפּטן אַ מענטשן.

אָבער די געריכט־כּללים אין די „פּאָלקס־דעמאָקראַטישע" לענדער זע־נען גאַנץ אַנדערע. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר געלייענט אין דער פּרעסע, אין אַ פּאָר שורות, אַז יערזשי ברין איז פאַרמישפּט געוואָרן צום טויט פאַר פאַרראַט. און אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר ווידער געלייענט, אַז דער טויט־אורטייל איז פאַרביטן געוואָרן אויף לעבנס־לענגלעכער תּפיסה מיט שווערער אַרבעט. מיר האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט.

אַ לאַנגע צייט איז פאַרביי זינט דעמאָלט. אין נאָמען פון די געוויסענע שפּאַניע־קעמפער האָבן מיר זיך באַמיט ברינגען צו באַפרייען, אָדער כאָטש לייכטער מאַכן די שטראָף, אָבער אָן דערפאָלג. דערנאָך האָבן מיר געהערט, אַז ברין איז אין תּפיסה קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז און אַז זיין צו־שטאַנד איז זייער אַ שווערער. נאָך זעכצן יאָר קאַטאָרגע איז צו מיר דער־גאַנגען די ידיעה וועגן זיין טויט.

זיין פרוי און טאָכטער געפינען זיך זינט יאָרן אין פראַנקרייך. נאָך זיין טויט האָט זיין פרוי געוואָלט אַריבערפירן זיין קערפּער קיין פראַנקרייך. די אַדמיניסטראַטיווע שוועריקייטן האָבן צו נישט געמאַכט איטלעכן פּרווו. אין זיינע לעצטע יאָרן איז ברין געווען עלנט, אָפּגעשניטן פון זיינע נאָענטע. אויך נאָך זיין טויט איז ער געבליבן אַליין, אַ געפאַנגענער אין דער פּוילישער ערד.

# אין יאָרן אַרום

ציון המשוחררת תזכור בגאון את בניה
הגבורים שנלחמו בעד החרות והצדק בכל
מקום שהם.

א. ז. רבינוביץ (אז"ר)

# אַ שטיקל חשבון־הנפש

די יאָרן זענען פאַרביי, אַנגעלאָדענע, שווערע. זיי האָבן זיך געצויגן דורך מיליטערישע באַזעס, דורכן צענטראַלן פראָנט אין שפּאַניע, דורכן דרום־פראָנט, קאַטאַלאָניע און דעם הינטערלאַנד. דערנאָך זענען געקומען די לאַגערן אין פאַרשיידענע געגנטן פון דרום־פראַנקרייך. רעגן, ווינטן, היצן, קעלט, הונגער, דערנידערונגען — אין סאַן־סיפּריען, אַרזשעלעס, גורס, ווערנעט, אָדער גאָר אין אַפריקע, אויף די זאַמדן פון דער סאַהאַרע. שווער זיי אַלע צו אונטערשיידן: פּאַלאַטקעס, באַראַקן, שטעכלדראָט, וועכ־טער ווייסע, שוואַרצע, געלע; שאַרפע היטערישע אויגן — דאָ גיי ניט, דאָ שטיי ניט!

די לאַגער־יאָרן האָבן זיך געצויגן אומענדלעך, זיך אַנגעשלאָסן אין די שפּאַניע־יאָרן ווי אַן אומעטיקער צוגאָב צו אַ פאַרלוירענער שלאַכט. נאָך דער באַפרייונג, מיטן סוף פון צווייטן וועלטקריג, זענען געקומען די יאָר־טעג פון די געשעענישן — דער צענטער, צוואַנציקסטער, דרייסיקסטער — ערגעץ ווו אין פאַריז, בעלגראַד, וואַרשע, תל־אָביב, צעזייט איבער לענדער און ווייטע מרחקים. די ערטער האָבן זיך געענדערט, אָבער די מענטשן וואָס זענען זיך צונויפגעקומען, זענען געווען די זעלבע. די זעלבע? ניין, דאָס וואָלט געווען איבערגעטריבן צו זאָגן. ס׳קלינגען מיר נאָך אין די אויערן ווערטער, געהערטע פון אַ פרוי, אַוודאי אַ פרוי פון אַ געוועזענעם שפּאַניע־קעמפער, ערגעץ אויף אַ וואַרשעווער גאַס, אַרויסגייענדיק פון אַזאַ יאָרטאָג־פייערונג:

— און גיי גלייב, אַז דאָס זענען אַ מאָל געווען יונגע, געזונטע מענטשן, וואָס האָבן זיך געריסן צום קאַמף!

כ׳האָב געוואָרפן מיין בליק אויפן אַרום. געזען באַקאַנטע פּנימער, גע־קוקט אין זייערע אויגן, באַמיט זיך אַריינבליקן דורך זיי אין דער נשמה. ביי וועמען האָסטו געזען אַ פרייען, געזונטן אויסדרוק, ביי וועמען — אַ

פאַרביטערטן, אָפּגעווענדטן בליק. ווי תמיד, בליקן פאַרשיידענע, ווי מענטשן פאַרשיידענע. די בליקן זענען מיט דער צייט געוואָרן אומעטיקע, זיך באַגעגנט מיט זיי אָפטער אויף לוויות. די ניט מער יונגע, די צעבראָכענע, קראַנקע האָבן געגומען אויסשטאַרבן. די לוויות זענען דורכגעפירט געוואָרן מיטן פולן מיליטערישן פּאַראַד — ווי עס פּאַרדינען קעמפער, סאָלדאַטן. מען האָט נאָכגעטראָגן די מעדאַלן, געהאַלטן אַ רעדע. אַ מיליטערישע אָפּטיילונג האָט אָפּגעגעבן דריי ערן־סאַלוועס. מיט דער צייט איז עס געוואָרן סטערעאָטיפּיש און ניט געמאַכט מער קיין איינדרוק.

— בלעכלעך, בלעכלעך, פּראַזעס, פּראַזעס, פּיף־פּאַף און פּאַרטיק — האָט עמעצער געמאַכט אַ קורצן סך־הכל. אָבער אין לעבן איז אַלץ ניט אַזוי קורץ און פּשוט. געשעענישן, און באַזונדערש די שווערע, זענען ניט קורץ, און מענטשן זענען ניט פּשוט. יעדער איינער איז אַ וועלט פאַר זיך, מיט זיין מיינונג און זיין צוגאַנג — ניט אָפּצופּטרן מיט אַ פּאָר ווערטער.

פאַר די אויגן שווימען אויף מענטשן, ערטער, געשעענישן. שווער אַלץ אַרומצונעמען. וואָס איז וויכטיק? וואָס איז וויכטיקער? לאָמיר קודם־כל אָוועקשטעלן אַ דאַטע מיט פייערדיקע אותיות: 18טער יולי 1936!

צו מאָרגנס, דעם 19טן יולי, דאַרף זיך אין באַרצעלאָנע עפענען די ספּאַרטאַקיאַדע. אין רעפּובליקאַנישן שפּאַניע דאַרף פאָרקומען אַ פרידלעכער פאַרמעסט פון אַרבעטער־ספּאָרטלער, אין קעגנזאַץ צו דער אָלימפּיאַדע אין נאַצישן בערלין. באַרצעלאָנע יובלט און רוישט. טויזנטער יוגנטלעכע זענען אַהערגעקומען צו געבן פון זיך דאָס בעסטע, צו באַשיינען דעם פאַרמעסט. זייער פּלייס און שפּאַנונג ווערט מיט איין מאָל איבערגעשטעלט אויף אַנדערע רעלסן. דעם אָוונט פון 18טן יולי הייבט פראַנקאָ אָן זיין אויפשטאַנד קעגן דער פאָלקספראָנט־שפּאַניע. די מערהייט ספּאָרטלער, געקומענע פון אויסלאַנד, שליסט זיך אָן אין די קעמפערישע רייען פון שפּאַנישן פאָלק. זיי פאַרבייטן די ספּאָרט־מכשירים אויף הייס געווער. זייער צאָל איז אַ באַגרענעצטע. זיי באַווייזן בלויז צו שאַפן קליינע איינהייטן — די טעלמאַן־צענטוריע, דעם גאַסטאָן־סאָצי־באַטאַליאָן, וועלכע דער קאַמף־ענטוזיאַזם רייסט גלייך מיט אין די גאַסנקאַמפן אין באַרצעלאָנע, צום מאַרש אויף טאַרדיענטע, סאַראַגאָסאַ. פאַרשלונגען אין קאַמף, ווייסן זיי אַוודאי ניט,

אַז שוין שטראָמען קיין שפּאַניע מענטשן, וועלכע רייסן זיך דורך גרענעצן — דערוויילע איינצלנע פּרייוויליקע, וועלכע וועלן אָבער אין קורצן מאָבי־ליזירט ווערן אין די טויזנטער און וועלן שאַפן באַטאַליאָנען, דיוויזיעס — פאָרמירן די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדע!

וואָס האָט די אַלע מענטשן געבראַכט קיין שפּאַניע?

מען דאַרף ניט פאַרגעסן, ס'איז געווען דאָס יאָר 1936, נאָכן גרויסן וואָל־סטריט־קראַך. מיליאָנען אַרבעטסלאָזע איבער דער וועלט. ס'האָט זיך גע־שטאַרקט די נויט אין פּוילן, רומעניע, יוגאָסלאַוויע, אונגאַרן, האָלאַנד — לענדער ווו ס'איז נאָך מעגלעך געווען צו פאַרדינען אויפן טעגלעכן לעבן ביי שווערע פיזישע אַרבעטן.

לענגערע יאָרן זענען אין פראַנקרייך און בעלגיע געזעסן איטאַליע־נער, פאַרפאָלגטע פון מוסאָלינין. מיט דער צייט האָבן זיי זיך איינגעאָרדנט אויף פאַרשיידענע אַרבעטפּלעצער אין די קוילן־גרובן, מעטאַל־פאַבריקן. אָבער זייער שׂינאה צום מוסאָליני־רעזשים האָט זיך ניט געשטילט. זיי זענען געווען פּאָליטיש וואַך און ביי דער ערשטער געלעגנהייט זענען זיי אויפגעשוווּמען אין שפּאַניע צו קעמפן קעגן פאַשיזם.

אויך אַ שטאַרקע פּוילישע אַרבעטער־עמיגראַציע האָט זיך געפונען אין פראַנקרייך און בעלגיע. די מענטשן האָבן פאַרלאָזט פּוילן, ווו זיי האָבן קיין אַרבעט ניט געקענט געפינען, און אין אָט די לענדער זענען זיי לויט קאָנטראַקטן באַשעפטיקט געוואָרן אין די קוילן־גרובן, מעטאַל־פאַבריקן. די אַרבעט־באַדינגונגען זענען געווען שווערע, דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן — גרוי. ס'איז צווישן זיי אָנגעגאַנגען אַ ראַדיקאַליזאַציע, געוואַקסן די שׂינאה צו זייער היימישער רעאַקציע, וועלכע האָט זיי פאַריאָגט אין דער פרעמד. ס'איז געווען אויך זיי די השפּעה פון דער פראַנצייזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, באַזונדערש שטאַרק אין צפון־פראַנקרייך.

מיט היטלערס קומען צו דער מאַכט איז קיין פראַנקרייך, בעלגיע, האָ־לאַנד געקומען אַ נייע כוואַליע עמיגראַנטן, פּאָליטישע פּליטים — דייטשישע אַרבעטער, אינטעליגענטן. אין דער געגעבענער סיטואַציע, בעת דער בולטער סכּנה פון קומענדיקן קריזיס, אָן אַ מעגלעכקייט צו קריגן אַרבעט, און ווי דייטשן — אונטערן שטאַרקן חשד פון די פראַנצייזישע זיכערקייט־

אָרגאַנען. גאָר שווער געווען צו לעבן פון פּאַרטייִשער אָדער געזעלשאַפט־לעכער אונטערשטיצונג, אָן אַרבעט און רעכט אין דער פרעמד.

דאָס האָבן די איטאַליענישע, פּוילישע און דייטשישע אַרבעטער אויף דער עמיגראַציע געשאַפן אַ מעכטיקן רעזערוואַר פון מענטשן, פּאָליטיש און סאָציאַל פּאַרביטערטע, וועלכע זענען אויפן ערשטן רוף אַוועק קיין שפּאַניע. גרופּעס וואָס האָבן דערנאָך פאַרלאָזן פּוילן, רומעניע און אַנדערע לענדער האָבן אומלעגאַל געוואַנדערט ביז איבער די פּירענעען, גרופּעס פון אַמעריקע, דרום־אַמעריקע, ענגלאַנד, די סקאַנדינאַווישע לענדער — פּריי־וויליקע פון 53 לענדער, אַרום פערציק טויזנט קעמפערס, צווישן זיי אַ היפּשע צאָל ייִדן, האָבן זיך אין זיי אָנגעשלאָסן אָדער געשאַפן זייערע אייגענע איינהייטן אין די רייען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע.

מען דאַרף אָבער די זאַך ניט אידעאַליזירן צו פיל. ביי זיין גרעסטן אידעאַליזם שטייט ניט אַ מענטש אויף אין דער פרי און פאָרט קיין שפּאַניע. דאָס איז אַ ווייטע רייזע, פּאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות און שוועריקייטן. און ווי קומט מען אַריבער גרענעצן?

ס׳דערמאָנט זיך מיר אַ גרופּע פון אַ דרייסיק מענטשן אין אַנטווערפּן, בעלגיע, וועלכע האָבן באַשלאָסן צו פאָרן קעמפן קיין שפּאַניע. ווען די גרופּע האָט זיך געמאָלדן צו די אינסטאַנצן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי מיטן באַשלוס, האָט זיך געלאָזט הערן אַזאַ אויטאָריטעטע מיינונג: וואָס הייסט, פּאַרלאָזן דעם קאַמף אויפן אָרט און פאָרן קיין שפּאַניע? אין אַ וואָך אַרום איז די זעלבע גרופּע אינפּאָרמירט געוואָרן, אַז יאָ, זי קען פאָרן קיין שפּאַניע און וואָס מער מענטשן — אַלץ בעסער! וואָס איז פּאַרגעקומען במשך פון איין וואָך?

ערגעץ ווו, אין דער הייך, און לאָמיר טאַקע זאָגן געַנוי — אין מאָסקווע איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו שאַפן אַן אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדע (דאָס איז געווען באַקוועמער), וואָס זאָל קעמפן ביי דער זייט פון שפּאַנישן פּאָלק קעגן פראַנקאָ און זיינע אונטערשטיצערס — היטלער און מוסאָליני. די אידעאָלאָגישע לעגאַליזאַציע איז געגעבן געוואָרן דורך סטאַלינען אַליין אין זיין דערקלערונג: „די זאַך פון שפּאַניע איז די זאַך פון דער גאַנצער פּראָגרעסיווער מענטשהייט״. די דאָזיקע דערקלערונג איז,

פֿאַרשטייט זיך, אונטערגעבויט געוואָרן מיט אַ מאַטעריעלער באַזע. ס׳איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכער, מען האָט געשאַפֿן די געהע־ריקע אָרגאַניזיר־פּונקטן, אין פּאַריז און פּערפּיניאַן, צום איבערשלאָפֿן, עסן, באַזאָרגן באַנבילעטן און טראַנספּאָרט איבער דער גרענעץ. ווערביר־פּונקטן פֿון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען האָבן געטאָן אַלץ, ביזן ברענגען די מענטשן קיין פּאַריז און פֿון דאָרטן — קיין שפּאַניע.

אָבער זיינע בירגער האָט סטאַלין אַרויסגענומען פֿון דער „פּראָגרעסי־ווער מענטשהייט". פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד זענען קיין פֿרייוויליקע ניט געקומען, אויסער געציילטע טעכניקער, ספּעצן, און אויך זיי האָבן געהאַט אַ שטרענגן באַפֿעל צו האַלטן זיך ווייט פֿון פֿראָנט, אויף אַ מרחק פֿון אַ האַרמאַטן־שאָס. ווען שיקן באַוואָפֿנטע סאָוועטישע אײנהייטן, ווי ס׳האָבן געטאָן היטלער און מוסאָליני, האָט סטאַלין ניט געטראַכט. זיין פּאָליטישע כיטרעקייט, זיין אויסערלעכער און אינערלעכער אינטערעס האָבן אים אָפּגעהאַלטן דערפֿון. טויזנטער סאָוועטישע בירגער וואָלטן מיט פֿרייד פֿאַרלאָזט זייער „סאָציאַ־ליסטישן גן־עדן" אַפֿילו פֿאַרן פּרייז פֿון גיין אין בלוטיקן קאַמף, ווי זיי האָבן עס געטאָן אין צווייטן וועלטקריג, בעת מען האָט זיי געגעבן די גע־לעגנהייט צו פֿאַרלאָזן די לאַגערן און זיך אָנשליסן אין די שטראָף־באַטאַ־ליאָנען. סטאַלין האָט ניט געוואָלט עפּענען קיין ווענטיל, קיין טירל אין זיין תּפֿיסה־מויער. זיין אינטערווענץ האָט זיך בלויז אויסגעדריקט אין שיקן פֿרעמדע בירגער. עס זענען געווען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד גרעסערע גרופּעס פּאָליטישע עמיגראַנטן — בולגאַרן, עסטרייכער (שוצבונדלער), פּאָליאַקן, יוגאָסלאַוון. זיי זענען עס געשיקט געוואָרן, און מיט אַ ברייטער האַנט. און יאָ, אַנטיפֿאַשיסטן פֿון דער גאַנצער וועלט. אָבער דאָס האָט שוין געטאָן דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל דורך זיינע אָרגאַניזאַציעס, אונטער די פֿאַרשיידנסטע נעמען, פּאַרטייִשע און ניט פּאַרטייִשע.

ווען פֿראַנקרייך און ענגלאַנד האָבן אין אַ געוויסן מאָמענט אָנגענומען אַ נייטראַלע שטעלונג, ניט זייענדיק פֿאַראינטערעסירט, אַז אין שפּאַניע זאָלן זיגן די לינקע כּוחות, האָט דער ראַטן־פֿאַרבאַנד נאָך מער רעדוצירט זיין דירעקטע באַטייליקונג אין קאַמף פֿון שפּאַנישן פֿאָלק, ניט געוואָלט אַנטאַגאָניזירן די מעגלעכע אַליִירטע קעגן נאַצי־דייטשלאַנד.

סטאַלין האָט טאַקע צוגענומען דאָס גאָלד פון רעפּובליקאַנישן שפּאַניע, און מומחים האַלטן, אַז ס׳איז געווען אַ היפּשער סכום, כּדי צו שיקן געווער. ס׳איז אָבער געשען ווי מיט דער שיקסע און דאָס חסידל אין ייִדישן פֿאָלקסליד: „דאָס שנירל קרעלן האָט זי צוגענומען און אים געהייסן שפּעטער קומען...״

אויסער די ערשטע טראַנספּאָרטן געווער, וועלכע זענען געקומען צו דער צייט, האָבן די ווייטערדיקע טראַנספּאָרטן געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן.

אָבער די אַנטיפֿאַשיסטן אין דער גאָרער וועלט, סיי די וועלכע האָבן דעם פֿאַשיזם געפֿילט דירעקט אויף זייער הויט, סיי די וועלכע האָבן פֿאַרשטאַנען זיין סכּנה פֿאַר דער מענטשהייט, האָבן דעם קאַמף קעגן אים געזען ווי אַ לעבנס־געבאָט, אָן שום דיפּלאָמאַטישע דריידלעך. ווען די פֿאַרשיידענע קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, אָפֿיציעלע און ניט־אָפֿיציעלע, האָבן געוואָרפֿן דעם לאָזונג: „צו הילף דעם שפּאַנישן פֿאָלק!״, האָבן זיי ביי די קרבנות פון פֿאַשיזם געטראָפֿן אויף אָפֿענע אויערן. „מען פֿאַרט קיין שפּאַניע!״ — דאָס איז געוואָרן אַ מאַסן־פּסיכאָז, וואָס האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ מעכטיקן שטראָם, און יעדער מעכטיקער שטראָם פֿאַרשלעפּט מיט זיך אויך אָפּפֿאַל, שוים...

דער שטראָם איז געפֿלאָסן ברייט און מעכטיק. קוקט מען צוריק, דערזעט מען כּמעט ניט די קליינלעכע נעגאַטיווע דערשיינונגען אין דער דאָזיקער מאַסן־באַוועגונג. ס׳בלייבט בלויז דער פֿאַקט, אַז מענטשן האָבן מיט כּמעט ליידיקע הענט מסירת־נפֿשדיק געקעמפֿט קעגן שטאָלענעם פֿאַשיסטישן הוראַגאַן, אויפֿגעהאַלטן אים אַ ווײַלע, אָבער לסוף באַצוווּנגען געוואָרן אין דעם ניט־גלייכן קאַמף.

די פֿרייוויליקע, זיי זענען אַלע געקומען פֿון 53 לענדער מיטן זעלבן ציל — קעמפֿן קעגן דעם פֿראַנקאָ־היטלער־מוסאָליני־פֿאַשיזם. אָבער יעדער פֿאָלק האָט זיך זיינע אייגנקייטן, וואָס טיילן אים אויס, ווען עס קעמפֿט מיט אַנדערע צוזאַמען, ווען אַפֿילו פֿאַר דעם זעלבן ציל. ס׳איז געווען באַוווּסט, למשל, אַז די איטאַליענישע אינטערבריגאַדיסטן זענען גוט אין אָנגריף אָבער שוואַכער אין דעפֿענסיווע, ווען מען דאַרף ליגן, האַלטן זיך אומבאַ־

וועגלעך אין יעדן לאָך און שמוץ ביזן ווייטערדיקן באַפעל. דאָס זעלבע די פראַנצויזן. מיט די ענגלענדער איז עס געווען פּאַרקערט — זיי זענען געווען אַ מוסטער פון אויסדויער אין די פּאַרטיידיקונג־שלאַכטן. יוגאָסלאַוון, אונ־גאַרן, רוסן, דייטשן, פּאָליאַקן און — לאָמיר ניט זיין אַזוי באַשיידן — אויך ייִדן זענען געווען גוט אין ביידע פונקציעס. וועגן די פּאָליאַקן האָט דער גענעראַל לוקאַטש געזאָגט: „אַ קילאָמעטער ווייט פון פראָנט ווייס איך שוין, ווו עס זענען די פּאָזיציעס פון די פּאָליאַקן. דערקענסט זיי לויטן געשריי: „קורוואַ גאַ מאַטש, נאַפּשוד!" (פּאָרויס, אין זיין מאַמען אַריין!).

אין מורציע, ווען די בריגאַדע איז געווען אויף אָפּרו, דערמאָנט זיך מיר אַ פרימאָרגן, ווען געוויסע איינהייטן זענען געגאַנגען זיך באָדן. כ׳דער־מאָן זיך ווי ס׳איז געגאַנגען די פראַנצייזישע איינהייט: אַ האַנטעך ביי איינעם אויפן רעכטן אָרעם, ביי אַ צווייטן אויפן לינקן, איינער האָט זיך געשאָקלט אויף לינקס, אַ צווייטער — אויף רעכטס. ווער ס׳האָט דיסקו־טירט אויפן וועג, ווער — אונטערגעזונגען, אָן שום צערעמאָניע, אַ ריכטיקע באָד־אַטמאָספער. ווען ס׳איז געקומען די שעה פון דער דייטשישער איינ־הייט, האָבן זיך פאָרמירט די רייען, יעדערער מיטן האַנטעך אויפן לינקן אָרעם, דער שריט — אויסגעגלייכט און מיטן לינקן פוס פּאָרויס, מאַרש! איינס, צוויי, איינס, צוויי...

קינדער פון פאָלק ברענגען מיט זיך די אייגנשאַפטן פון דער היים. ווען די איטאַליענער האָבן באַקומען אין לאַגער פּעקלעך פון דרויסן, האָבן זיי פון צייט צו צייט געקאָכט פאַר זייער גרופּע זייער נאַציאָנאַל מאכל, פּאָלענטע אָדער פּאַסטאַ־שיוטאַ. די רומענער האָבן געקאָכט מאַמעליגע, ד׳י טשעכן — קנעדליטשקעס און די אונגאַרן — אַ גולאַש. דאָס איז געווען פּשוט און נאַטירלעך. ווען אַ גרופּע האָט געשאַפן איר כאָר, האָט זי איינ־געחזרט אירע פאָלקסלידער. די ייִדישע פרייוויליקע האָבן, אומבאַדינגט, געזונגען: „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן", „וואָס וועט זיין אַז משיח וועט קומען"; און די רוסן מיט זייערע העראָיִשע באַסן און טענאָרן האָבן רע־פּעטירט „היי, אוכניעם", „דובינושקאַ", פּונקט ווי די עסטרייכער זייער „אַם ברונען אים וואַלדע" און די פּאָליאַקן: „טשערוואָני פּאַס" און „גוראַלו, טשי טשי ניע זשאַל". אַזוי איז עס. יעדערער ברענגט מיט זיך דאָס זיי־

ניקע, דאָס שיינע געזאַנג, טאַנץ, קולטור און, לײדער, אויך דאָס מיאוסע און אויך דאָס גאָר מיאוסע — אַנטיסעמיטיזם! אַלע זענען געקומען קעמפן קעגן פאַשיזם, היטלעריזם, אָבער אַנטיסעמיטיזם איז, ווייזט אויס, אַן איבער־קלאַסן־דערשײַנונג. נאַטירלעך, דריקט עס זיך אויס ביי יעדן פאָלק אויף זיין שטייגער.

דער פּאָליטקאָמיסאַר פון דער פראַנצייזישער איינהייט, הואַר, איז צו מיר געקומען און געפרעגט אין דער שטיל, צי כ׳וואָלט ניט רעפערירט פאַר זיין איינהייט אויף דער טעמע: וואָס איז אַנטיסעמיטיזם און פאַר וואָס מען דאַרף עס באַקעמפן. הואַר איז געווען אַ מעטאַל־אַרבעטער, אַן אײדעלע נאַטור, אַ טיפּ פון אַן אינטעלעקטואַל, מיט טיפע האַרציקע אויגן. כ׳האָב זיך מיט אים באַפריינדט פון ערשטן בליק. האָב איך אים געפרעגט: „וואָס איז?״ האָט ער מיר שטיל פאַרטרויט: „כ׳האָב געהערט אין מיין איינהייט אַנטי־סעמיטישע אויסדרוקן״.

אין די פּוילישע איינהייטן איז דער אַנטיסעמיטיזם ניט געווען אויף דער איבערפלאַך, אָבער מען האָט ניט באַדאַרפט טיף אַריינדרינגען כּדי אים צו פילן. מען האָט אים דאָ און דאָרטן געפרווּווט באַקעמפן, אָבער זייער דיסקרעט, באַשיידן.

ביי געוויסע דייטשישע פרייוויליקע איז דער אַנטיסעמיטיזם געווען „נאַטירלעך״. כ׳האָב באַקומען אַן אויפגאַבע צו ברענגען אַ גרופּע עלימי־נירטע פון דער דייטשישער איינהייט פון מורציע, ווו מיר זענען געווען אויף אָפּרו, קיין אַלבאַסעטע, די באַזע פון דער אינטערבריגאַדע. די גרופּע האָב איך געברענגט מיט דער באַן. די באַן איז געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט, האָב איך געהאַט אַ סך צייט. כ׳האָב געעפנט דעם באַגלייט־בריוו און גע־לייענט, פאַר וואָס די מענטשן ווערן צוריקגעשיקט. איינער איז געווען אַ פּחדן, אַ צווייטער — פּאָליטיש פאַרדעכטיקט. אויף איינעם, יעקב וויינ־בערג, איז די כאַראַקטעריסטיק געווען אַ זייער קורצע: „פּאָלנישער יודע״. פאַרן שטאַבס־אָפיציר, וועלכער האָט דיקטירט די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק, איז זי געווען אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ער האָט זיך אַפילו ניט זשע־נירט זי איבערצוגעבן אין מיינע הענט, אין די הענט פון א „פּאָלנישן יודע״...

איינהייטן, געגאָסן אין זעלבן טיגל, אויסגעמונדירט, אויסגעשולט זענען זיך אַלע ענלעך. דער שריט איז דער זעלבער, די ריי — גלייך. אָבער די מענטשן אין דער ריי זענען פאַרשיידן, און פאַרשיידן זענען די סיבות וואָס האָבן זיי געבראַכט קיין שפּאַניע.

צי זענען אַלע געקומען מיטן אויסדריקלעכן ציל צו קעמפן קעגן פאַשיזם? ניט אַלע! אָבער די מערהייט האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין די איינהייטן און געקעמפט, אַפילו ווען זיי האָבן געהאַט אַ קנאַפּן באַגריף פון דעם וואָס איז אַזוינס פאַשיזם.



צו דרום פון מאַדריד געפינט זיך אַ באַרג, מען רופט אים סעררא־דע־לאָס־אַנכעלעס, דער מלאכים־באַרג. ס'האָט ווער פעסטגעשטעלט, אַז דאָרטן איז דער מיטלפּונקט פון שפּאַניע, און מען האָט דאָרטן אַוועקגע־שטעלט אַ ריזיקן דענקמאָל פון יעזוסן: זאָל זיין גנאָד זיך צעגיין איבער אַלע עקן פון שפּאַניע, אין אַ יושרדיקער, גלייכער מאָס. דער ערשטער אַנגריף אין וועלכן כ'האָב זיך באַטייליקט, איז טאַקע געווען אין שטורעמען סעררא־דע־לאָס־אַנכעלעס. ווי דער יעזוס־דענקמאָל זעט אויס, ווייס איך ניט. כ'בין דאָרטן קיין מאָל ניט געווען. מיר האָבן דאָס אָרט ניט דער־אָבערט.

דער אַרויסגאַנג־פּונקט האָט געמוזט זיין אַ ווייטער. מיר זענען געגאַנ־גען און געגאַנגען, אַוודאי אַ דרייסיק קילאָמעטער. נאָענט צום באַרג האָב איך דאָס ערשטע מאָל דערהערט דאָס פייפן פון קוילן, דאָס רייסן פון שראַפּנעלן. מיר זענען געגאַנגען אַן קיווערס, מיטן געווער אויסגעשטרעקט פון אונטערן רעכטן אָרעם. צוזאַמען מיט אַנדערע בין איך געגאַנגען גלייך און זיכער, כאָטש כ'האָב נאָך אין מיין לעבן ניט אָפּגעגעבן קיין איין שאָס, אַפילו ניט בעת דער שולונג. אויף מיין לינקער זייט איז געגאַנגען גורסקי, אַ מאַסיווער, אַטלעטיש געבויטער קוילן־גרעבער און אויף מיין רעכטער זייט — זשאַבינסקי, אויך אַ פּוילישער קוילן־גרעבער —ביידע פון צפון־פראַנקרייך.

— דעם באַגנעט אויפן געווער! — איז געקומען אַ באַפעל. כ׳האָב אַרויפגעזעצט דעם באַגנעט און ווייטער געגאַנגען. וואָס וועל איך טאָן מיט דעם? כ׳האָב געוווּסט, אַז קעגן מיר שטייען פאַשיסטן, אָבער ווי אַזוי זעצט מען אַריין אַ באַגנעט אין אַ לעבעדיקן מענטשלעכן קערפּער, האָב איך זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַפילו מיט מיין פולן פּאָליטישן באַוווּסטזיין. גע־ווײנטלעך, שולט מען סאָלדאַטן אין דער דאָזיקער מלאָכה. צו ערשט לערנט מען שטעכן אין דער לופט, צוריקציִען דעם באַגנעט און אַזוי מערערע מאָל. דערנאָך לערנט מען שטעכן אין אַן אויסגעפּילטן זאַק, ביז עס ווערט אַ מעכאַנישע, אויטאָמאַטישע פונקציע. אָבער איך האָב קיין שום מיליטע־רישע צוגרייטונג ניט מיטגעמאַכט. וואָלט עס געקומען צום אויספירן דעם דאָזיקן באַפעל, און וואָלט מיין קעגנער געווען אַ געשולטער סאָלדאַט, וואָלט איך אַוודאי די דאָזיקע שורות ניט געשריבן...

אָבער דערווייל גייען מיר, גייען. פון צייט צו צייט קומט אַ באַפעל: פאַלן, מאַרש, פאַלן. ווען מיר פאַלן און ליגן אויפן אָרט, שמועסן מיר, ביזן ווייטערדיקן באַפעל. מיט גורסקין איז דער שמועס פּשוטער, אַ פאַר־שטענדלעכער. אַן אַקטיווער טוער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, צווישן די פוילישע אַרבעטער, געדויערט ניט לאַנג און מען באַקענט זיך, דער־נענטערט זיך. זשאַבינסקי, דערקעגן, גייט זייט ביי זייט מוטיק פאָרויס. כ׳קען קיין פּאָליטיש וואָרט ניט אַרויסבאַקומען פון אים. זיין פּאָליטישע רויִקייט האָט מיך זייער אינטריגירט. מיר זענען לאַנג געגאַנגען, און אין שלאַכט דערנענטערן זיך מענטשן. לסוף האָט מיר זשאַבינסקי אַרויסגעלייגט זיין אַני־מאמין:

— כ׳האָב געאַרבעט אין גרובן, גוט פאַרדינט. קיין משפחה ניט געהאַט. מיט פּאָליטיק זיך ניט פאַרנומען. איז געקומען דער זונטיק, בין איך געגאַנ־גען אין שענק. אַ גאַנצן טאָג געזעסן און געטרונקען. אין די נאָכמיטאָג־שעהען האָט שוין דער אַלקאָהאָל גענומען ווירקן. און ניט נאָר ביי מיר, ביי מיינע חברים אויך. די הענט זענען אַריין אין באַוועגונג און צו מאָל, ניט נאָר די הענט. עס זענען געווען צעשלאָגענע, פאַרווונדיקטע און מער ווי דאָס אויך. געהאַט צו טאָן מיט דער פּאָליציי, זשאַנדאַרמעריע, מיטן געריכט. ניט פון די אָנגענעמע זאכן. ווען כ׳האָב געזען אַז אייניקע פון

מיינע גרובן־חברים קלייבן זיך קיין שפּאַניע, האָב איך באַשלאָסן מיך אָנצו־שליסן. אין שפּאַניע, האָב איך מיר געטראַכט, וועל איך ניט האָבן קיין דאגות, דאָרטן וועל איך זיך קענען אַלץ דערלויבן...

ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט ווען מיר האָבן דערגרייכט דעם אָפּהאַנג פון באַרג. דעם אָנגריף האָבן מיר ניט דורכגעפירט און זיך צוריקגעצויגן אין שטעטל, פון וועלכן מיר זענען אַרויס צום אָנגריף. זשאַבינסקין האָב איך מער ניט באַגעגנט. ער איז, דאַכט זיך, אומגעקומען ערגעץ אַרום סעררא־דע־לאָס־אַנכעלעס. ער איז געווען אַ מוטיקער קעמפער.

ווי זאָגן די פראַנצויזן: „מען דאַרף פון אַלעם, כּדי צוזאַמענצושטעלן אַ וועלט!"

מיין אוקראַיִנער קאַמפּס־חבר, האַנאַס, האָט זיך צו מיר זייער צוגע־בונדן און גערן געהאַט זיך צוצוהערן צו מיינע פּאָליטישע שמועסן. ווען ס'איז פאַרביי אַ צייט און ער האָט מיך ניט געהערט, איז ער געקומען מיך נודען: „זאָג עפּעס, דערצייל עפּעס!" — אָדער, געטריי איבערגעזעצט לויט זיין לשון: „פאַרגיס עפּעס".

האַנאַס איז געווען פּאָליטיש רוי, אַלץ געהערט צום ערשטן מאָל. ווען כ'האָב צו אים זיך צוגעקליבן מיט דער פראַגע, פאַר וואָס ער איז געקומען קיין שפּאַניע, האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ וויץ: „כ'בין געקומען זוכן דעם, וואָס האָט אויסגעטראַכט די אַרבעט..." לסוף האָט ער מיר גוטהאַרציק אַלץ אַרויסגעלייגט: ער איז ניט געווען קיין שיכּור. קיין פּאָליטישע דער־ציִונג האָט ער ניט געהאַט. זיך מיט גאָרניט ניט אינטערעסירט. פון דער הויכער זייטן־קעשענע האָט אַרויסגעשטאַרצט אַ פעדער צום שרייבן, אַזוי האָט באַדאַרפט זיין. ער איז געווען אַ פולשטענדיקער אַנאַלפאַבעט. וואָס האָט אים פאָרט געבראַכט קיין שפּאַניע? דאָס האָט אים אַ חבר באַווירקט. האַנאַס האָט דערפון ניט געמאַכט קיין סוד:

— כ'האָב געאַרבעט זייער שווער אין גרובן, אין צפון־פראַנקרייך. פאַרדינט ניט שלעכט, אָבער, ווייסט, פון דעם ווערט מען ניט רייך און די טעג גייען פאַרביי גרויע, מאָנאָטאָנע. ווער האָט עס אויסגעטראַכט די אַרבעט? ווען כ'וואָלט אים געפּאַקט, וואָלט איך אים אַ פּוס אויסגעדרייט פון הינטערן! כ'האָב געטראַכט און געטראַכט מיט מיין חבר, ווי מאַכט מען

לייכטער אַ פּאָר גראָשן. ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער קריג אין שפּאַניע, האָט מיין חבר אַ זאָג געטאָן:

— ווייסט, לאָמיר גאָר פאָרן קיין שפּאַניע!

— וואָס פאַלט דיר איין? האָב איך אים אַ פרעג געטאָן, ביסט משוגע געוואָרן?

און מיין חבר דאָס זייניקע:

— לאָז צו רו! הער אויס וואָס כ׳וועל דיר זאָגן. מיין פעטער, דער וואָס איז געבליבן אין פּוילן, זיצט אויף אַ באַדייטנדיקן פאַרמעגן. ווייסט ווי אַזוי ער האָט זיך דערצו דערשלאָגן? דאָס איז געווען אין רוסיש־יאַפּאַנישן קריג. מיין פעטער איז מאָביליזירט און געשיקט געוואָרן אויפן פראָנט. און אויפן פראָנט האָט ער גוט געקוקט אין אַלע זייטן און ווען ס׳איז עמעצער געפאַלן, איז ער צוגעלאָפן צו אים און — אַ זייגער, אַ גאָלדן קייטל, אַ רינגל, און אַלץ — צו זיך אין קעשענע אַריין! ער איז אַהיימגעקומען, אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד. דערנאָך איז אים שוין אַלץ געגאַנגען גלאַטיק... ס׳איז קריג אין שפּאַניע, קום, לאָמיר אַהינפאָרן און אויך טאָן אַזוי! זענען מיר געפאָרן קיין שפּאַניע און צוזאַמען אַוועק אויפן פראָנט. און דאָ, ברודערקע, האָט עס אויסגעזען גאַנץ אַנדערש. אוי־האָ! האַרמאַטן, מאַשינען־געווער, גראַנאַטן, אַוויאָנען — טראַ־טאַ־טאַ־טאַ, בום־בום! טראַך־טאַראַראַך. ס׳קנאַלט, פייפט אַרום און אַרום, מענטשן פאַלן, שרייען. מיין חבר זאָגט צו מיר: „קוק וואָס איך טו און טו דאָס זעלבע!" זאָגט און פאַלט צו צו אַ געפאַלענעם, שלעפּט אים אַראָפּ דעם זייגער און, בוך! — צו זיך אין קעשענע אַריין. ער לויפט צו צו אַ צווייטן — און ווידער דאָס זעלבע. ביים דריטן האָט ער געכאַפּט אַ קויל און איז מער ניט אויפגעשטאַנען. ער איז געבליבן ליגן מיט די זייגערס אין קעשענע...

געזען אַז מיט זיין חברס עצות וועט ער ווייט ניט אַוועקגיין, איז האַנאַס געבליבן און געקעמפט. און ער האָט גוט געקעמפט.



ווו איז איצט מיין טייערער חבר, דער טשעך, וואַניעק? ווו איז ער

אַהינגעקומען נאָך די לאַגערן, נאָך דער מלחמה? כ׳געדענק אים בלויז ווי אַן איינציקן טשעך אין אונדזער איינהייט, אַ דורכויס פּוילישע איינהייט. פאַר וואָס איז ער געגאַנגען צו די פּאָליאַקן און ניט צו די זייניקע, צו די טשעכן? דעמאָלט האָב איך די דאָזיקע פראַגע ניט געשטעלט. צו וואָס פרעגן? ניט נאָר ער האָט מיר ניט געשטערט, נאָר דווקא געווען אַ גוטער פריינד, אַן אויסגעצייכנטער קעמפער. ער האָט גיך אַוואַנסירט צום שעף־סערזשאַנט. געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אונדזער טעלעפאָן־פאַרבינדונג. ער האָט געהאַלטן די חברה אַרום זיך — פעסט, אייזן. געהיט די טעלעפאָן־ליניע ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג. ער האָט ניט געוואָלט וויסן פון די טשעכן, איז ווען האָט עס געקענט אָנגיין? ביז אַ געוויסן טאָג איז עמעצער פון דער שכנותדיקער טשעכישער איינהייט אַריבערגעקומען מיט אַן אויסשניט פון אַ טשעכישער צייטונג, מיט אַ בילד און אַ נאָטיץ וועגן... באַרימטן קאָסע־ברעכער, וואַניעק, וועלכער קעמפט איצט אין שפּאַניע! און וואַניעק האָט באמת געקעמפט!

כ׳ווייס ניט, וואָס עס וואָלט אַרויסגעקומען, ווען מען וואָלט יעדן פריי־וויליקן גענומען אונטערן פאַרגרעסער־גלאָז. כ׳קוק צוריק און זע רייען פון קעמפער, וואָס האָבן געקעמפט מיט גבורה ביזן לעצטן מאָמענט. כ׳דערמאָן זיך אין אַ פּאָזיציע הינטער מאַדריד, אין דער גוואַדאַראַמאַ, ווו פון 800 מאַן זענען געבליבן בלויז 80, און ווו דער רוב געפאַלענע זענען געבליבן ליגן מיט אַן אויפגעהויבענער, געביילטער פויסט. כ׳בין דאָרטן געווען מיט מיין עסטרייכישן חבר, האַנס שטאַפּעל, וועלכער איז געגאַנגען אויפזוכן זיין ברודער.

— ער איז געפאַלן אויפן אָרט — האָט האַנס מיט דערלייכטערונג פעסטגעשטעלט — ער האָט זיך ניט געמאַטערט.

כ׳דערמאָן זיך, אונטער רעמיזאַ, ביי מאַדריד, אַ דייטשישן חבר, וועלכער איז שוין געווען זיבן מאָל פאַרוווּנדיקט און מען האָט באַדאַרפט אים צוריק־האַלטן אויפן פעלד־בעטל, ער זאָל ניט צוריקלויפן אין דער ריי, אין פייער אַריין. אָדער גאָר, ווי מיר שטייען, אַ פאַריאָגטע איינהייט פון קאָסאַ־דעל־קאַמפּאָ, אונטער דער באַרימטער בריק, פּוענטע דע לאָס פראַנסעסעס. ס׳איז אַ רעגנדיקער, קאַלטער נאָוועמבער־טאָג. דאָ און דאָרטן שלייכט זיך צו

אַן אַנטרונענער פון די דורך פאַשיסטן פאַרנומענע פּאָזיציעס. די שטימונג פון אַ געשלאָגענער איינהייט זאָל מיין ערגסטער שונא ניט וויסן! מיר ווייסן ניט וואָס צו טאָן, ווייסן ניט ווו זיך אַהינצוטאָן. ווי אַ דונער פאַלט אַריין דער פאַרוואונדיקטער באַלעק אולאַנאָווסקי, די לינקע האַנט אונטער־געהאַלטן מיט אַ באַנדאַזש וואָס הענגט אַראָפּ פון האַלדז:

— חברה, מיר מאַכן אַן איבערפאַל!

פון דעם מענטש האָט געשטראַלט אַזאַ זיכערקייט, איבערגעגעבנקייט, אַז ער האָט מיט זיין פייער אָנגעצונדן אַלע אַרומיקע. צום איבערפאַל זענען מיר ניט אַרויס, אָבער אין אויגנבליק זענען מיר אַרויף אויף די הויכן, פאַרנומען די פּאָזיציעס מיט אויפגעלעבטע כּוחות.

אולאַנאָווסקי איז געווען אַ פּוילישער קוילן־גרעבער פון צפון־פראַנק־רייך. ער, ווי אַנטעק קאָכאַנעק און הונדערטער אַנדערע פּאָליאַקן, האָבן באַוווסטיזיניק אַוועקגעגעבן זייער לעבן אין שפּאַניע און שפּעטער — אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג צום נאַצישן אָקופּאַנט.

באַוווסטיזיניקע, איבערגעגעבענע קעמפער האָבן זיך געפונען אין אַלע נאַציאָנאַלע גרופּעס. ס׳זענען געווען טויזנטער האַרציקע, לויטערע גייסטער, גרייטע מקריב צו זיין זייער לעבן אין קאַמף פאַר פרייהייט און מענטשנ־רעכט. זיי האָבן עס געווירקט אויף אַלע אַנדערע, פאַרוואַנדלט זיי אין איין איינהייטלעכער מאַסע, דיסציפּלינירט אין קאַמף, פעיִק צום העכסטן קרבן.

וועגן דעם, אַז סטאַלין האָט אין אַ געוויסן מאָמענט רעדוצירט זיין הילף פאַרן שפּאַנישן פאָלק, האָט דער פּשוטער קעמפער פון דער ריי ניט געוווסט. ער האָט ניט געהאַט קיין צייט און ניט געווען איבערגעשפּיצט, כּדי נאָכצופאָלגן די ענדערונגען אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטישער אַרענע. די אָנפירנדיקע קאַדערן פון די באַזונדערע נאַציאָנאַלע איינהייטן זענען דעמאָלט אַוועק פון די אַלגעמיינע לאָזונגען וועגן דער „פּראָגרע־סיווער מענטשהייט" און זיך באַמיט בולט צו מאַכן זייער אייגענעם ציל אין קאַמף קעגן פאַשיזם אין שפּאַניע.

די איטאַליענישע פרייוויליקע פון דער גאַריבאַלדי־בריגאַדע, האָבן געהאַט זייער באַזונדערע סאַטיספאַקציע אינעם נצחון, וועלכן זיי האָבן

אָפּגעהאַלטן אין גוואַדאַלאַכאַראַ. זיי האָבן געקעמפט קעגן מוסאָליניס איינ־הייטן און האָבן מנצח געווען.

יעדער אַראָפּגעשאָסענער יונקערס, היינקעל אָדער מעסערשמיט־עראָ־פּלאַן האָט אַרויסגערופן אַ באַזונדערע סאַטיספאַקציע ביי די דייטשישע פּרייוויליקע. רוסן פון דער עמיגראַציע, די אַזוי גערופענע ווייסגוואַרדייער, וועלכע האָבן אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע געקעמפט קעגן די „רויטע" און נאָך זייער מפּלה אַוועק קיין אויסלאַנד, זענען מיט דער צייט דורכגע־גאַנגען אַ ראַדיקאַליזאַציע און שטאַרק געוואָלט צוריק קיין רוסלאַנד, וועלכע האָט געצויגן ווי אַ היימלאַנד און געלאָקט ווי דער „סאָציאַליסטישער גן־עדן". אין שפּאַניע האָבן זיי געזען אַ באַזונדער פעלד פאַר זייער רעהאַבילי־טאַציע פאַר די זיגד, וועלכע זיי זענען באַגאַנגען אין קאַמף קעגן דער אויפשטייענדיקער ראַטנמאַכט. וואָס האָט געקענט זיין אַ בעסערער באַווייז פון זייער חרטה, ווי דער קאַמף קעגן פאַשיזם מיט געווער אין האַנט? דער קאַמף אין שפּאַניע איז פאַר זיי געווען אַ קאַמף פאַר דעם בילעט צוריק אַהיים.

און די פּאָליאַקן, פאַר וואָס זענען זיי געקומען קיין שפּאַניע? די פּוילישע פּילסודסקי־פּרעסע האָט אויף דעם געהאַט אַ פּשוטן ענטפער: „ווייל זיי האָבן זיך אָנגעשיכּורט!"

דער פּוילישער פאָרשטייער פון קאָמינטערן אין שפּאַניע, רוואַל, האָט צו נישט געמאַכט די דאָזיקע טענה מיט אַ זייער וואָגיקן אַרגומענט: „די פּוילישע פּאַנעס ווייסן זייער גוט, אַז ווען זיי שיכּורן זיך אָן, טרעפן זיי אַפילו ניט צו זיך אַהיים, שוין אָפּגערעדט אין דער ווייטער שפּאַניע".

ס'רוב פּוילישע פרייוויליקע האָבן געהאַט זייער חשבון מיטן היימישן פאַשיזם און געהאַט גענוג סיבות צו קעמפן קעגן זיין אויפשטייגנדיקן כּוח. פאַר רוואַלן, דעם פּוילישן פאָרשטייער פון קאָמינטערן, וואָס איז געקומען פון מאָסקווע, איז די דאָזיקע מאָטיוואַציע ניט געווען קיין גענוגנדיקע. ער איז געווען אַ גלייכער מענטש, אַן אָרנטלעכער טוער. ווען מען האָט אים צוריקגערופן קיין מאָסקווע, האָט ער קיין רגע זיך ניט געוואַקלט און אַוועק אַהין, ווו דער הענקער האָט שוין אויף אים געוואַרט און פון זיינע הענט איז ער ניט מער אַרויס. ער איז געגאַנגען אַהין מיטן זעלבן גלויבן און מיט

די בעסטע כּוונות, פּונקט ווי ער איז געגאַנגען אין שליחות קיין שפּאַניע צו שטאַרקן די פּוילישע איינהייטן. צו די פּוילישע פרייוויליקע וואָס זענען געקומען פון דער היים און פון דער פרעמד, האָט רוואַל געהאַלטן, דאַרף מען אַפּעלירן אויף פון אַ נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט.

אויף רוואַלס טיש איז געלעגן אַ דיק בוך פון פּוילישן שרייבער סטעפאַן זשעראָמסקי, „פּאָפּיאָלי" (אַש). אַן אָנגעזען אָרט אין בוך פאַרנעמט די עפּישע באַשרייבונג פון די קאַמפן פון נאַפּאָלעאָנס אַרמיי צו אונטעריאָכן שפּאַניע. באַזונדערש בלוטיק זענען זיך באַגאַנגען אין דער דאָזיקער שלאַכט די פּוילישע איינהייטן פון נאַפּאָלעאָנס אַרמיי, ספּעציעל קעגן די פּאַרטיי־דיקער פון סאַראַגאָסאַ.

— אָפּמעקן דעם שאַנדפלעק פון די אַמאָליקע פּוילישע איינהייטן אין שפּאַניע — דאָס איז אונדזער ערן־אויפגאַבע! — האָט געמאָנט רוואַל פון די פּוילישע פרייוויליקע. אַ באַטאַליאָן, ווו די פּוילישע פרייוויליקע זענען געווען די מערהייט, האָט אַפילו באַקומען דעם נאָמען „פּאַלאַפּאָקס" — דעם נאָמען פון אַ שפּאַנישן גענעראַל, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט בעת דער העלדישער פאַרטיידיקונג פון סאַראַגאָסאַ. דער מאָטיוו וועגן ריינוואַשן דאָס פּוילישע געוויסן איז אָפט דערשינען אין דער פּרעסע פון די פּוילישע איינהייטן אין שפּאַניע. רוואַל האָט וועגן דעם דערמאָנט ביי יעדער געלעגנ־הייט, אויף מאַסן־מיטינגען, בעת אינדיווידועלע שמועסן.

זיין אַנאַלאָגיע צווישן די איצטיקע פּוילישע פרייוויליקע און די פון אַמאָל, אין נאַפּאָלעאָנס אַרמיי, האָט אין פלוג געשיינט צו זיין אַ גאַנץ לאָגישע, אָבער, ווידער אַ מאָל, דאָס לעבן איז ניט אַזוי פּשוט און לאָגיש.

יוסף, פון דער פּוילישער איינהייט, האָט ניט געהאַט קיין „אַרישן" אויסזען אָבער זיין פאַמיליע־נאָמען האָט געקלונגען ריין פּויליש. צי האָט דאָס גורם געווען צו דער אומפאַרשטענדעניש? גראָד אים האָט רוואַל אַריינ־גערופן צו זיך אין שטאַבסצימער, כּדי „אויפצוקלערן" אים. ער האָט, ווי געוויינטלעך, גענומען דערציילן וועגן חוב, וואָס ליגט אויף יעדן פּוילישן פרייוויליקן — אָפּצומעקן דעם שאַנדפלעק פון פּוילישן געוויסן אין שייכות מיט די אַכזריותן, באַגאַנגענע דורך די פּוילישע איינהייטן פון נאַפּאָלעאָנס אַרמיי אין שפּאַניע. רוואַל האָט גערעדט מיט פלאַם, אין אַ שיינעם פּויליש,

וועגן יענע טעג, ווען פֿאַליאַקן האָבן געשטורעמט סאַראַגאָסאַ, זיך איבער־געגאַנגען איינער דעם צווייטן אין אַכזריות.

יוסף האָט זיך צוגעהערט צו די גרויליקע סצענעס, וועלכע רוואַל האָט פֿאַר אים געמאָלן. אויף אַ ווײַלע זענען אין זײַן זכּרון אויפֿגעשוווּמען די ווערטער פֿון אַ פּויליש מיליטעריש ליד: „ווי שיין ס'איז אויף דער מלחמה, ווען אַן אולאַנער פֿאַלט אַראָפּ פֿון פֿערד, די חברים האָבן אויף אים ניט קיין רחמנות, זיי טרעטן אים נאָך צו צו דער ערד!" שוין ווי אַ קינד האָט ער דאָס ליד ניט ליב געהאַט. פֿאַלט אַראָפּ אַ חבר פֿונעם פֿערד, טרעט מען אים נאָך צו אויף טויט? וואָס פֿאַר אַ מענטשן זענען דאָס?

— אָבער, חבר רוואַל — האָט יוסף אים מיט אַ מאָל איבערגעריסן — איך בין טאַקע אַ פּוילישער בירגער אָבער איך בין אַ ייִד, און ווי אַ ייִד פֿיל איך ניט קיין שום שאַנדפֿלעק אויף מײַן געוויסן. איך האָב זיך גאָרניט וואָס פֿאַרצווואַרפֿן צוליב דער פֿאַרגאַנגענהייט פֿון מײַן פֿאָלק אין שפּאַניע! מיר ייִדן, טײַערער חבר רוואַל, זענען די שפּאַניער גאָרניט שולדיק. ניט מיר האָבן זיי געבערענט אויף די שײַטער־הויפֿנס, געבראָכן אויפֿן ראָד, באַרויבט, באַגזלט און אַרויסגעטריבן פֿון לאַנד. וואָלטן מיר, ייִדן, געוואָלט מאַכן דעם חשבון מיטן שפּאַנישן פֿאָלק, וואָלט ער אויסגעפֿאַלן גאַנץ אַנדערש!

רוואַל איז געזעסן דערשטוינט, פֿאַרשטומט. יוסף האָט אָפּגעהאַקט זײַנע רייד. אין מוח זענען אויפֿגעשוווּמען אַרטיקלען, ביכער וועלכע ער האָט געלייענט וועגן די ייִדן אין שפּאַניע. ער האָט געפֿילט אַ שטאָלץ, אַן איבער־לעגנהייט, וועלכע ער האָט ניט געהאַט בדעה צו פֿאַרשווייגן:

— דאָס בוך פֿון געשיכטע, טײַערער חבר רוואַל, ווערט ניט געלייענט דורך יעדן איינעם מיט די זעלבע געפֿילן. אונדזער פֿאַרגאַנגענהייט אין שפּאַניע איז אַ וואָגיקער טייל פֿון אונדזער געשיכטע. ווען די אַראַבער זענען דאָ אַרײַנגעדרונגען אין 711, זענען די ייִדן שוין דאָ געווען פֿון לאַנג. שוין נאָכן ערשטן חורבן זענען ייִדן פֿאַרוואָגלט געוואָרן אַהער. ווען פּוילן איז נאָך קיין מלוכה ניט געווען, נאָך ניט געהאַט אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן, אין 966, זענען ייִדן אין שפּאַניע שוין געווען הויכע מלוכה־לײַט, דענקער, פֿילאָסאָפֿן. די ייִדן האָבן דאָ געגעבן זייער גרויסן צושטייער

צו דער שפּאַנישער קולטור, צו שפּאַניעס אַנטוויקלונג — צי אונטער דער הערשאַפט פון די אַראַבישע קאַליפן, צי אונטער די שפּאַנישע קאַטוילישע מלכים. איך גלייב, איר ווייסט דערפון, חבר רוואַל?

— ניט פיל, אָבער עפּעס האָב איך געהערט.

— פון אונדז האָט ניט איינער זיך פּאַרטיפט אין יענעם פּעריאָד פון דער שפּאַנישער געשיכטע. די גרויסע ייִדישע פּערזענלעכקייטן פון יענער צייט האָבן צעפּלאָמט אונדזער יונגע פאַנטאַזיע. ניט קיין גאַנצע דריי צענד־ליק יאָר נאָך דעם ווי פּוילן איז געוואָרן אַ מלוכה, אין יאָר 993, איז אין קאָרדאָווע געבוירן געוואָרן שמואל הנגיד. ער איז דורך דעם בערבערישן קעניג, כאַבוס, באַשטימט געוואָרן פאַרן שטייער־אויפמאַנער, דערנאָך פאַרן געהילף־וויזיר און לסוף, אין 1027, פאַרן וויזיר. דער דאָזיקער שמואל איז אין משך פון כמעט צוואַנציק יאָר, ביז זיין טויט אין 1055, געשטאַנען אין שפּיץ פון אַ מחמדנישער אַרמיי. עס זענען פון אים געבליבן פּאָעמעס וועגן קריג, דיכטונגען וועגן וויין און ליבע און דערביי איז ער געווען אַ פילאָסאָף און ביבל־פאָרשער. אבן־גבירול האָט אים זייער הויך געשעצט. ווייסט איר, ווער ס'איז געווען אבן־גבירול?

— וואַרט אַ מינוט — האָט רוואַל אַ זאָג געטאָן — כ'וועל מאַכן טיי. ער האָט זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צום קיכל. אויפן וועג האָט ער שטיל געמורמלט צו זיך: „אינטערעסאַנט, אינטערעסאַנט".

— כ'האָב דערמאָנט דעם נאָמען אבן־גבירול — האָט יוסף ווייטער געצויגן, אויסדרייענדיק זיך אין דער ריכטונג צו רוואַלן — וואָס פאַר אַ פּילעוודיקער מענטש דאָס איז געווען! וואָלסט געלייענט זיינע ווייגלידער און זיינע פילאָסאָפישע שאַפונגען! זיי זענען באַקאַנט ניט נאָר ייִדן. די קריסטלעכע דענקער, די פילאָסאָפן־סכאָלאַסטיקער פון מיטל־עלטער, ווי אַלבערט מאַגנוס, טאָמאַס פון אַקווין, האָבן ברייט ציטירט פון זיינע ווערק, ספּעציעל פון זיין ווערק „פאָנס וויטע" — מקור החיים, וואָס ער האָט געשריבן אין אַראַביש. דערנאָך איז עס איבערגעזעצט געוואָרן אויף לאַטיין און העברעיִש. האָסט אַ מאָל געהערט פון אבן־גבירול? ניין. ניט קיין וווּנדער. זיי האָבן זיין אָריגינעלן נאָמען ניט דערמאָנט. פאַר זיי איז ער

געוועזן אַוויצעבראָן! ווען ער איז געשטאָרבן איז ער אַלט געווען בלויז אַרום 37 יאָר...

יוסף האָט איצט גערעדט רויִק, ווי איבערחזרנדיק פאַר זיך אַליין דאָס, וואָס ער האָט באַוווּנדערט און גערן געהאַט. רוואַל איז צוריקגעקומען צום טיש, אַוועקגעשטעלט די גלעזלעך טיי.

— טו אַריין צוקער — האָט רוואַל צוגערוקט צו יוספן די צוקער־פּושקע.

— ווייסט, אַ ביסל שפּעטער — האָט יוסף ווייטער געצויגן — אין 1075 איז אין טאָלעדאָ געבוירן געוואָרן איינער פון אונדזערע פיינסטע פּאָעטן און דענקער, יהודה הלוי. אין זיין צייט האָבן געלעבט און געשאַפן אַזעלכע דיכטער און דענקער ווי אַברהם אבן־עזרא, משה אבן־עזרא און נאָך און נאָך און וואָס פאַר אַ דיכטונג! נאַציאָנאַלע לידער, ליריק, פילאָסאָפיע, ביבל־קריטיק האָבן זיי נאָך זיך געלאָזן! אַברהם אבן־עזרא איז געשטאָרבן אין 1164. ווייסט פאַר וואָס איך שטרייך אַזוי אונטער די דאַטעס? דער־מאָנסט זיך, ווי מען האָט אין אונדזערע פּוילישע שולביכער דערמאָנט מיט שטאָלץ, אַז די פּוילישע דיכטונג הייבט זיך אָן פונעם ליד „באָגו דזיעוויצאַ ראָדזיצאַ, באָגיעם סלאַוויאָנאַ מאַריאַ״, פון דרייצנטן יאָרהונדערט, געזונגען דורך די פּוילישע שלאַכט־לייט פאַר דער שלאַכט? ווי דו זעסט, האָבן ייִדן דאָ אין שפּאַניע שוין לאַנג, לאַנג פאַר דעם געשאַפן מאָדערנע דיכטונג, פילאָסאָפיע. כ׳רעד ניט פון תּנ״ך. זיי האָבן געשאַפן אין העברעיִש, אַראַביש, איבערגעזעצט אין און פון אַראַביש. ניט איין קלאַסישע שאַפונג פון דער גריכישער און רוימישער קולטור איז דורך זיי געראַטעוועט געוואָרן פאַר דער אייביקייט! כ׳וואָלט דיר געקענט אויסרעכענען ייִדישע דיכטער, דענ־קער, מלוכה־מענער אין די צענדליקער, וועלכע האָבן זייער גאַנץ וויסן גע־שטעלט צו דינסט די אַראַבישע הערשער אין שפּאַניע. ווען די מאַכט פון די אַראַבער האָט אָנגעהויבן פוילן, זענען די ייִדן געווען די ערשטע קרבנות. די ייִדן זענען דעמאָלט אַריבער אין קריסטלעכן טייל פון לאַנד און ווידער אַ מאָל געשטעלט זייער וויסן און קענטענישן צום דינסט פון די שפּאַנישע קאַטוילישע הערשער. אָבער מיין ניט, אַז דאָס זענען געווען מענטשן אָן פּרינציפּן — ניין! דאָס זענען געווען דרייסטע, שטאָלצע מענטשן. זיי האָבן

ניט געוואָלט בייגן דעם קאָפּ פאַר דער קאַטוילישער רעאַקציע פון יענער צייט.

יוסף האָט זיך ממש פאַרכליניעט מיטן עקסקורס אין דער יידישער געשיכטע:

— אין משך פון צוואַנציק חדשים איז אין 1414־1413 אָנגעגאַנגען אין טאָרטאָסאַ, אונטערן פאָרזיץ פון שפּאַנישן פויפּסט, בענעדיקט דעם 13טן, אַ דיסקוסיע צווישן פאָרשטייער פון קאַטוילישן גלויבן און יידישע טעאָ־לאָגן. קענסט זיך פאָרשטעלן, אין וועלכער סכּנה ס׳האָבן זיך געפונען די יידישע דיסקוטאַנטן, און די שפּאַנונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין משך פון די 69 סעסיעס פון דיספּוט. ניט וויסן און ניט לאָגיק האָבן געקענט זיגן אין דעם אַ דיספּוט. טויזנטער יידן זענען געטריבן געוואָרן קיין טאָרטאָסאָ און מיט גוואַלד האָט מען זיי אַריבערגעפירט צום קריסטנטום... ווייסט, כ׳האָב געהאַט אַ מאָדנע געפיל, שפּאַצירנדיק איבער די שפּאַנישע שטעט און שטעטלעך. אין כאַען, לינאַרעס, סיודאַד־רעאַל, פּוערטאָ־ליאַנאָ האָבן מיר די גאַסן אויסגעזוכט באַקאַנט. כּמעט אומעטום איז געווען אַ יידן־גאַס. ווען כ׳האָב געטראָטן איבער דעם ברוקירטן פּלאַץ אַרום דעם קאַטע־דראַל אין מורציע, האָב איך ניט געקוקט אויף זיינע מעכטיקע טורעמט וואָס רייסן זיך שטאָלץ אין הימל אַריין. כ׳האָב דווקא געקוקט אויף די פענצטערלעך פון די קעלערן, וועלכע בויגן זיך הכנעהדיק צו דער ערד. כ׳פאַרזיכער דיך, אַז איבער אַלע שטעט און שטעטלעך פון שפּאַניע האָב איך זיך ניט געקענט באַפרייען פון דער אינקוויזיציע־טראַוומע.

נאָך אַ קורצער הפסקה האָט יוסף פאַרגעזעצט:

— זעסט, ווי איך זיץ דיר דאָ, אין וואַלענציע, פון דעם אָ פּאָרט, אין וואַלענציע, האָט דאָן יצחק אַברבנאל מיט זיין משפּחה פאַרלאָזט שפּאַניע אין 1492, בעתן גירוש פון די יידן. אַברבנאל איז געווען אַ מענטש אַ פעיקער, מיט אַן אַלזייטיקן וויסן. ניט צו באַגרייפן, ווי אַזוי אַ מענטש האָט אין מיטל־עלטער געקענט שרייבן אַזעלכע קריטישע באַמערקונגען וועגן דער ביבל. ער איז געווען אַ ביבל־קריטיקער, אַ פילאָסאָף, אַ הומאַניסט פון אַ גיגאַנטישן פאַרנעם. פרעגסט, ווען האָט ער דאָס אַלץ געשאַפן, ווען בסך־הכל איז ער נאָך געווען אַ מלוכה־מאַן, דער פינאַנציעלער ראַטגעבער פון

קעניג אַלפֿאָנסאָ פֿון פּאָרטוגאַל. ווען אַלפֿאָנסאָ איז געשטאָרבן און זשאָאָ דער צווייטער האָט באַזעצט דעם טראָן, האָט זיך די לאַגע געענדערט. אין 1483 איז אַבּרבּנאֵל באַשולדיקט געוואָרן אין קאָנספּיראַציע און איז קוים מיטן לעבן אַנטלאָפֿן פֿון פּאָרטוגעזישן הויף. ער האָט געמוזט זיין אַ גאָר פֿעיִקער מענטש, ווייל אין אַ יאָר אַרום איז ער שוין אין דינסט פֿון די קאַטוילישע הערשער פֿון קאַסטיליע און אַראַגאָן, פֿערנאַנד און איזאַבעלאַ, אין געביט פֿון פֿינאַנסן. אייז און אַ האַלבן מיליאָן גאָלדענע דוקאַטן האָט ער געבאָרגט דעם קעניג צום קריג קעגן דער לעצטער אַראַבישער פֿעסטונג אין שפּאַניע — גראַנאַדאַ. ייִדיש געלט איז תּמיד גוט געווען! ניט ווייניק איז געווען זיין השפּעה אויפֿן קעניגלעכן הויף, אָבער קעגן דער פֿאַרשאָל־טענער אינקוויזיציע האָט ער גאָרנישט ניט געקענט פּועלן. ער האָט בלויז באַקומען צוריק טויזנט פֿינף הונדערט דוקאַטן און אין 1492, האָט ער מיט זיין משפּחה געמוזט פֿאַרלאָזן שפּאַניע. אָט טאָקע פֿון דעם פּאָרט, פֿון וואַלענציע, אַוועק קיין נעאַפּאַל. און ווען ער איז געקומען קיין נעאַפּאַל, האָט ער פֿאַרענדיקט זיין אַרבעט איבערן ספֿר מלכים! אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָבן די פֿראַנצויזן פֿאַרנומען נעאַפּאַל, צעראַבירט און פֿאַרברענט זיין הויז (יעדער איינער טוט וואָס ער קען!) איז וואָס־זשע, עס האָט אים ניט געשטערט — ער האָט פֿאַרענדיקט זיין אַרבעט איבערן ספֿר מלכים און געשריבן, געשריבן... ווי וועל איך דאָס אַלץ אויסרעכענען! זיינע אַרבעטן זענען אַפֿילו איבערגעזעצט געוואָרן אין לאַטיין! ניט געהאַט קיין מזל דער דאָזיקער פֿעיִקער מענטש, אַבּרבּנאֵל. געשטאָרבן איז ער אין ווענעציע, אין 1508, צו קבֿורה געבראַכט געוואָרן אין פּאַדואַ און ניט לאַנג גערוט אין זיין קבֿר. בעתן קריג, איז זיין קבֿר פֿאַרטיליקט געוואָרן, און מען ווייסט ניט ביז היינט, וווּ זיין געביין איז אַהינגעקומען. וואָס זשע מיינסטו, ער האָט שווער געזינדיקט קעגן שפּאַנישן פֿאָלק, האַ? און איך דאַרף זיך מיט אים שעמען?

רוואַל, (אַגבֿ, ער איז געווען אַ ייִד, אַ שטאַרק אַסימילירטער. זיין אמתער נאָמען איז געווען גוסטאַוו רייכערט), האָט אויפֿמערקזאַם זיך צוגע־הערט און יוסף האָט ווייטער גערעדט:

— סערוואַנטעס האָט געמאַכט אַ ריזיקע אַרבעט לטובֿת שפּאַניע. ניט

נאָר וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אַ ליטעראַריש קונסטווערק, וואָס האָט צעשטערט אַלע מעשׂיות וועגן וואַנדערנדיקע ריטער, אידעאַלע ליבהאָבער. ער האָט אויך פאַרבונדן דאָס שפּאַנישע פאָלק מיטן באַגריף דאָן קיכאָט, דער ריטער וואָס איז גרייט צו קעמפן קעגן יעדן רישעותדיקן כּוח, קעמפן פאַר יושר און אמת. גלייב מיר, ווען כ'האָב אין שפּאַניע, אויף די וועגן פון דאָן קיכאָט, געזען אַ פּויער אויף זיין אייזעלע, האָב איך ניט געזוכט אין זיין נאָענטקייט דעם אידעאַלן, פאַרפאַנצערטן ריטער, וואָס רייט אויפן פערד מיטן שפּיז אין האַנט. כ'האָב זיך ניט געקענט באַפרייען פון געדאַנק, אַז אָט זע איך איינעם, אַן אָפּשטאַמיקן פון יענעם ווילדן המון, וואָס רייסט זיך, דראָענדיק מיט די פויסטן, קעגן אַ הייפעלע ייִדישע מענער און פרויען, וועלכע מען פירט צום שייטער!

דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער רעכטער האַנט, מיטן עלנבויגן אין טיש, האָט רוואַל פאַרטראַכט געהערט און געשוויגן. יוסף איז אַנטשוויגן געוואָרן. לאַנג זענען ביידע געזעסן און געשוויגן. דער געדאַנק, געלאָזט אין גאַנג ווי אַ ראָד מיט דער גרעסטער געשווינדקייט, איז איצט געלאָפן אַליין, פאַרקלענערט ביסלעכווייז דעם לויף, פּאַמעלעך, פּאַמעלעכער. נאָך אַ ווײַלע האָט יוסף זיך אויפגעהויבן. אויך רוואַל איז אויפגעשטאַנען. ער איז צוגע־גאַנגען נענטער צו יוספן, לייכט אַ קלאַפּ געטאָן אויף זיין אַקסל:

— יאָ, יאָ, טייערער יוסף, די זאַכן זענען ניט אַזוי פּשוט...



פאַר וואָס זשע זענען ייִדישע פּריוויליקע געקומען קיין שפּאַניע? ס'וואָלט געווען לייכט און שיין צו דערקלערן, אַז זיי זענען געקומען אָפּצו־צאָלן דעם גרויסן אינקוויזיטאָר טאָמאַס טאָרקעמאַדאַ דעם אַלטן חשבון. די ייִדישע פּרייוויליקע זענען אין זייער מערהייט געווען קאָמוניסטן. די קאָמוניסטישע פּאַרטייען, אין וועמענס הענט ס'איז געלעגן די ווערבירונג און דער אָפּקלייב פון די מענטשן, האָבן שוין געזאָרגט פאַר דער „ריינקייט" פון די רייען. כאָטש מען האָט אין דער פּראָפּאַגאַנדע אונטערגעשטראָכן, אַז די בריגאַדע איז די פאַרקערפּערונג פון אַ געאייניקטן אַנטיפאַשיסטישן

פּראָנט, האָט מען די ניט־קאָמוניסטישע קעמפּער געקענט ציילן אויף די פינגער. כ׳האָב געוווּסט אַז גרשון ראָטהאָלץ איז אַ לינקער פּועלי־ציוניסט. אויך אַברהמל כאַסקעל, האָט מיר עמעצער איינגערוימט אין אויער, איז אַ לינקער פּועלי־ציוניסט, אָדער ווי ער האָט עס געזאָגט — אַ פּעצעק. כ׳דער־מאָן זיך אין איינעם אָדער צוויי בונדיסטן. כּדי זיך אַריינצובאַקומען אין דער אינטערבריגאַדע האָבן זיי אַוודאי זיך געמוזט גוט היטן. אָבער, ווי געזאָגט, די ייִדישע פּריוויליקע זענען אין זייער איבערוועגנדיקער מערהייט געווען קאָמוניסטן. דער ייִדישער פּונקט איז קיין מאָל ניט אונטערגעשטראָכן געוואָרן. ווען יאָ, וואָלט עס באַצייכנט געוואָרן ווי אַ פּאָליטישע באַגרענעצט־קייט אָדער אַפילו ווי נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם. אין די לאַנגע יאָרן פון זייער פּאַרטיי־לעבן האָבן זיך די ייִדישע קאָמוניסטן צוגעוווינט ניט צו דערמאָנען די ייִדן־פראַגע. מען האָט גערעדט וועגן אַלע גרויסע וועלט־פּראָבלעמען, וועגן וועלט־קריזיס, אַגראַר־פראַגע, קאָלאָניאַליזם, וועגן דער באַפרייונג פון כינעזישן פאָלק, פון אינדישן. די באַפרייונג פון ייִדן (ניט חלילה ייִדישן פאָלק, ווייל סטאַלין האָט געהאַלטן, אַז אַזעלכעס איז בכלל ניט פאַראַן), האָט מען באַטראַכט ווי אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונג, און די ייִדן ווי אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַלער באַשטאַנדטייל אין געגעבענעם לאַנד. דער דאָזיקער געדאַנקענגאַנג איז געווען טיף איינגעקריצט אין מוח פון יעדן ייִדישן קאָמוניסט.

אַ באַשטעטיקונג דערפאַר זענען געווען די ייִדישע פּריוויליקע, וועלכע זענען געקומען פון ישׂראל (דעמאָלט — פּאַלעסטינע). אין זייער רוב האָבן זיי געשטאַמט פון די גלות־לענדער. געווען אויך עטלעכע, וואָס זענען שוין געבוירן געוואָרן אין פּאַלעסטינע. אָבער קיינעם פון זיי איז ניט געקומען אויפן געדאַנק צו שאַפן אַ פּאַלעסטינער ייִדישע איינהייט, און געקומען זענען זיי אַרום דריי הונדערט*, אַ גוטער קערן אַפילו פאַר אַ באַטאַליאָן! לאַנג אַוועק פון די גלות־לענדער האָבן זיי זיך נאָך אַלץ באַטראַכט ווי אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַלער באַשטאַנדטייל פון די לענדער, פון וועלכע זיי זענען

* זייערע נעמען — צום סוף פון בוך.

געקומען. מען האָט זיי טאַקע געקענט געפינען אין פּוילישע, דייטשישע, באַלקאַנישע, ענגלישע איינהייטן. אַפילו זייענדיק פון פּאַלעסטינע, האָבן זיי זיך געהיט צו פירן זייער קאַמף אין אַן אייגענער יידישער איינהייט. ס׳וואָלט געשמעקט מיט נאַציאָנאַליזם און ציוניזם...

מען דאַרף אונטערשטרייכן אַז דער וועג פון די יידישע פרייוויליקע פון פּאַלעסטינע קיין שפּאַניע איז ניט געווען קיין לייכטער. זיי זענען גע־שטאַנען פאַר דילעמעס, פאַר וועלכע קיין שום אַנדערע פרייוויליקע זענען ניט געשטאַנען. אין פּאַלעסטינע זענען דעמאָלט, אין 1936, פאָרגעקומען בלוטיקע צוזאַמענשטויסן צווישן דער אַראַבישער און יידישער באַפעלקע־רונג. כנופיות פון מופטי, געשטיצט דורך היטלערן, האָבן געמאַכט פּאָגראָ־מען. אין מאָסקווע האָט מען געזוכט אַ ברייטע באַזע פאַר אַ „נאַציאָנאַלער באַפרייונגס־באַוועגונג". לויט זייער צאָל האָבן בלויז די אַראַבער געקענט שאַפן די דאָזיקע באַזע. קאָמוניזם פּרעטענדירט צו שטיין אויף אַן אינטער־נאַציאָנאַלער באַזע, אָבער אין געגעבענעם מאָמענט האָט מען באַדאַרפט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין פּאַלעסטינע אַראַביזירן. די „אַראַביזירער" האָבן זיך, זעלבסט־פאַרשטענדלעך, געשטעלט אויף דער אַראַבישער זייט, און די פּאָגראָמען קעגן די יידן האָבן באַקומען דערהויבענע נעמען: „נאַציאָנאַלע באַפרייונגס־באַוועגונג", „רעוואָלוציע". אין די רייען פון דער קאָמוניסטי־שער פּאַרטיי אין פּאַלעסטינע איז אָנגעגאַנגען אַ שאַרפע דיסקוסיע, ספּעציעל צווישן אירע יידישע מיטגלידער: איז עס אַ פּאָגראָם צי אַ רעוואָלוציע. דער אַראַבישער חבר האָט זיך מיט אַ לייכט געמיט געשטעלט אויפן שטאַנד־פּונקט, אַז דאָס איז אַ נאַציאָנאַלער באַפרייונגס־קאַמף. דאָס איז געווען נענטער צו זיינע נאַציאָנאַלע געפילן, לייכטער, שענער, און קיין שפּאַניע האָט ער זיך ניט געאיילט. אויף אַן ערך 300 פרייוויליקע פון פּאַלעסטינע זענען געקומען צ ו ו י י אַראַבער (פון אַ באַפעלקערונג וואָס איז דעמאָלט געווען דריי מאָל אַזוי גרויס ווי די יידישע). די יידישע חברים האָבן שווער געקענט שלום מאַכן מיט אַזאַ הימל־שרייענדיקער שטעלונג. שווער געווען מסכים צו זיין, אַז די מופטי־פּאָגראָמשטשיקעס זענען עס די טרעגער פון דער רעוואָלוציע. קעגנער פון דער דאָזיקער שטעלונג זענען געשטעמפּלט געוואָרן ווי בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן, באַזייטיקט געוואָרן פון דער פּאַרטיי.

דער פּאָגראָם פון דער גאַס האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין די רייען פון דער פּאַרטיי, און דאָ האָבן שוין אין אים אָנטיילגענומען אויך ייִדן, פּאַרטייִשע פאַנאַטיקער.

אין לאַנד איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אַ פיבערדיקע פעסטיקונג פון ייִשוב דורך בויען נייע פּאַרטיידיקונג־פּונקטן — חומה ומגדל. אין זיך האָט דער ייִדישער פּרייוויליקער אין שפּאַניע געפרעגט: און אפשר זיך אומקערן בויען די מויער און דעם טורעם? קיין לייכטע תשובה איז אויף דעם ניט געווען. דאָס זענען געווען די שוואַרצסטע יאָרן פון סטאַלינס הערשאַפט. אויפהייבן זיך קעגן פּאַרטיי־טאַבו, צולייגן אַ האַנט צום נאַציאָנאַלן בנין, האָט אַ ייִד, אַ פּאַלעסטינער קאָמוניסט, אַפילו ניט געטאָרט חלומען. אַז די דאָזיקע פראַגע האָט באַשוערט זייַן געוויסן, איז ניטאָ קיין ספק. אַ סך האָבן געזען ווי זייער איינציקן אויסוועג — אַרויס אויפן וועג פון דירעקטן קאַמף קעגן פאַשיזם און נאַציזם — קיין שפּאַניע!

אין ישׂראל הערט מען אָפט די טענה, פאַר וואָס זענען זיי געפאָרן קיין שפּאַניע, בעת מען האָט באַדאַרפט קעמפן דאָ, אויפן אָרט, ווייל חניתה איז וויכטיקער געווען ווי מאַדריד. די דאָזיקע טענה קומט ניט אין מאָל פון מענטשן, וואָס האָבן דעמאָלט קנאַפּ אָדער גאָרניט ניט געטאָן — ניט געבויט חניתה, ניט קיין מויער און ניט קיין טורעם. די וועלכע זענען אַוועק קיין שפּאַניע, האָבן דאָך פאַרגעזעצט זייער קאַמף קעגן סאָציאַלן אומרעכט, קעגן פאַשיזם און נאַציזם, וואָס האָבן באַדראָט די מענטשהייט און בפרט דאָס ייִדישע פאָלק.

ניט נאָר דער היטלעריזם, די פאַשיסטישע באַוועגונגען אין פּוילן, רומעניע, אונגאַרן, לאַטוויע, ענגלאַנד און אַנדערע לענדער האָבן אויפגע־הויבן דעם קאָפּ. זיי האָבן געדישעט מיט ייִדן־שׂינאה. אויב זיי האָבן די פעלקער פון דער וועלט באַדראָט מיט פאַרשקלאַפונג, דאָס ייִדישע פאָלק האָבן זיי באַדראָט מיט פולשטענדיקער אויסראָטונג. אויף די שלאַכטפעלדער פון שפּאַניע איז די ייִדן געגעבן געוואָרן אַ מעגלעכקייט צו קעמפן מיט געווער אין האַנט קעגן דער דאָזיקער סכּנה.

מיט ענטוזיאַזם, אינטענסיווער ווי די זין פון יעדער אַנדער פאָלק, האָבן זיי זיך אָנגעשלאָסן אין קאַמף. אָן וואַקלעניש האָבן זיי געטראָגן דאָס

בעסטע, זייער לעבן, אויף דעם פרייהייט־מיזבח! פון דער אַלגעמיינער צאָל פרייוויליקע, בערך, פערציק טויזנט, וועלכע זענען געקומען קיין שפּאַניע, זענען, בערך, אַכט טויזנט געווען ייִדן — אויסער יעדער פּראָפּאָרץ צו דער צאָל פון אונדזער פאָלק! ליידער איז די צאָל פון די ייִדישע געפאַלענע גאָר שטאַרק איבער יעדער פּראָפּאָרץ.

ניט שטענדיק האָט מען געקענט אידענטיפיצירן די ייִדישע פרייוויליקע. זיי האָבן געקעמפט אין זייערע לאַנד־איינהייטן. די פּוילישע ייִדן — מערסטנס אין דער דאָמבראָווסקי־בריגאַדע, די פראַנצייזישע — אין דער „מאַרסעליעז"־בריגאַדע, די דייטשישע — אין טעלמאַן־ אָדער עדגאַר אַנדריי־איינהייטן, די אַמעריקאַנער ייִדן — אין דער לינקאָלן־בריגאַדע אאַז"וו. אַנדערש איז קיינעם ניט איינגעפאַלן. ס'האָט פּאַרטייִש ניט געקענט אַנדערש זיין.

און די ייִדישע קאָמפּאַניע, די באָטווין־קאָמפּאַניע? זי איז געשאַפן געוואָרן ערשט נאָך אָנדערטהאַלבן יאָר עקסיסטענץ פון דער אינטער־בריגאַדע. די ייִדישע פרייוויליקע האָבן אין דעם געהאַט דעם קלענסטן חלק, אויב בכלל וועלכן עס איז! ווי געוויינטלעך קומען אַזעלכע באַשלוסן פון אויבן. פירנדיקע קאָמוניסטישע אינסטאַנצן האָבן איינגעזען, אַז אַ ייִדישע איינהייט וואָס קעמפט אין שפּאַניע, וועט מאַכן אַ גוטן איינדרוק לטובת דער זאַך פון קעמפנדיקן שפּאַניע. איז אין אַ שיינעם טאָג עמעצער פון די קאָמוניסטישע ייִדישע טוערס אַראָפּגעקומען פון פּאַריז קיין שפּאַניע, און די באָטווין־קאָמפּאַניע איז געשאַפן געוואָרן.

די קאָמפּאַניע איז אָנגערופן געוואָרן אויפן נאָמען פון אַ יונגן ייִדישן לעמבערגער בחור, נפתלי באָטווין, וואָס האָט מקריב געווען זיין לעבן פאַר דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן. ס'האָבן זיך אַפילו געפונען אַזעלכע וואָס האָבן פאָרגעשלאָגן דעם נאָמען „בר־כוכבא",* אָבער דער דאָזיקער נאָמען איז ניט אָנגענומען געוואָרן — צו נאַציאָנאַליסטיש... פאַר וואָס איז דאָמבראָווסקי, וואַשינגטאָן, לינקאָלן כשר, זענען ניט נאַציאָנאַליסטיש, דאַרף מען ניט דיסקוטירן. דער נאָמען „באָטווין" האָט בעסער

* מען זאָגט, אַז דאָס האָט גראָד רוואַל פאָרגעלייגט דעם דאָזיקן נאָמען.

געפּאַסט פאַר די ייִדישע פּרייוויליקע, קאָמוניסטן און קאָמוניסטישע סימ־פּאַטיקער, וועלכע האָבן אויף קיין מאָמענט ניט געוואָלט מוותר זײַן אויף דער קאָמוניסטישער פּאָן.

די באָטווין־קאָמפּאַניע האָט געקעמפּט העלדיש, מיט אויסערגעוויינטלעכן מסירות־נפש אָבער קיין קענטיקע ענדערונג האָט זי מיט זיך ניט געבראַכט. אַ קאָמפּאַניע פון אַרום 175 קעמפּערס, צווישן צענדליקער אַנדערע גרויסע איינהייטן — באַטאַליאָנען, בריגאַדעס, דיוויזיעס — מאַכט ניט קיין באַזונ־דערן איינדרוק. דער רוב ייִדישע פּרייוויליקע איז ווייטער געבליבן אין די פאַרשיידענע לאַנד־איינהייטן. בלויז פון דער פּוילישער איינהייט זענען אויסגעטיילט געוואָרן אייניקע צענדליק ייִדישע חברים, וועלכע האָבן עס געשאַפן דעם קערן פון דער באָטווין־קאָמפּאַניע. ס׳זענען אַפילו צוגע־שטאַנען אַ פּאָר פּוילישע פּרייוויליקע און כּדי אויסצופילן די רייען פון דער קאָמפּאַניע האָט מען אַריינגעגעבן אַ סך שפּאַניער...

ווער זענען עס געווען די ייִדישע פּרייוויליקע פון דער באָטווין־קאָמפּאַניע און די, וועלכע זענען צעזייט געווען איבער אַלע אַנדערע איינהייטן אין שפּאַניע? זענען זיי געווען אַן אויסנעם פון אַלע פּרייוויליקע? יאָ און ניין! קודם־כּל לעבן ניט די ייִדן אויסער די גרענעצן פון זייער צייט. ס׳האָבן זיך צווישן זיי געפונען פּרעכטיקע, קרישטאָל ריינע מענטשן, גאָלדענע נשמות און עס זענען אויך געווען נעגאַטיווע עלעמענטן. די פראַגע איז בלויז פון פּראָפּאָרץ. די צאָל פון די נעגאַטיווע עלעמענטן, ווי שיכּורים, אומדיסציפּלינירטע איז געווען אַ זייער קליינע — אונטער יעדער פּראָ־פּאָרץ.

ווען מען נעמט זיך נעענטער באַטראַכטן די אַזוי גערופענע „נעגאַטיווע״ עלעמענטן, קומט מען צום אַלטן אויספיר: אויסמיידן די שוואַרץ־ווייסע אָפּשאַצונגען, דאָס איינטיילן מענטשן אויף צוויי קאַטעגאָריעס — גוטע און שלעכטע, און פאַרטיק. ס׳זענען, למשל, געווען מענטשן וועמען דער גורל האָט פאַרוואָרפן קיין באַרצעלאָנע, נאָך לאַנג פאַרן פראַנקאָ־אויפשטאַנד. ס׳זענען דאָרטן געווען פּאָליטישע פּליטים און אויך כּל־מיני טונקעלע עלעמענטן, וועלכע האָבן געלעבט פון ניט די כּשרסטע עסקים. ווען דער קריג איז געקומען, האָט זיך אַלץ פאַר זיי געענדיקט. אַ טייל פון זיי האָט

זיך אָנגעשלאָסן אין די פאַרשיידנסטע איינהייטן. געווען אויך אַזעלכע וועמען דאָס גרויע לעבן איז נימאס געוואָרן אָדער גאָר — דאָס געשעפט איז ניט געגאַנגען, זענען זיי אַוועק קיין שפּאַניע. געווען מענטשן פון פראַנצייזישן פרעמדן־לעגיאָן, וועלכע ס׳האָט געצויגן דער ריח פון אַוואַנטורע.

צו די געוועזענע סאָלדאַטן פון פרעמדן־לעגיאָן, האָבן מיר ניט געהאַט קיין פּאָזיטיווע באַציִונג. אין אַלגעמיין האָבן מיר געוווּסט, אַז אין פרעמדן־לעגיאָן גייט דער אָפּפאַל פון דער געזעלשאַפט, מענטשן מיט אַ ניט קיין ריינער פאַרגאַנגענהייט. נו, האָט איינער פון זיי זיך אַרויסגעוויזן ניט בלויז ווי אַ וווּנדערלעכער קעמפער נאָר אויך ווי אַ האַרציקער מענטש און חבר. דאָס איז געווען ישׂראל האַלבערסבערג פון לובלין, וואָס איז געפאַלן העלדיש אין דער עבראָ־שלאַכט, ווי אַן אויסגעצייכנטער קאָמענדאַנט פון דער באַטאַליאָן־קאָמפּאַניע. שווער מיט אַ פּאָר ווערטער אָפּצופּסקענען אַ מענטש!

צוויי זין האָט געהאַט די פרוי אַקערמאַן פון אַנטווערפּן, עמיל און פּיט. ביידע טאַלאַנטפולע רעדנער, אָרגאַניזאַטאָרן, באַליבטע ביי די בעלגישע מאַסן. זיי זענען אויף דעם ערשטן רוף אַוועק קיין שפּאַניע. אין אַ רעגנדיקן טאָג, נאָוועמבער 1936, צוגעטיילט דורך מיין איינהייט צו באַגלייטן געפאַלענע חברים צו זייער אייביקער רו, אין פוענקאַראַל, אַ בית־הקברות ניט ווייט פון מאַדריד, האָב איך געטראָפן פּיטן. ער האָט מיך געפרעגט, צי כ׳האָב ניט געהערט פון זיין ברודער. „ווער ווייסט צי ער איז ניט צווישן די געפאַלענע וועלכע מיר באַגלייטן איצט?" — האָט ער שטיל זיך אַליין געפרעגט. אין אַ חודש אַרום איז אויך פּיט געפאַלן. אַ פרעכטיקע עפּאָפּעע פון צוויי האַרציקע, טאַלאַנטפולע בחורים איז בלוטיק פאַרענדיקט געוואָרן. אינעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון בעלגיע האָט מען זיך דערנאָך געמאַכט פאָרוווּרפן: נאָכן טויט פון עמילן האָט מען באַדאַרפט פּיטן צוריקרופן פון פראָנט. אָבער דאָס האָט שוין קיינעם ניט געהאָלפן.

וואַלדעמאַר מאַזעפּאַ האָט זיך געשמוגלט איבער די פּירענעען. נאָך אַ באַרגהייך, נאָך אַ באַרג־איבערגאַנג און ער וועט זיך געפינען אין לאַנד פון זיין טרוים — אין קעמפנדיקן שפּאַניע. נאָר ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון די פראַנצייזישע גרענעץ־זשאַנדאַרן! און נאָך אַ ווונטש האָט ער געהאַט:

פאַלן אין קאַמף, אויב ס׳איז באַשערט, אָבער ניט בלייבן אַ פאַרווונדיקטער, אַ קאַליקע!

וואַלדעמאַר איז אָנגעקומען קיין שפּאַניע און איז אָנגעשלאָסן געוואָרן אין די פּאַרטיידיקער פון מאַדריד. אין קאַסאַ דעל קאַמפּאָ, אין די ווייסע הייזקעס, אויף אַ זייער אַוואַנסירטער פּאָזיציע, איז ער אָנגעשפּיצט געשטאַנען ביים מאַשין־געווער, מיטן פינגער אויפן צינגל.

כוואַליעווייז, כוואַליעווייז האָבן אָנגעגריפן די מאַראָקאַנער פון טערציאָ. זייערע רייען זענען געשניטן געוואָרן, און ווידער און ווידער זענען אויפגעשווומען נייע רייען. זיי זענען געגאַנגען ווי געשטופּט דורך אַ מעכטיקער סטיכיע. זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן, געזייט אומקום און געקומען נענטער, נענטער.

די פּאָזיציעס אַרום וואַלדעמאַרן זענען איינציקווייז אַנטשוויגן געוואָרן. בלויז פון וואַלדעמאַרס קוילן־וואַרפער האָבן זיך נאָך געהערט סעריעס — קורצע, לאַנגע, שטאַרקע, זיכערע. די מאַראָקאַנער זענען פאָרויסגעגאַנגען מיט ביקסן, מאַשין־געווער און פלאַמען־וואַרפער. די גאַנצע ליניע איז שוין געווען אין פייער. ס׳האָט געקנאַקט און געטרעשטשעט און פאַרשלונגען יעדן גרעזל,ביימל. שוין האָבן די פלאַמען גענומען לעקן דאָס הייזל פון וואַנען וואַלדעמאַר האָט געשאָסן. ער האָט רעגלמעסיק געלאָזט הערן זיינע סעריעס. לסוף האָט זיך געהערט איין לאַנגע סעריע, דער פינגער אויפן צינגל האָט געדריקט אָן איבעררייס. אויסגעזונגען ביזן סוף דאָס גרויליקע ליד און שטיל געוואָרן. דאָס פייער האָט פאַרשלונגען דאָס מאַשין־געווער צוזאַמען מיטן מענטש.

וואַלדעמאַר איז ניט געבליבן קיין קאַליקע.

אין די געדענק־ביכער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע באַשרייבט מען דעם העלדישן טויט פון דעם בעסאַראַביש־רומענישן בחור, וואַלדעמאַר מאַזעפּאַ. זאָל מיר דאָ דערלויבט ווערן צו באַמערקן: מאַזעפּאַס ריכטיקער פאַרנאָמען איז געווען — וועלוול.

נאַטאַן טשאַק, וועלכער איז געקומען אַ זינגענדיקער פון וואַרשע, פול מיט פּראָלעטאַרישע קאַבאַרעט־לידער, פרעמדע און אייגענע, האָט פאַרלאָזט זיין שניידער־וואַרשטאַט און אַוועק קיין שפּאַניע. ער האָט באַוויזן נאָך צו

שאַפֿן דעם הימען פֿון דער דאָמבראָווסקי־בריגאַדע און געפֿאַלן אַ חודש שפּעטער אויפֿן מאַדרידער פֿראָנט.

„אַווראָם קאָמינטערן", אַזוי האָט מען אים גערופֿן צוליב זיין בקיאות אין פּאַרטיי־ענינים. ער האָט שטודירט לענינען ביז האַלב בלינד ווערן. העלפֿן אין קאַמף מיט זיינע לעצטע כּוחות, איז ער אַוועק קיין שפּאַניע.

אַלעק נוס, אַ האַרציקער, ליבער בחור, האָט געבראַכט מיט זיך פֿון פּוילן אַ טיפֿע קענטעניש פֿון יידיש און פּויליש, פֿון וועלכע זיין דיכטערישע נשמה האָט טיף געשעפּט. זיינע פּוילישע לידער זענען אָפֿט דערשינען אין דער פּוילישער פֿראָנט־צייטונג און רעציטירט געוואָרן ביי יעדער געלעגנ־הייט. זיין ליד וועגן דער שפּאַנישער שוואַרץ־חנעוודיקער, וואָס באַגלייט טרויעריק די יינגלעך צום פֿראָנט, אָדער גאָר וועגן בלוטיקן קאַמף אונטער די איילבירטן אויפֿן אַראַגאָנער פֿראָנט, האָט יעדער איינער געקענט. דאָס האָט ער געשאַפֿן דעם מיטרייסנדיקן הימען פֿון דער באָטווין־קאָמפּאַניע:

„ווען ס'גייען צום קאַמף רעפּובליק־באַטאַליאָנען,
ווען ס'בלוטיקט די ערד און ס'קנאַלט דינאַמיט..."

אויך דער באַקאַנטער דיכטער משה שולשטיין האָט געשאַפֿן אַ פּרעכ־טיקן הימען פֿאַר דער באָטווין־קאָמפּאַניע, אָבער אָנגענומען האָט זיך דער נוסח פֿון אַלעק נוס.

אַלעק נוס איז בשלום אַדורך די קאַמפֿן אין שפּאַניע, געווען אַ צייט אין די לאַגערן אין פֿראַנקרייך און דערנאָך אַנטלאָפֿן, אַוועק קיין פּאַריז. בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע האָט ער זיך געדעקט אַ צייט אין דער... דייטשי־שער קאָמענדאַנטור ווי אַ דייטש־פֿראַנצייזישער איבערזעצער. געווען פּעיִק צו שפּראַכן. לסוף, אין קאַמף קעגן אָקופּאַנט, העלדיש אומגעקומען.

צוזאַמען מיט אים האָט געשוואַרצט גרענעצן, געקלעטערט איבער די פּירענעען — באַברוש — ווי ס'האָבן אים גערופֿן זיינע פּוילישע חברים, אַ יונגער האַרציקער בחור פֿון וואַרשע, ברוך ניסענבוים. גליק האָט גע־שפּראָצט פֿון זיין פּנים, וואָס ער האָט באַוויזן זיך אָנצושליסן אין קעמפֿנדיקן אַנטיפֿאַשיסטישן פֿראָנט. ער האָט גיך באַהערשט די מיליטערישע קונסט. זיין מאַשין־געווער האָט ער געקענט ווי די אייגענע הענט, געקענט אויף דעם אויסשיסן די ערשטע טאַקטן פֿון „אינטערנאַציאָנאַל", צו דער פֿרייד

פון זיינע יונגע פראַנט־חברים. זיין יוגנטגליק האָט ניט לאַנג געדויערט. ער איז געפאַלן אין אַ פּאָר חדשים אַרום, אין 1937, אונטער ווילאַמאַיאָר דע גאַליעגאַ, קעמפנדיק ביז דער לעצטער קויל פון זיין געווער.

טוביה אייזן איז נאָר וואָס געקומען פון פוילן, וווּ ער איז אָפּגעזעסן צען יאָר אין די תּפיסות פאַר זיינע פּאָליטישע אידעען. אין ברען פון פייער, בעתן אַנגריף אויף סיעררא קעמאַדאַ, מיטן געווער הויך איבערן קאָפּ, האָט ער ממש געשטראַלט:

— יאָרן לאַנג בין איך געזעסן אין די תּפיסות פון פאַשיסטישן פוילן. ווי גליקלעך איך בין, וואָס כ׳קען דאָ זיין אויפן פראַנט און מיט געווער אין האַנט קעמפן קעגן פאַשיזם!

כ׳האָב ניט געהאַט דעם זכות טוביהן צו קענען, מיט אים זיך נעענטער אַדורכשמועסן. ער איז געפאַלן אין זיין ערשטער שלאַכט — פאַר סיעררא קעמאַדאַ.

כ׳זע פאַר זיך אַ מענטש ווי יוסטין, זיין ריכטיקער נאָמען — שלמה יאַשונסקי. דער אָפּגעטראָגענער מונדיר, דאָס שטייפע זעלנערישע היטל מיטן גרויסן דאַשעק, האָבן גאָרניט געקענט אַוועקנעמען פון זיין אינטעלעקטועלער איידלקייט. דאָס פּנים, די אויגן האָבן אויסגעדריקט גוטסקייט, רויִקייט. זיין גאַנץ באַוווּסטזיניק לעבן האָט ער געקעמפט פאַר געזעלשאַפטלעכן יושר, געזעסן דערפאַר יאָרן לאַנג אין די פּוילישע תּפיסות. אין שפּאַניע האָט ער געפונען די בעסטע באַדינגונגען פאַר זיין קאַמף. אָבער שלמה יאַשונסקי איז געווען אַ וויסנשאַפטלער, איינער פון די בעסטע אַבסאָלווענטן פון פּראָפעסאָר ניטש, פון יאַגיעלאָנישן אוניווערסיטעט אין קראָקע. זיין טיטל דאָקטאָר פון פילאָסאָפיע האָט אים ניט אויסגעמיטן פאַר־פאָלגונגען און תּפיסות. די תּפיסות האָבן ניט געקענט אונטערברעכן זיין וויסנשאַפטלעכן ברען. זייענדיק אין תּפיסה האָט ער געשריבן אַ וויסנשאַפט־לעכע אַרבעט וועגן דער תּפיסה־שפּראַך... אויסער תּפיסות האָט אים דאָס פּילסודסקי־פוילן גאָרנישט ניט געגעבן. ער איז געווען אַ קאָמוניסט און — נאָך ערגער — געווען אַ ייִד! אין קאַמף קעגן פאַשיזם ווי אַ מענטש און ייִד האָט שלמה יאַשונסקי, אויפן עבראָ־פראָנט, אָפּגעגעבן זיין לעבן.

און די אַנדערע? אונטער דער פעדער דרענגען זיך נאָך און נאָך נעמען

פון טייערע, האַרציקע מענטשן, חברים און פריינד. דער גוטמוטיקער אַרבע־טער־טוער סעוועק קירשענבוים פון פראַנקרייך, מיינע ליבע אַברהם שטאָק־שטיל און דודקע אַלעקסאַנדראָוויטש פון פּאַלעסטינע, מאַקס שטאַרק און זשאַקי צענזאָר, און פידעל און באַציאַן, און דער יונגיטשקער אַכציגיאָריקער מאָטוש גרינבערג פון בעלגיע; און דער ייִדישלעך־האַרציקער עלי באָס־טאַצקי פון ווילנע, וואָס האָט מיט מיר ערגעץ אין אַ לאַזאַרעט, דיסקו־טירט וועגן ייִוואָ, דעם ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע, וועגן זלמן רייזען און דערציילט וועגן ירושלים־דליטא כּלערליי טשיקאַווע געשיכ־טעס; און מיינע אַנדערע חברים פון פּוילן, רומעניע, אונגאַרן, ענגלאַנד, אַמעריקע! מיט ווייטיק קומט אויס זיך אָפּצוהאַלטן פון אויסרעכענען זייערע נעמען, מחמת ס׳וואָלט געוועז אַ צו לאַנגע רשימה. אַלץ טייערע מענטשן, געפאַלענע צעזייט איבער פאַרשיידענע מקומות פון דער שפּאַנישער ערד.

און אַחרון אַחרון חביב — מען טאָר ניט פאַרגעסן אונדזערע ייִדישע שוועסטער. אויך זיי זענען געקומען קיין שפּאַניע. און דאָ דאַרף מען שוין בכלל ניט רעדן וועגן פּראָפּאָרץ. כ׳דערמאָן זיך בלויז אין איין פרייוויליקער פון שוועדן. אַלע אַנדערע וועלכע כ׳האָב געקענט, זענען געוועזן ייִדישע פרוי־ען — פון בעלגיע, פראַנקרייך, פּוילן, רומעניע, טשעכאָסלאָוואַקיי, אַמעריקע. פון אַ משפּחה, לופּטיג, פון בעלגיע, זענען געקומען דריי שוועסטער — גאָלדע, רחל און פייגל. אַנדערע צוויי שוועסטער זענען געוועזן אַננאַ און אַדעלאַ קאָרן פון בעלגיע. גענקע שטאַרק איז געקומען קעמפן ביי דער זייט פון איר מאַן. ניט איין פרוי האָט דאָרטן איבערגעלאָזט איר טייערסטן. ווי שטענדיק, איז די ייִדישע פרוי ניט אָפּגעשטאַנען אין העלדישקייט פון אירע קעמפנדיקע ברידער. זיי האָבן געקעמפט, די ייִדישע פרויען, הערא͏ָיִש, רעס־פּעקטירט און באַוווּנדערט פון אַלעמען. זאָל מען אויך דאָס ניט פאַרגעסן!

און אַזוי זענען ייִדן פון פּוילן, רומעניע, ליטע, לאַטוויע, פראַנקרייך, בעלגיע, פּאַלעסטינע, אַמעריקע פרייוויליק געקומען קיין שפּאַניע קעמפן קעגן פאַשיזם און נאַציזם. צי זיי האָבן עס דערקלערט צי ניט, זיי האָבן געקעמפט אויך פאַר דער ייִדישער זאַך! געטאָן האָבן זיי עס ברייטהאַרציק, מוטיק, ניט זשאַלעווענדיק זייער בלוט, ווי זיי האָבן עס געטאָן אומעטום, ווו ס׳איז נאָר אָנגעגאַנגען אַ קאַמף פאַר פרייהייט און מענטשנרעכט.



יאָרן זענען פֿאַרביי זינט דעמאָלט, יאָרן אָנגעלאָדענע, שווערע, פֿיינ־לעכע. ווייניק איז געבליבן פֿון די, וואָס זענען אַוועק קיין שפּאַניע קעמפֿן פֿאַר הויכע אידעאַלן. פֿון די הויכע אידעאַלן, פֿאַר וועלכע אַזוי פֿיל האָבן געגעבן זייער בלוט און לעבן, איז אויך ניט קיין סך געבליבן.

מיינע ייִדישע חברים, די משהס, אַברהמס, גדליהס, יוספֿס און אַלע אַלע, וואָס האָבן צוזאַמענגעמישט זייער בלוט מיטן בלוט פֿון די כואַנס, מי־שעלס, דזשאָנס, יאַנס, היינריכס און אַנדערע, זענען געבליבן אַ סובלימער באַווייז, אַז ווען עס קומט צום קאַמף פֿאַר פֿרייהייט און מענטשנרעכט, גע־פֿינט מען דאָרטן ייִדן און דאָס — ניט אין קיין סטאַטיסטישער פּראָפּאָרץ צו דער גרייס פֿון זייער פֿאָלק.

צי העלפֿט דאָס אונדז, ייִדן, אין די אויגן פֿון די פֿעלקער, וועלכע פֿירן זיך ניט לויט די פֿאַקטן נאָר לויט זייערע אינטערעסן — דאָס איז שוין אַ צווייטע פֿראַגע.

# פון ליסאַבאָן קיין סעווילי‍אַ

...די צייט צווישן ליסאַבאָן און סעווילי‍אַ איז גיך פאַרביי. שוין אין די מיטאָג־שעהען האָבן זיך באַוויזן די סלופּעס פון דער פּאָרטוגעזיש־שפּאַנישער גרענעץ. מיר זענען געווען אין פּיקאַלהאָ. צי איז פּיקאַלהאָ אַ גרענעצ־שטאָט, ווייס איך ניט. כ׳האָב בלויז געזען אַ גרענעץ־פּונקט: אַ הייזל, אַ צאָלאַמט. מען האָט באַדאַרפט אויסשטייגן, אַריינטראָגן אין צאָלאַמט די וואַליזקעס, זיי עפענען. דער באַאַמטער האָט אַ טאַפּ געטאָן דאָ־דאָרטן און — „ביטע, איר קענט שליסן!״

מיר פאַרלאָזן דעם צאָלאַמט. מיר שטייען אין דרויסן און וואַרטן אויף אונדזערע פּעסער, וועלכע מען האָט פון אונדז אָקערשט אַוועקגענומען. מיר וואַרטן און שווייגן.

„האָסט געזען״ — האָב איך געהערט הינטער מיר אַ שטים אין אַ ריינעם שפּאַניש — „פראַנקאָס בילד הענגט נאָך דאָרטן!״ אַ דריי גאָרנדיקע קללה האָט באַגלייט זיין נאָמען.

כ׳האָב זיך אומגעקוקט. אַ מאַן אין די פערציקער יאָרן, ווייזט אויס אַ שפּאַניער פון אויסלאַנד, האָט עס אַזוי אויסגעדריקט זיינע „אינטימע געפילן״. כ׳וואָלט זיך גערן אין אים אָנגעשלאָסן. אַן אייגענער! אָבער ווער ווייסט? בעסער שווייגן! „זיי זייער רעזערווירט אין שפּאַניע״ — האָב איך מיר געזאָגט פאַר דער רייזע. דאָס האָט דאָך פראַנקאָ געזיגט מיט פערציק יאָר צוריק. פערציק יאָר איז אַ לאַנגע צייט, מען קען אַ סך אויפטאָן. דערציִען אַ פאָלק? ענדערן? כ׳גלייב ניט. געבן אַ פאָלק געוווינהייטן? אפשר. און געוווינהייטן ווערן דאָך אַ צווייטע נאַטור. גיי ווייס! יעדן פאַלס, פינף יאָר נאָך פראַנקאָס טויט זאָל נאָך זיין פּאָרטרעט הענגען אַפילו אויף אַ פאַרוואָרפענעם גרענעצפּונקט, רעדט פאַר זיך. איך בלייב ביי מיינעם — „זיי פאָרזיכטיק, פאַמעלעך מיט אויסדריקן דיין מיינונג. ניט געאיילט זיך!״

באַקומען די פּעסער צוריק, זענען מיר אַרויף אין אַ צווייטן אויטאָבוס;

כמעט דער זעלבער ווי ביז איצט, נאָר אַ ביסל שמוציקער. דער קאָנטראָ־ליער טיילט אויס בילעטן. ער רעדט זיך איבער מיט די פּאַסאַזשירן אין אַ נאָנ־שאַלאַנטן שפּאַניש — אַלץ איז קלאָר — מיר זענען אין שפּאַניע.

דאָס מאָל האָבן מיך ניט דערוואַרט קיין באַוואָפנטע מיליציאָנערן מיטן גרוס פון דער געביילטער פּויסט אין דער הייך. ניט קיין אויסגעשרייען, קיין קלאַפּן אין אַקסל. דאָס געפיל פון דערלייכטערונג — נו, איבער דער גרענעץ — איז אויך ניט געווען. כ׳האָב זיך געפילט בעסער ווי אין פּאָרטו־גאַל שוין דערפאַר, וואָס כ׳האָב פאַרשטאַנען אַלץ וואָס מען האָט גערעדט אַרום מיר. צוליב דער שפּראַך זיך געפילט ווי צווישן אייגענע. אמת, ס׳איז ניט געווען ווי אַ מאָל, מיט פערציק יאָר צוריק — מען האָט מיך ניט גע־בראַכט קיין פיגעררעס, ווו מען האָט געזאָרגט פאַר מיר מיט עסן און שלאָפן. ס׳האָט זיך פשוט אָנגעהויבן פאַר מיר דער וועג פון אַ טוריסט אין שפּאַניע.

דער אויטאָבוס האָט גענומען שלינגען דעם וועג. פאָרן אויג — קיין שום אונטערשייד צווישן איין לאַנד און דעם אַנדערן. אַן ענלעכע לאַנדשאַפט — פעלדער, וועלדער, ביימער, לאָנקעס און דער וועג שלענגלט זיך דורך זיי גלאַטיק, פריי, רויק.

פאָר איך, הייסט עס, קיין סעווילאַ. כ׳בין דאָרטן קיין מאָל ניט געווען אָבער דאָס איז מיין קלענסטע זאָרג. נאָך אַ ביסל און כ׳וועל זיין אין דער שטאָט, פון וואַנען ס׳האָט געהילכט דורכן ראַדיאָ דער שיכורער גענעראַל, קעיפּאָ דע ליאַנאָ. געווען בין איך אַ בעלן צו זען די שטאָט, וואָס איז געווען אַזוי באַרימט צוליב איר פאָלקלאָר, פיעסטאַס, פלאַמענקאָס, סעניאָריטאַס.

דער וועג אויף וועלכן מיר זענען געפאָרן, איז ניט געווען דער נאַציאָ־נאַלער טראַקט. געווען גענוג ברייט פאַר אונדזער אויטאָבוס אָבער ניט צו ברייט. ער האָט זיך געשלענגלט צווישן באַאַרבעטע פעלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן ווייט און ברייט, מערסטנס — איילבירטן־פּלאַנטאַציעס. די אייל־בירטן, סימעטריש פאַרפלאַנצט, האָבן געהאַט אַ גלייכע דיסטאַנץ צווישן איין בוים און דעם צווייטן. צווישן זיי — גוט באַאַרבעטע ערד, קיין שום ווילד־גראָז ניט צו באַמערקן. אַלץ ציכטיק אויפגעהאַלטן. קענטיק, דאָ איז פאַראַן אַ באַלעבאָס, דער שפּאַנישער פּריץ, דער גראַנדי. ער פאָדערט, און זיינע פאַראָבקעס פּילן אויס דעם באַפעל. זיי מוזן גוט שוויצן, בכדי ניט צו פאַר־

לירן זייער ברויט. ס׳לויפן פאַרביי פאַרשיידענע פּלאַנטאַציעס. אַט קומט אַ לאַנגע ריי פון קאַשטאַן־פּלאַנטאַציעס, ווידער אײלבירטביימער. אַט באַווייזן זיך קאָרעביימער, מאַסנווייז אָפּגעשונדענע ביז די צווייגן. זיי זענען געשונדן גלייך, פּירעקיק. אַ ביסל ווייטער ליגט שוין געטריקנטע קאָרע, אָפּגעלייגט אין רייען — אַ טייל פון דער רייכקייט, וועלכע עס שאַפט די שפּאַנישע ערד.

זעלטן ווען שווימט אויף אַ הייזל. דאָ ווינט מען ניט — מען קומט אַהער פון דער ווייטנס אַרבעטן. ווען שוין יאָ, איז עס אַ ווילאַ, שיין געבויט, גוט צוגעריכט, מיט אַ שווימבאַסיין. די מענטשן אין די דאָזיקע הייזער לעבן אַוודאי ניט שלעכט אונטער דער דרום־שפּאַנישער זון.

וויפל לעבן אַזוי? אין די הענט פון עלף טויזנט פעאָדאַלן, שווימען אויף אין מיין זכרון גוט איינגעחזרטע פון אַ מאָל ציפערן, געפינען זיך פינף און צוואַנציק מיליאָן העקטאַר. פינף און אַ האַלבער מיליאָן פּויערים באַזיצן אַלע צוזאַמען צען מיליאָן העקטאַר. דריי מיליאָן פּויערים האָבן בכלל ניט קיין ערד. איצט זע איך דאָס אַלץ בולט. פעלדער אָן אַן איבערייס ריידן וועגן איינציקן בעל־הבית. פערציק יאָר פראַנקאָ־הערשאַפט האָבן דאָ גאָרניט ניט געענדערט, ניט אָפּגעלייקנט מיינע באַגריפן. פעלדער ווייטע, זאָרגעוו־דיק באַאַרבעט; מאַשינען, אָנגעזאַמלטע פּראָדוקטן און דער גראַנדי וועלכער שטייט איבער דעם. אָבער דעם גראַנדי זעט מען ניט. ער זיצט אַוודאי אין זיין ווילאַ אָדער ערגעץ ווו אין דער גרויסער שטאָט צי גאָר אין אויסלאַנד.

פּאַרטראַכט, איינגעהילט אין ריח פון פעלדער און וועלדער האָב איך דערוואַכט אָוונט צו אין סעווילע.

# אין סעוויליאַ

די אויטאָבוסן־סטאַציע אין סעוויליאַ איז אַ סטאַציע ווי אומעטום: קאַפע־הייזער, רעסטאָראַנען, אַ וואַרטזאַל, פאַרשיידענע פענצטערלעך צו פאַרקויפן בילעטן. אַ טריט דורכן טויער איז די גאַס, די שטאָט.

כ׳האָב פאַרהאַלטן דעם ערשטן שאָפער און געבעטן מיך ברענגען אין האָטעל ל... דעם אַדרעס האָב איך גענומען פון אַ רייזע־פירער, אַ בוך וואָס האָט געהייסן „שפּאַניע פאַר פינף דאָלאַר אַ טאָג״. דער אויטאָר האָט אין דעם האָטעל אָוודאי באַקומען אַ צימער, פרישטיק, אַ פּאָר טעג פאַר אומזיסט. נו, פאַר אַזאַ געשאַנק דאַרף מען מאַכן רעקלאַמע. אינעם בוך זענען אויסגערעכנט אַלע מעלות: גוט, ריין, ווויל און וואָס ניט? דאָס איינציקע גוטע אינעם בוך איז געווען, וואָס עס האָט אָנגעגעבן דעם אַדרעס...

כ׳בין אַריין אין צימער. די פענצטער זענען געווען געווענדט אויף אַ קליינעם געשלאָסענעם פּירעק, וואָס האָט זיך געצויגן צוויי שטאָק אַרויף צו. אַ באַדצימער איז געווען, אָבער די איינריכטונג פאַר הייס וואַסער האָט געהאַנגען אויף אַ דראָט. באַדאַרפט זיין אַ מייסטער עס אָנצוצינדן. דאָס צימער איז געווען כמעט פאַרפולט מיטן בעט — שווער געווען איבער דעם אַ טריט צו שטעלן. כ׳וואָלט געקענט אויסרעכענען נאָך און נאָך אַזעלכע „מעלות״, אָבער לאָמיר זאָגן איין גוטע זאַך: כ׳האָב אַראָפּגעשטעלט דעם באַגאַזש און מיר איז לייכטער געוואָרן. נאָר ניט געפאַלן ביי זיך! און טאַקע צו מאָרגנס, האָט מען מיר געגעבן אַן אַנדער צימער, אַ גרעסערס, אַ ליכטיקערס, מיט די פענצטער צו דער גאַס. כ׳האָב אויפגעגעבן דעם געדאַנק צו זוכן אַן אַנדער האָטעל. און ערטער שיינע, ליבע זענען געווען אָן אַ צאָל.

ס׳איז שוין געווען אָוונט־צו, ווען כ׳בין אַרויס שפּאַצירן איבערן קוואַרטאַל פון האָטעל. דאָס איז געווען אַן אַלטער קוואַרטאַל מיט שמאָלע געסלעך, פאַרענדיקטע דאָ און דאָרטן מיט אַ מאַלערישן פּלאַץ אָדער פּלעצל,

אַרומגעזוימט מיט חנעוודיקע אַלטע הייזער, קירכן, קלויסטערס, מיט שווערע טירן, דיקע ווענט, פענצטער באַקאָוועט מיט אייזן. די וועגן צו זיי זענען געווען שמאָלע, ענגע, מען האָט געמוזט זיך האַלטן ביי דער וואַנט. ווי אַריינדרינגלער פון אַן אַנדערער וועלט האָבן דורך די געסלעך ווילד גע־איילט אויטאָס, טאַקסיס. דאָס האָבן טוריסטן „באַזוכט" די שטאָט...

צו מאָרגנס בין איך אַרויס באַזוכן סעוויליאַ. לויט אַלע טוריסטישע כּללים בין איך געגאַנגען זען די כעראַלדאַ. כ'האָב זי שוין געזען אָנצאָליקע מאָל אויף פּאָסטקאַרטלעך, אין זשורנאַלן. אָן דער כעראַלדאַ איז סעוויליאַ ניט סעוויליאַ! דאָס מאָל בין איך געגאַנגען זי זען, ווי מען זאָגט, ווי זי שטייט און גייט — אין נאַטור, לעבעדיקערהייט.

אַרויס פון האָטעל, אַריבער דעם שאָסיי, בין איך אַרויף אויף אַ פּלאַץ וואָס האָט ביי מיר גלייך באַקומען אַ נאָמען: „דער פויגלמאַרק". דעם נאָמען האָב איך שוין פון לאַנג געהאַט אין קעשענע — אפשר פופציק יאָר! ווען כ'בין, נאָך אַ יוגנטלעכער, געקומען קיין אַנטווערפּן, האָט מען מיך אַ זונטיק אין דער פרי געבראַכט אויף אַ מאַרק, וועלכן מען האָט גערופן „דער פויגל־מאַרק". קען זיין, אַז מען האָט דאָרטן געקענט אויך קויפן אַ קאַנאַריק, אַ פּאַפּוגיי, אָבער דער מאַרק איז געווען רייך אין אַלע מינים סחורות — פון שפּייזפּראָדוקטן ביז קליידער און הויזוואַרג־זאַכן. באַקסערס האָבן דאָרטן געוויזן זייערע מוסקלען און פאַרגעשלאָגן באָקס־הענטשקעס יעדער איינעם, וואָס וויל פּרוּוון צו פאַרמעסטן זיך... געווען דאָרטן פון אַלע סחורות אָבער פאַר וואָס האָט מען עס גערופן „דער פויגלמאַרק", האָב איך ניט פאַרשטאַ־נען. איצט, זעענדיק אַ „פויגלמאַרק", אַן אמתן, אַן עכטן מיט פייגעלעך, מיט קאַנאַריקלעך, מיט פּאַפּוגייען, מיט טויבן, מיט עופות פון אַלע מינים, האָב איך געזען דעם אַרכי־טיפּ פון אַנטווערפּענער מאַרק. ווייזט אויס, אַז ווען די שפּאַניער האָבן געהערשט איבער פלאַנדערן, האָבן זיי געהאַט זייערע וועגן פון האַנדל און מאַרקפּלעצער און אויך אַ „פויגלמאַרק". פון „פויגל־מאַרק" איז אין אַנטווערפּען געבליבן בלויז דער נאָמען, אַ נאָמען וואָס פּאַסט אין גאַנצן ניט צו דער זאַך און הענגט סתם אין דער לופטן. ערשט דאָ האָב איך געהאַט אים ווו צוצוקלעפּן. דאָ געהערט ער, דאָ איז ער געווען, דאָ געבליבן — אַן אמתער פויגל־מאַרק! כ'האָב זיך לאַנג אַרומגעדרייט אי־

בערן מאַרק, באַוואונדערט די האַרציק שיינע פייגעלעך אין די שטייגן, ביז כ׳בין לסוף אַוועק אויפן וועג צו דער כעראַלדאַ.

דער וועג אַהין האָט זיך געשניטן דורך קליינע, ענגע געסלעך, ס׳איז אָבער ניט געווען קיין געפאַר כ׳זאָל פאַרבלאָנדזשען — איין וואָרט צו אַ פאַרבייגייער — „לאַ כעראַלאַדאַ״, און גלייך האָט אַ פינגער געוויזן די ריכטונג. אַרויס בין איך אויף אַ פּלאַץ פאַר דעם קאַטעדראַל און דער כעראַלדאַ, וועלכע שטייט דערנעבן. כ׳בין דאָרטן געקומען מיטן ברייטן בולוואַר אויפן נאָמען פון קעיפאָ דע ליאַנאָ, דער באַקאַנטער פראַנקאָ־גענעראַל, וואָס איז באַקאַנט געווען אַ דאַנק זיין ליבע צום ביטערן טראָפּן און זיינע רעדעס דורכן סעוויליאַ־ראַדיאָ, וועלכע ער האָט געהאַלטן גראָד נאָכן טרינקען. דאָס האָט ער איין מאָל, נאָכן טרינקען אַ ביסל צו פיל, דערציילט דורכן ראַדיאָ, אַז ווען פיר קאָלומנעס פון גענעראַל פראַנקאָ וועלן אָנגרייפן מאַדריד פון פיר זייטן, וועט זיי צו הילף קומען די פינפטע קאָלאָנע, וואָס געפינט זיך אין מאַדריד גופא. דאָס האָט ער עס געשאַפן דעם באַגריף „פינפטע קאָלאָנע״, און געגעבן דער רעפּובליקאַנער זיכערהייט־מאַכט אַ גרייטן נאָמען פאַר אירע קעגנער. כ׳האָב געוואָרפן אַ בליק אויפן בולוואַר. מען קען ניט זאָגן, ער איז געווען זייער שיין. אַוודאי, ווען כ׳וועל ווייטער גיין, וועל איך טרעפן אַ פראַנקאָ־בולוואַר, אַ גענעראַל מאָלאַ־בולוואַר — די גאַנצע חברה פראַנקאָ־גענעראַלן וועט זיין אויסגעצויגן איבער די סעווילער גאַסן. איז דאָס אַלץ וואָס איז געבליבן נאָך זיי? דאָס וועל איך נאָך מוזן זען! אויסלייגן נעמען איבער גאַסן איז זייער אַ סך, עס בלייבט אָבער צו זען וואָס טוט זיך אויף די גאַסן, וואָס טראַכטן די מענטשן אין די דאָזיקע גאַסן?

דערווייל גיי איך, אַ פרעמדער איבער דער אַמאָליקער פעסטונג פון פראַנקאָס רעבעליע, איבער סעוויליאַ, ווי כ׳וואָלט אַ מאָל ניט געחלומט אַז כ׳וועל דאָ שטעלן אַ פוס. וואָס מיר האָבן ניט געקענט מאַכן מיט עראָפּלאַנען, טאַנקען און וואָפן, האָט געמאַכט די צייט. אָבער די מילן פון דער געשיכטע מאָלן זייער פאַמעלעך — פערציק יאָר!

נו, כ׳וועל באַזוכן די כעראַלדאַ.

די כעראַלדאַ איז דער טוריסטישער סימבאָל פון סעוויליאַ. דעם אמת געזאָגט, איז אין איר גופא ניטאָ וואָס צו זען. פון אַ געוועזענעם מעטשעט

איז געבליבן בלויז דער הויכער טורעם, אויף וועלכן אַ פענדל ווייזט אויף דער ריכטונג פון וואַנען דער ווינט בלאָזט. דערפון אויך דער נאָמען — דער הערעלד. די הויכע שמאָלע געביידע איז זייער שיין געבויט, אין אַ זויבערן מאַרישן סטיל. אַלץ וואָס דער טוריסט קען באַקומען נאָכן אַרויפקלעטערן צו פוס די טרעפּ אין צוואַנציק שטאָק (מען זאָגט אַז דער קעניג איז דאָרטן אַרויפגעפאָרן אויפן פערד), איז די מעגלעכקייט אַ קוק צו טאָן פון דער הייך אויף סעווילִיאַ. און דאָס איז כּדאַי!

די הויפּט אויפמערקזאַמקייט שענקט אָבער דער באַזוכער דעם קאַ־טעדראַל. שוין זיין פאַרנעם! זיינע אַרכיטעקטן האָבן געהאַט געזאָגט: „מיר וועלן שאַפן אַ קאַטעדראַל פון אַזאַ פאַרנעם, אַז מענטשן וועלן זאָגן, אַז ס׳איז געווען אַ משוגעת אויף אַזוינס זיך צו פאַרמעסטן”. אַ פּאָר וואָכן שפּעטער וועל איך פעסטשטעלן, אַז די בויערס פון דעם טאָלעדאָ־קאַטעדראַל זענען געווען נאָך גרעסערע משוגעים... דרייט מען זיך דאָ אַרום, פאַרלוירענע אין דעם אומענדלעכן שטח, וואָס איז אויסגעפילט מיט קאַפּעלעס, הייליקע ווינ־קעלעך, באַדעקטע מיט גאָלד, הייליקע בילדער, אונטערגעבעט מיט קברים אונטער דער ערד און אויף דער ערד. אין אַ באַזונדערער הייליקער קאַפּעלע טראָגן געפּאַנצערטע ריטער דעם אָרון פונעם גרויסן קאַפּיטאַן, קרישטאָף קאָלומבּ, דעם אַנטדעקער פון אַמעריקע. צי געהערט ער דאָ, אין דאָזיקן הייליקן קאַטעדראַל, דער, וועגן וועלכן מען דיסקוטירט אַזוי פיל, צי ער איז געווען אַ קריסט צי אַ ייִד? די געפּאַנצערטע ריטער־פיגורן פאַרנעמען זיך ניט מיט דער דאָזיקער פראַגע. אין שפּאַניע, ספּעציעל אין דרומדיקן טייל, שטויסט מען זיך אָן אויף שריט און טריט אויף דער פראַגע פון נאַ־ציאָנאַלער צוגעהעריקייט: ווען כ׳וועל אַ ביסל שפּעטער זיין אין אַלקאַזאַר־גאָרטן, וועמענס נאָמען עס רעדט פאַר זיך, וועט מען מיר מיט גוואַלד וועלן איינרעדן, אַז דאָס זענען די גאָרטנס פון שאַרל קווינט... ווען מען קוקט אויף די פאָנטאַנען, אַקוועדוקטן, מיסטעריעז־ראָמאַנטישע פּערגאָלאַס, ווען מען באַוווּנדערט די שיינקייט פון אַלץ אַרום, לאָזט מען אין אַ זייט די היסטאָרישע באַטראַכטונגען. זאָלן זיך די שפּאַניער אַרומרייסן מיט די אַראַבער וועגן דער פאָטערשאַפט פונעם געשאַפענעם...



אין די יאָרן פון מיין זיין אין שפּאַניע האָבן די לידער דערמאָנט וועגן „דעם שענסטן מיידל פון סאַנטאַ קרוז". ביז איך אַוועק אַ קוק טאָן אויף די פרויען פון סאַנטאַ קרוז. כ'בין איינגעשלונגען געוואָרן דורך אַ קוואַרטאַל וואָס האָט געאָטעמט מיט היסטאָריע — מיט ייִדישער!

קיין שיינע מיידלעך האָב איך דאָרטן ניט געזען. אפשר האָבן זיי גע־קוקט דורך די פּרעכטיקע גאַרדינען פון די חנעוודיקע פענצטערלעך, אָבער דער גאַנצער קוואַרטאַל איז געווען וווּנדערלעך שיין, פאַרכאַפּט דעם אָטעם. די שמאָלע געסלעך זענען געווען באַזוימט מיט באָטעמטע הייזלעך, וועמענס באַלקאָנען, פענצטער, פּאַטיאָס זענען געווען איבערגעפילט מיט בלומען. דאָ און דאָרטן ברעכט אַרויס אַ גאַס אויף אַ גרין פאַרחלומטן פּלאַץ מיט אַ פאָנ־טאַן אָדער אַ דענקמאָל אין דער מיט. ס'איז שטיל. די נשמה רוט דאָ. ס'איז היימיש און ליב.

דאָ איז אַ מאָל געווען דער ייִדישער קוואַרטאַל פון סעווילע. דאָ, אין דער טיף פון שפּאַניע, זענען פאַר מיר אויפגעשוווּמען די גאַסן, הייזלעך פון די ייִדישע קוואַרטאַלן פון דער אַלטער היים. די ייִדן זענען דאָ אַוודאי גע־ווען פון די רייכערע שיכטן. די שפּאַניער האָבן מיט אייפער פאַרטיליקט דעם ייִדישן ייִשוב. אָבער דעם קוואַרטאַל האָבן זיי ניט צעשטערט. ער איז צו שיין געווען. אייפערזיכטיק האָבן זיי געוואַרט, ביז זיי האָבן אים איבערגענומען. נאָך פינף הונדערט יאָר האַלט נאָך אַלץ אָן דער ייִדישער חן. ער ברענגט אויף אין זכרון די אַלטע טרויעריקע געשיכטע פון די ייִדן אין שפּאַניע — אַ געשיכטע פון רום און פּראַכט, פון פאַרפאָלגונגען, שמד, אינקוויזיציע און גירוש. אוממעגלעך דאָ צו אַנטלויפן פון דער געשיכטע. אַפילו דער נאָמען „סאַנטאַ קרוז" — דער הייליקער קרייץ, אַוודאי געגעבן דורך דער אינקווי־זיציע, וועט ניט פאַרדעקן דעם אמת, אַז דאָס איז פאַקטיש דער געוועזע־נער ייִדישער קוואַרטאַל. די טוריסטישע ליטעראַטור דערמאָנט עס אָן אַ שמץ פון בושה.

כ'בין אַרויס פון סאַנטאַ קרוז, געגאַנגען אין אַ רעסטאָראַן עסן מיטאָג. כ'האָב זיך באַמיט צו כאַפּן אַ שמועס, קאָנטאַקטירן שפּאַניער פון היינט, און אָן אַ רעזולטאַט. זיי האָבן געקוקט אויף מיר מיט פרעגנדיקע אויגן: „ווער איז עס דער פרעמדער, וואָס רעדט אונדזער שפּאַניש?" כ'האָב געוואָלט

לייענען אין זייערע אויגן: „ווּ זענען זיי געווען אין די צייטן פון פראַנקאָ־קריג?” ס׳איז געווען אַ טאַפּן אין דער פינצטער. איך האָב זיך געהיט צו עפענען דאָס מויל, זיי האָבן זיך געהיט צו עפענען דאָס האַרץ.

דער מוח איז נאָך פול געווען מיטן איינדרוק פון סאַנטאַ קרוז און אין זכּרון איז מיר אויפגעשווומען אַ נאָמען פון אַ צווייטן קוואַרטאַל פון סעוויליאַ, וועגן וועלכן כ׳האָב זיך אויך ניט ווייניק אָנגעהערט, און וואָס ווערט דערמאָנט אין פאַרשיידענע לידער, — טריאַנאַ. וויפל מיר האָבן עס געהערט פון טריאַנאַ, טריני, טריניאַ — וועגן פרייַלעכן קוואַרטאַל פון סעוויליאַ! נו, לאָמיר אַ קוק טאָן!

ס׳איז גענוג געווען אַריבערצופאָרן דעם טייך גוואַדאַלקוויוויר, בכדי צו זיין אין צענטער פון טריאַנאַ. ס׳איז געווען אַ זונטיק נאָכמיטאָג. ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ דאַון־טאַון־דיסטריקט, אָבער אַלץ איז געווען געשלאָסן, אָן לעבן. דאָ און דאָרטן האָבן זיך געמערקט גרויסע עלעקטרישע שילדן פון פאַרוויילונג־הייזער. זיי זענען געווען אַרומגענומען מיט ווינהייזער און קראָמען — אַ מין פיגאַל־קוואַרטאַל אין אַ קלענערן, קליינשטעטלדיקן מאַשטאַב. כ׳שטעל מיר פאָר, אַז אין די אָוונט־שעהען זעט עס דאָ אַנדערש אויס, קען זיין אַפילו אינטערעסאַנטער פאַר אַ באַזונדערן טיפּ מענטשן. פאַר מיר אָבער — ניט, און אַוודאי ניט נאָך אַ באַזוך אין סאַנטאַ קרוז.



אַ פאַרבנרייכע שטאָט איז סעוויליאַ. זי האָט אַזוי פיל ערטער, פאַרבונדענע מיט שפּאַניעס קולטור. אָט בין איך אַוועק אין פאַרק מאַריאַ לויִזאַ, ניט ווייט פון פּלאַזאַ דע עספּאַניאַ. ווער די דאָזיקע מאַריאַ לויִזאַ איז געווען, ווייס איך ניט. אַ קעניגין? עפּעס ווייניקער?

דער פאַרק איז גרויס און פּרעכטיק, זאָרגעוודיק אָפּגעהיט. פאַראַן דאָ אַ באַזונדער ראָמאַנטיש ווינקל. דאָרטן שטייט אויף אַ פּיעדעסטאַל, זיך צורערנדיק צום געמורמל פון פאָנטאַן, דער זייער פּאָפּולערער ליריקער, גוסטאַווא אַדאָלפאָ בעקער, דער אָפּגאָט פון די פאַרליבטע אין שפּאַניע, אַ מין

שפּאַנישער נאַדסאָן, שטאַרק באַווירקט פון היינע. ניט געווען קיין קינסט־לערישער אָונט, ווו מען זאָל ניט האָבן ציטירט ערנסט אָדער אין שפּאַס זיין:

Volverán las oscuras golondrinas
De mi balcón sus nidos a colgar...
(וועלן נאָך צוריקקערן די גרויע שוואַלבן
צו בויען זייערע נעסטן אַרום מיין באַלקאָן...)

די סטאַטועטקעס אַרום פאָנטאַן שאַפן די שטימונג פון זיין צייט. אויף די בענק אַרום זיצן פרויען, מענער, שווייגנדיק פאַרטראַכט. מיט די אויערן פון דער נשמה הערסטו דאָ און דאָרטן אַ פאַרשטיקטן זיפץ. כ׳בין אויף דעם אָרט געקומען צופעליק, ניט געוווסט, אַז עס עקסיסטירט בכלל. בין איך אויך געזעסן שווייגנדיק, פאַרטראַכט און אין די אויערן האָבן מיר געקלונ־גען זיינע לידער, באַליבטע ביי אַ פאָלק וואָס ליבט זיינע דיכטער.

דער פּאַרק איז געלעגן וויט פון מיין האָטעל. דער וועג האָט געפירט דורך אַ ברייטער אַלעע, לענג־אויס דעם גוואַדאַלקוויווער. ס׳איז געווען זונ־טיק נאָך מיטאָג. ס׳האָט געשווימלט פון שפּאַצירנדיקע. כ׳האָב אָבסערווירט די שפּאַניער פון סעווילִיאַ. זיי זענען געווען גוט געקליידט, האָבן גוט אויס־געזען. די קינדער האָבן באַלאַגערט די צוקערוואַרג־קיאָסקן. די שפּילמאַ־נעזשן זענען געווען פול מיט זיי און טאַטע־מאַמע ביי דער זייט. אַ פריילעכע שטימונג האָט אָנגעפילט די לופט. אין מוח האָט געעקבערט דער געדאַנק: ניט אין אַ שלעכטן צושטאַנד האָט זיי פראַנקאָ איבערגעלאָזט. אין אָוונט בין איך אַוועק אויף דער גאַס דע לאָס סיערפּאַס, אַ גאַס פול מיט מאַגאַזינען, רעסטאָראַנען, געפּאַקטע מיט באַזוכער — אינעווייניק, אין דרויסן ביי די טישלעך. כ׳האָב באַוואונדערט דעם מאַטעריעלן צושטאַנד (זאָל ער זיין אַפילו אַן איבערפלעכלעכער), אין וועלכן פראַנקאָ האָט געלאָזט שפּאַניע — כאָטש העכער אַ מיליאָן מאַמעס, וועלכע האָבן פאַרלוירן זייערע קינדער, וואָלטן אים מוחל געווען די טובה...

# אין קאָרדאָוואַ

מענטשן קלאָגן זיך אויף די שפּאַנישע באַנען. די רייזעביכער מאַכן פון זיי דאָס גרעסטע געלעכטער. איך האָב ניט געהאַט קיין שום סיבה דערצו. כ׳האָב גוט באַטראַכט אַלע רייזע־מעגלעכקייטן: אויטאָבוס, באַן, עלעקטרי־שער צוג, פאַרגליכן די רייזעצייט, די פּרייזן און אויסגעקליבן דאָס מאָל דעם עלעקטרישן. ס׳איז געווען ביליק, ריין און באַקוועם. אין אַ דריי שעה אַרום בין איך געווען אין קאָרדאָוואַ.

אויפן צענטראַלן פּלאַץ, אויף וועלכן כ׳האָב געקוקט פון מיין האָטעל־פענצטער, איז געשטאַנען אַ דענקמאָל פון כאָסע אַנטאָניאָ, דער גייסטיקער פאָטער פון פראַנקאָס פאַלאַנגע. ווי דען? דער גאַנצער דענקמאָל, פערד און רייטער, זענען געווען פון בראָנדז, בלויז דער קאָפּ איז געווען ווייס, פון ווייסן מאַרמאָר. פאַר וואָס? האָט דער סקולפּטאָר געוואָלט, אַז מען זאָל אומ־באַדינגט זען דאָס איבערבלייבעכץ, וואָס יעדער פויגל לאָזט אויף זיין קאָפּ? אָדער האָט ער אים געוואָלט בעסער אָוועקזעצן מיט אַ שטיינערנעם שטערן איידער מיט אַ קופּערנעם?

אַרום פּלאַץ גייט אָן דאָס געררויש פון די קאַפעהייזער. זיצט ווער אומ־באַוועגלעך אויף אַ פערד, איז וועמען גייט עס אָן, ווי מען האָט אים דעם קאָפּ געמאַכט?

דאָס מאָל איז דער האָטעל געווען אַ שיינער, אַ ריינער, ניט צו פאַר־גלייכן מיט דעם פון סעווילייאַ. געוועזן גוט זיך אויסצובאָדן, איבערבייטן די קליידער. כ׳בין אַוועק אין שטאָט, זיך שטיצנדיק אויפן שטאָטפּלאַן.

לויט אַלע אָנווייזונגען דאַרף מען באַזוכן די מעזקיטאַ — אַ ריזיקער מעטשעט מיט אומצייליקע זיילן (מען זאָגט טויזנט!), וועלכע זעען אויס זייער אימפּאָזאַנט אויף יעדן בילד. נאָך אַ שפּאַציר איבער גאַסן און געסלעך בין איך אַריין אין דער מעזקיטאַ. נו, אַזוי זיך. ס׳איז דאָ אַ מאָל אַוודאי געווען אַ סך שענער. די צייט האָט אַלץ געטאָן צו פאַרצוקן איר חלק: דאָ

און דאָרטן אָפּגעקראַצט די פאַרב, אויפגעגעסן דעם טינק, פאַראומרייניקט דעם באָדן. די צייט פון קאַליפאַט איז שוין לאַנג פאַרביי, און די קאַטוילישע מלכים האָבן אויך זייער האַנט צוגעלייגט. זיי האָבן, ווי מען זאָגט, דעם מע־טשעט „פאַרשפּאַנישט און פאַרבעסערט". אַ גרויסן טייל פון אים האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין אַ קאַטעדראַל. זיי האָבן אַריינגעלייגט אַ סך געלט און מי צו שאַפן עפּעס, וואָס זאָל אימפּאָנירן — מער, גרעסער. איז עס זיי געלונ־גען? כ׳גלייב ניט. דאָ און דאָרטן זעצט זיך דורך די מאָרישע פאָרעם פון מעטשעט, וואָס לאָזט זיך ניט פאַרדעקן מיט דער קאַטוילישער רייכקייט. אַ דויערנדיקער קאָנפליקט צווישן מוכאַמעד און ישו.

אַרויס פון מעטשעט־קאַטעדראַל, געפינט מען זיך אין אַ הויף, אין שאָטן פון אַ הויכן קלויסטער־טורעם, געבויט פאַר מאַכט און שיינקייט. אי־נעווייניק זאָלן זיין די אַדמיניסטראַטיווע אָפּטיילונגען פון דער קירכלעכער מאַכט אין קאָרדאָוואַ. דער הויף איז אַלט, פאַרלאָזן, אַזוי ווי דער מעכטיקער קלויסטער־טורעם אַליין. קיינער פאַרהאַלט זיך דאָ ניט. כ׳בין אַרויס פונעם דאָזיקן רעליגיעזן אַנסאַמבל דורך אַן עפענונג אין דער מויער און זיך געפונען אויף דער פרייער גאַס. פון רעכטס איז געשטאַנען אַ קליינער דענק־מאָל פון גאָר גרויסן יוליוס צעזאַר. ער האָט געקוקט פאַר זיך, צו דער רוימישער בריק, וואָס טראָגט זיך מאַסיוו און שטאַרק איבערן גוואַדאַלקווי־וויר און פאַרבינדטביידע טיילן פון שטאָט. די בריק איז אַן איבעריקע דער־מאָנונג, אַז מיט שקלאַפן קען מען מאַכן אַזוינס, וואָס האַלט זיך יאָרהונדער־טער, און אַז ווערק פון מענטשן האַלטן זיך אַ סך לענגער ווי זייערע גע־זעלשאַפטלעכע פאָרמען. די בריק נוצט מען ביז היינט צום טאָג.

גלייך אויף רעכטס געפינט זיך דער גרויסער אַלקאַזאַר — אַ גאָרטן־פעסטונג וואָס איז געבליבן פון די מאָרישע צייטן. דער אַלקאַזאַר האָט פון דער צייט זייער געליטן. די מויערן זענען שטאַרק באַשעדיקט. די געביידעס, די שטיגן — גוט רויִנירט. בלויז דער גאָרטן זאָגט נאָך עדות וועגן זיין אַמאָליקן גלאַנץ.

ניט ווייט פון אַלקאַזאַר מערקן זיך די הייזער פון וואַקסנדיקן קאָרדאָוואַ, וועלכע לעשן אויס דעם לעצטן הויך פון געבליבענעם רייץ. דער מאָדערנער טייל פון דער שטאָט וואַקסט, רינגלט אַרום, דערווײַלע פון דער ווייטנס, דעם

אַלטן רוימישן, אַראַבישן טייל פון קאָרדאָוואַ. נאָך אַ ביסל און ער וועט אים אין גאַנצן אַרומנעמען, דערשטיקן.

העכער געפינט זיך דער געוועזענער ייִדישער קוואַרטאַל. ס׳איז פון אים געבליבן בלויז די אויפשריפט: „לאַ כודעריאַ". די הייזער זענען קליינע, זויבערע, צונויפגעדריקטע. די ייִדן זענען דאָ, ווייזט אויס, געווען אָרעמער ווי אין סעווילִיאַ. די רדיפות פון די אַראַבישע מושלים, די פּאָגראָמען פון די קאַטוילישע מלכים האָבן דאָ געטאָן דאָס זייעריקע און מיט גרויס פלייס. לאַנג, לאַנג פאַרן גירוש־שפּאַניע האָבן די ייִדן געמוזט פאַרלאָזן קאָרדאָוואַ.

נאָך איין בולטער סימן פון ייִדישן עבר איז דאָ געבליבן — די ייִדישע גרויסע שול — לאַ סינאַגאָגאַ. זי האָט אין משך פון 500 יאָר אויסגעדויערט אין איר פּראַכט. איר געבוי און אינהאַלט האָבן עקשנותדיק אָנגעהאַלטן ביז צו דער צייט, ווען די אור־אור־אייניקלעך פון די אינקוויזיטאָרן האָבן זיך גענומען מיט אייפער אויפצוהאַלטן די סינאַגאָגע — אַ שטאַרקער צוציִונג־פּונקט פאַר ייִדישע טוריסטן און זייערע דאָלאַרן... וואָס טוט מען ניט פאַר דאָלאַרן?

קיין ייִדן זענען אין קאָרדאָוואַ ניט מער פאַראַן, בלייבט די שול פאַר־יתומט, און פון די ווענט ריידן פּסוקים פון דער תורה, פּסוקים קלאָרע, פאַר־שטענדלעכע, וועלכע קיינער פון די אָרטיקע פאַרשטייט ניט. דער וועכטער היט שטרענג דעם בנין, באַמיט זיך אַז יעדערער זאָל באַצאָלן פאַרן אַריינ־גאַנג, וואָס איז דער קוואַל פון זיין גוטער חיונה. פון ייִדן קען מען לעבן — פון לעבעדיקע און פון טויטע...

פאַר דער שול, אין אַ גוט איינגעאָרדנט ווינקל, באַצירט מיט בלומען, זיצט דער רמב״ם אויף זיין פּיעדעסטאַל — פאַרשטיינערט, פאַרטראַכט. דאָס האָט די שטאָט קאָרדאָוואַ אויפגעשטעלט אַ דענקמאָל „לכּבוד איר גרויסן בירגער" וועלכער האָט פון דאַנען געמוזט אַנטלויפן, נאָך ווי אַ צוועלפיאָריק קינד, צוזאַמען מיט זיינע עלטערן... זיצט זיך דער רמב״ם פאַרטראַכט אין דער שווערער פּלוגתּא צווישן זיין משנה־תּורה־טייטש „דו זאָלסט דיר ניט מאַכן קיין מאָנומענט און קיין בילד" און זיין מורה־נבוכים, וואָס טייטשט דעם ענין מיט אייזערנער לאָגיק. און אָט ווילסטו אַראָפּלייענען פון זיין

פאַרבראַנדזעטן בליק זיין ביטול־תשובה: „בין איך דען פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר די מעשׂה ידי בליעל?"

רמב"ם איז רמב"ם, און ביזנעס איז ביזנעס. ניט ווייט פון דאָרטן גע־פינט זיך דער לוקסוס־האָטעל, ווו מען צאָלט גאָר הויכע פרייזן. אין דער הייך צייכנט זיך אויף אים דער שטאָלצער נאָמען: „מימונידעס"!



דער נייער שטאָטטייל איז אָן אַ באַזונדערן רייץ. אין אַלטן שטאָטטייל קען מען נאָך געפינען אַ חנעוודיק הויז מיט אַ פאַרכּישופטן פּאַטיאָ, מיט בלומענטעפּ, צעהאָנגען איבער די ווענט, ווענט וועלכע צעגייען זיך פון אַלט־קייט, און די פאַרשיידענע רעמאָנטן זעען אויס ווי פּודער און רוזש אויף אַן אַלט פאַרוועלקט פּנים.

גיי איך מיר אַזוי איבער די גאַסן, קוק אַרויף, קוק זיך אַרום. אין דער ריכטונג פון כּואַן ראָמעראָ־מוזעום, לענג־אויס ציִען זיך געשעפטן, קראָ־מען, וואַרשטאַטן. אַנטקעגן קומט מיר אָן אַן אַלטיטשקער גוטמוטיקער גלח, וואָס האָט אין מיר אַוודאי דערזען אַ פאַרבלאָנדזשעט שעפעלע. ער דער־נענטערט זיך מיט אַ שמייכל:

— פון וואַנען זענט איר?

— פון ישׂראל — זאָג איך, ניט פאַרבאָרגנדיק מיין צופרידנקייט.

— דו רעדסט אַזוי גוט שפּאַניש. פון וואַנען קענסטו די שפּראַך?

— כ'קען — זאָג איך קורץ. וואָס זאָל איך אים זאָגן, אַז כ'בין פון יענע „רויטע באַנדיטן", וואָס האָבן, לויט זיין איבערצייגונג, געברענט קלויסטערס אין די יאָרן פון בירגערקריג, פאַרגעוואַלדיקט נאָנעס...

— דו ביסט זייער אינטעליגענט — לאָזט ער ניט אָפּ — איר זענט אַ זייער קלוג פאָלק, אויסגעוויילט פון גאָט. איך בעט פאַר ישׂראל יעדן טאָג. גאָט זאָל אייך שיצן אויף יעדן שריט און טריט.

— דו טוסט גוט, פּאָטערל — ענטפער איך אים.

— מיר זענען דאָך קינדער פון זעלבן גאָט — זעצט פאָר דער גלח זיינע גוטע ווערטער, פאַרשפּעטיקטע אַ ביסל, מיט אַ פינף הונדערט יאָר...

אָוונט צו פֿאַרפֿולן זיך די צענטראַלע קאָרדאָווער גאַסן, די קאַפּעהייזער. קאָרדאָוואַ איז רויִק. די רעפּובליקאַנישע אַרמיי קלאַפּט ניט אין אירע טויערן. כאָסע אַנטאָניאָ רייט אויף זיין פֿערד, רייסט זיך צו מעשׂים, אין וועלכע קיינער נייטיקט זיך ניט. אין אַ ברייט געעפֿנטן, באַלויכטענעם קלוב שטראָמען יוגנטלעכע. פֿאַראַן דאָרטן טענץ, פֿאַרוויילונגען, אָבער ניט פֿאַר יעדערן. מען דאַרף זיין אַ מיטגליד און פֿון אַ בעסערער משפּחה!

שפּעט אין אָוונט קום איך צוריק אין מיין האָטעל, איינגעאָרדנט אין לוקסוס און פּראַכט. פֿאַר וואָס זשע איז ער אַזוי ביליק? אין גאַסטצימער ברענגט דער טעלעוויזאָר די לעצטע נייעס. כ׳בלייב דאָרטן זיצן אַליין, ניין — כמעט אַליין. ניט וויט פֿון מיר זיצט אַ שיינע יונגע פֿרוי. זי קוקט מיר אין די אויגן און וויל אויסלייענען פֿון זיי מיינע כוונות... כ׳דערמאָן זיך, אַז כ׳האָב שוין דאָ געזען אַן אַנדערע פֿרוי, אַ פּרעכטיקע, וועלכע האָט אויך געוואָלט אַרויסלייענען מיינע כוונות...

דער האָטעל, אַ זייער מאָדערנער, גוט איינגעאָרדנט, האָט אַוודאי ניט געהאַט גענוג קליענטן, האָט ער אַראָפּגעלאָזט די פּרייזן. נו, גיי ווייס, פֿון וואָס אַ מענטש קען אַלץ געניסן אין לעבן!

צו מאָרגנס בין איך געפֿאָרן ווייטער, קיין מאַלאַגאַ.

# מאַלאַגאַ

אין עלעקטרישן צוג, אין די פּרימאָרגן־שעהען, זיצנדיק באַקוועם ביים פענצטער, האָב איך פריי געקענט קוקן אויף דער ברייטער לאַנדשאַפט, וואָס האָט זיך געצויגן, געענדערט פאַר די אויגן, געשפּילט זיך אין באַהעלטעניש, אָפט מאָל פאַרשווונדן אין לאַנגע טונעלן — פון איינעם אַרויס אין אַ צווייטן אַריין. דורכשניידן די קאָרדאָוואַ־בערג, די סיערראַ מאָרענאַ נעמט געגוג צייט און מען קען באַוווּנדערן די פּרעכטיקע לאַנד־שאַפט, וועלכע לאָזט זיך אַראָפּ פון די בערג צום ים צו. רייך איז די קאָרדאָוואַ־ערד און ניט ווייניקער רייך איז די ערד פון מאַלאַגאַ, מיט וועלכער זי באַהעפט זיך. כ׳בין אין מאַלאַגאַ קיין מאָל ניט געווען, בלויז געהערט פון דער דאָזיקער פאָרטשטאָט. דאָס האָבן אירע פּאָרט־אַרבעטער דעראָבערט די שטאָט אין די ערשטע טעג פון דער פראַנקאָ־רעבעליע, אָבער צוליב דער פיינדלעכער סביבה ניט געקענט זי האַלטן און אין אַ קורצער צייט זי פאַרלוירן, צווינגענדיק דעם פון נצחון שיכּורן דעראָבערער צו באַצאָלן אַ בלוטיקן פּרייז פאַר זיין הצלחה.

דער עלעקטרישער צוג איז אָנגעקומען פון דער צפון־זייט. ס׳איז געבליבן אַ היפּשער טראָט אין שטאָט אַריין.

פון פענצטער פון מיין האָטעל האָב איך געהאַט אַ פרייען בליק אויפן ים, צו די בערג פון קאָרדאָוואַ. דער צימער איז געווען שיין, ריין, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן און אויך ביליק. דאָ האָט שוין אַוודאי געווירקט דער פאַקט, וואָס מאַלאַגאַ ליגט ניט אויפן טוריסטן־טראַקט, געהערט ניט צו די שטאַרק באַזוכטע ערטער.

כּמעט ביים אַריינגאַנג אין האָטעל איז געווען די אויטאָבוסן־סטאַציע צו די אַרומיקע ערטער, ווי טאָררעמאָלינאָס, פועגכיראָלאַ און נאָך, וועלכע ס׳איז כּדאי צו באַזוכן. נו, וועט עס מיר לייכטער מאַכן דעם טוריזם.

מאַלאַגאַ קען מען צעטיילן אויף דריי טיילן: די פאָרטשטאָט מיט אירע

באַרן, קאַפעהייזער, געשעפטן, קליינע הייזלעך, האָטעלן פאַר מאַטראָסן מיט אַלץ אין וואָס זיי נייטיקן זיך... אַ מין מאַרסיי אין אַ פאַרקלענערטער אויפלאַגע. דער צווייטער טייל, דער נייער, דער מאָדערנער, צייכנט זיך ניט באַזונדערש אויס, און דער דריטער, דער עלטערער, מיט אַלטע הייזער, קלויסטערס, מוזייען. וואָס ווייטער פון פאָרט זענען די הייזער בעסערע, שענערע, צווישן זיי אויך דאָס שיינע רעזידענץ־הויז, אין וועלכן ס׳איז געבוירן געוואָרן פּיקאַסאָ. גאָרניט קיין מיאוס הויז זיך אָפּגעקליבן געבוירן צו ווערן. שוין אין דער מאַמעס בויך האָט ער געהאַט געשמאַק. אַרום הויז ציט זיך אַ ברייטער אָוואַלער סקווער, פול מיט געשעפטן, באַלעבט מיט קינדער און מיט שפּאַצירנדיקע, וואָס שאַפן אַ רעש, גאָרניט לטובת דער אינספּיראַציע פון אַ קינסטלער... ניט קיין וווּנדער, וואָס פּיקאַסאָ איז דאָ ניט געבליבן.

פון דאַנען בין איך אַוועק צום קליינעם שטאָטפּאַרק.

דער דאָזיקער פּאַרק זעט אויס גאָר יונג, ניט לאַנג פאַרפלאַנצט. ניט קיין סךביימער, בלויז די קוסטעס זענען גוט אַנטוויקלט און שטרעקן זיך צו דער גאַס צו. דער פּאַרק האָט איין באַזונדערקייט: אין שאָטן פון אַ בוים שטייט, כּמעט אין נאַטירלעכער גרייס, איינזאַם און פאַרטראַכט, דער גרויסער העברעיִשער דיכטער און דענקער — שלמה איבן גבירול. דער דיכטער, דער פילאָסאָף פון „מקור־החיים״, שטייט מיטן בליק צו דער ערד, זוכט דאָ ניט קיינעם. ער האָט דאָ קיינעם ניט געקענט. שוין ווי אַ קינד איז ער דאָ פאַריתומט געוואָרן, געבליבן אַליין, אָן אַ ברודער, אָן אַ שוועס־טער און גאָר יונגערהייט אַוועק פון דאַנען אויף זיין וואַנדערוועג, קיין סאַראַגאָסאַ, קיין גראַנאַדאַ. די אויפשריפט אויפן מאָנומענט רעדט וועגן „אונדזער באַרימטן בן־עיר, וועלכער איז דאָ געבוירן געוואָרן מיט ניין הונדערט יאָר צוריק״. אמת, מען גיט דאָ אָן זיין ריכטיקן נאָמען, ניט קיין פּסעוודאָנים, אַוויצעבראָן, לויט וועלכן די סכאָלאַסטיקער האָבן אים אַזוי פיל ציטירט, אָבער אַנשטאָט „איבן״ איז געשריבן „אַבען גבירול״. ניט געפערלעך, מען וועט שוין וויסן ווער דאָס איז...

ניט ווייט, קעגן איבער דעם דענקמאָל, געפינט זיך די אַלקאַזאַבאַ, אַ פאַרקלענערטע אויפלאַגע פון דער גראַנאַדער אַלהאַמבראַ. דער צוגאַנג

צו איר איז אויך אַ געקירצטער — אַ וועג וואָס שלענגלט זיך אַרויף צו און פּירט צו אַ קאָמפּלעקס בנינים, וועלכע האָבן פון דער צייט שווער געליטן. ס׳באַמערקט זיך אָבער, אַז דאָ באַמיט מען זיך צו פאַרדעקן די ווונדן און ניט וויניק פון דער מאָרישער פּראַכט איז אָפּגעהיט געוואָרן. ווונדערלעכע מאָזאַיִקעס, פּרעכטיקע שטוקאַטורן, פאָנטאַנען, וואַסערשטראָמען, איינגע־הילטע אין גרינס, זענען אויף ס׳ניי באַלעבט געוואָרן מיט זייערע אַמאָליקע כישוף און פּראַכט.

כ׳בין צוריק אַוועק צו מיין האָטעל, דורכשניידנדיק אַ סקווער וואָס פאַרענדיקט כמעט די שטאָט. דאָרטן, אין מיטן, שטייט אַ קליינער פּיעדעס־טאַל און אויף אים — נאָך אַ קלענערע פיגור — דער גענעראַל קעיפּאָ דע ליאַנאָ. ער שטייט דאָרטן ווי אַ רעדנער, וואָס רעדט איצט צו אַ פּוסטן אַרום...

# גראַנאַדאַ

...„גראַנאַדאַ, גראַנאַדאַ, גראַנאַדאַ, דו מיינע!“ — זינגט אַ רוסיש־סאָוועטישער דיכטער, אויך אַ ייִד. אין מוח ביי מיר שווימען אויף געדאַנקען וועגן שמואל הנגיד, מלחמות, פּליטים, דיכטער — איבן גבירול, משה איבן עזרא, אַברהם איבן עזרא און נאָך און נאָך...

ס׳איז געווען אין די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהען, ווען כ׳בין אַרויס אויף די גאַסן פון גראַנאַדאַ. אַרויס אויף דער גאַס פון די קאַטוילישע מלכים. ביי איר אָנהייב געפינט זיך אַ זייל, און הויך אויפן זייל זיצט איזאַבעלאַ די קאַטוילישע און שרייבט אונטער דעם באַרימטן עדיקט. לעבן איר שטייט טאָרקעמאַדאַ. ווער דען אויב ניט ער, קען עס זיין? איזאַבעלאַ איז געווענדט מיטן פּנים צו דער גרעסטער גאַס פון גראַנאַדאַ, דער קאָלומבוס־וועג, און שרייבט אונטער דעם אַקט וועגן פאַרטרייבן די ייִדן. טאָרקעמאַדאַ ווייזט אָן דרינגענדיק. איזאַבעלאַ איז, ווייזט אויס, ניט זיכער וואָס שייך דער ראַסנריינקייט פון גרויסן קאַפּיטאַן און פון איר יועץ, דעם פריש געבאַקענעם קאַטאָליק...

אין אַ זייטיק געסל, לינקס פון לאַנגן קאָלומבוס־וועג, געפינט זיך דער קאַטעדראַל. ווי געוויינטלעך האָבן זיינע בויער, אין זעכצנטן יאָרהונדערט, ניט געזשאַלעוועט קיין מי. געלט און גאָלד איז געווען גענוג צו מאַכן דעם בנין גרויס, רייך און אימפּאָזאַנט. בילדער פון די גרעסטע שפּאַנישע און פלעמישע מאָלער, היסטאָרישע עקספּאָנאַטן און דאָקומענטן גיבן נאָך צו צו דער דאָזיקער רייכקייט. די קאַפּעלע איז אָנגעשטאָפּט מיט קונסטווערק, מיט גאָלד. ס׳מאַכט אַ מעכטיקן איינדרוק אָבער אָן אַ ביסל האַרץ, חן און וואַרעמקייט. די קאַטאַפאַלקן מיט די קערפּערס פון איזאַבעלאַ און פערנאַנד מאַכן די אַטמאָספער נאָך שווערער. די ליגנדיקע דערנעבן, כואַנאַ די משוגענע און איר מאַן, פיליפּ דער שיינער, קוועטשן בלויז אַרויס אַ לייכטן

שמייכל — דאָס איז געווען די מאַמע פונעם גרויסן שאַרל דעם פינפטן (שאַרל קווינט)...

אין דעם קאַטעדראַל און אַרום אים קומט פאָר אַ ריכטיקער יריד. דאָ האַנדלט די קלעריקאַלע היעראַרכיע מיטן גלאַנץ פון קאַטוילישן גלויבן, און קונים זענען פאַראַן אָן אַ צאָל. צווישן די באַזוכער געפינט זיך איצט אַ גרופּע טוריסטן פון אונגאַרן. יאָ, פון דער אונגאַרישער פאָלקס־רעפּובליק. זיי שטייען און קוקן אויף דער מיט גאָלד פינקלענדיקער קאַפּעלע, און שווער זיי דערפון אָפּצורייסן. צי קוקן זיי אויף דער קאַפּעלע, צי אויפן גאָלד? לסוף זענען זיי אַוועק מיט גרויס אומווילן. זיי וואָלטן אַוודאי געוואָלט דאָ בלייבן, אָבער דאָס איז ניט קיין לייכטע זאַך. דער אונגאַרישער „באַ־גלייטער" פון דער גרופּע האָט ניט געשמעקט מיט קיין באַזונדערער קאַטוילישער הייליקייט...

ווייטער פון די ענגע געסלעך אַרום קאַטעדראַל, אויף דעם גרויסן קאָלומבוס־וועג, ווו עס געפינען זיך די בענק, די גרויסע געשעפטן, די קאַפעהייזער גייט דאָס לעבן אָן נאָרמאַל. די פאַרקויפער שטייען ניט ליידיק. די צוקער־געבעקסן זענען באַטעמט און דער קאַפע — שטאַרק און געשמאַק. אָונט צו ווערן די גאַסן, די געשעפטן נאָך מער באַלעבט. מענטשן, באַפרייטע פון דער אַרבעט, פאַרפולן די פּלעצער, די קראָמען. מען קויפט, מען זיצט, מען טרינקט און שמועסט.

אַ פּאָר גאַסן ווייטער הייבט זיך אָן דער ריכטיקער האַנדל־צענטער, דער באַריאָ־באַכאָ, אָדער ווי מען רופט עס אין אַמעריקע — דער דאַון־טאַון. אַ שפע פון מאַגאַזינען, סחורות — ס'איז דאָ וואָס צו קויפן. צי איז פאַראַן גענוג געלט — דאָס איז שווער צו זאָגן, און אויף די אויסערלעכע סימנים וויל איך זיך ניט פאַרלאָזן. אייבערפלעכלעך געקוקט, עסט און טרינקט גראַנאַדאַ און לאָזט זיך ווילגיין. אין מוח שווימען אויף די שורות:

„דאָס פאַרברעכן איז געשען אין גראַנאַדאַ..."

דאָ, אין גראַנאַדאַ, האָבן פראַנקאָס מענטשן דערמאָרדעט שפּאַניעס גרויסן פּאָעט פעדעריקאָ גאַרסיאַ לאָרקאַ, דעם דיכטער פון ראָמאַנסעראָס וועגן ציגיינער און ליבע, וועגן שטילעט און גוואַרדיאַ־סיוויל. דאָס איז שוין אַן אַלטע געשיכטע, וואָס איז אָבער נאָך ניט אַריין אין די געשיכטע־ביכער.

עס ווייסן דערפון די, וועלכע ווייסן. אָבער וויפל זענען זיי? איך קוק אַריין אין די אויגן פון די, וועלכע זיצן אַרום די טישלעך, און זוך די דאָזיקע וועלכע דערמאָנען זיך אין דעם...

די לופט פון גראַנאַדאַ איז אָנגעשטאָפּט מיט געשיכטע. דאָ האָט שמואל הנגיד געהאָלפן דעם אַראַבישן קיניג, כאַבוס, צו באַקרעפטיקן זיין קיניג־רייך — פינאַנציעל און מיליטעריש. ער האָט עס געטאָן מיט גרויס דער־פאָלג. גראַנאַדאַ איז געבליבן די לעצטע פעסטונג פון די אַראַבער אין שפּאַניע. כמעט פינף הונדערט יאָר נאָך שמואל הנגיד האָבן עס די חיילות פון איזאַבעלאַ און פערדינאַנד איינגענומען... צום פאַרפעסטיקן זיין קיניגרייך האָט כאַבוס זיך געניייטיקט אינעם ייִד שמואל הנגיד. צו פאַרטיליקן עס, האָט איזאַבעלאַ זיך גענייטיקט אין אַן אַנדערן ייִד — דאָן יצחק אַבּרבּנאַל. נאָך דער דאָזיקער דעראָבערונג איז דער ייִד ניט מער נייטיק געווען. ער האָט געקענט גיין. און ער איז געגאַנגען צוזאַמען מיט אַלע זיינע פאַרטרי־בענע ברידער, די ייִדן פון שפּאַניע. אָבער די גראַנאַדער גאַסן זענען ניט קיין ספר־זכּרון — קומט אַ ווינט פון סיערראַ־נעוואַדאַ, ווישט ער אָפּ אַלץ, און דאָס לעבן גייט ווייטער זיין וועג.

צו מאָרגנס פרי בין איך אַוועק אין דער אַלהאַמבראַ. פאַרביי זענען געפאָרן אויטאָבוסן, טאַקסיס, וועלכע האָבן אָפּגעשטעלט זייערע פּאַסאַזשירן פאַר הויז־און־טויער. כ׳בין געגאַנגען צו פוס, גרייט אויפצונעמען אַלץ שוין אויפן וועג, גרייט ווי אויף עפּעס אויסערגעוויינטלעכס, וועגן וועלכן מען האָט זיך אָנגעהערט פון פריִער. דער וועג באַרג־אַרויף און אַ גענוג ווייטער, איז מיר אויסגעקומען זייער קורץ. דער ברונעם, וועלכן עס האָט צוגעקלעפּט צו דער אַלהאַמבראַ שאַרל קווינט אין נוסח פון „פאַרשפּאַנישט און פאַרבעסערט", האָט מיך ניט אויפגעהאַלטן. כ׳האָב געקוקט אויף דעם און געגאַנגען ווייטער.

די אַראַבער זענען געווען דעראָבערער. אַרבעט־כּוחות אין אַן אָקופּירט לאַנד קאָסט ניט קיין סך. האָבן די אַראַבער געבויט. בוי־מאַטעריאַלן האָבן זיי געצויגן פונעם לאַנד און אַרבעטקראַפט — פון וועמען זיי האָבן געוואָלט. ווארפן אָפּ טאַקע היינט די שפּאַנישע יורשים די טעזע, אַז דאָס איז בלויז אַן אַראַבישע שאַפונג. די דאָזיקע שאַפונג, טענהן זיי, איז אַ פּראָדוקט

פון דער שפּאַנישער סביבה און איר נאַטור. איר רייכקייט האָט באַווירקט די אַראַבישע פאַרכאַפּער. אין שפּאַנישן אַרום האָט זיך צעשפּילט די אַראַבישע פאַנטאַזיע און זיך פאַרמאָסטן אויף זאַכן, וועגן וועלכע זיי האָבן בלויז געחלומט אין זייער זאַמדיקן מידבר.

יאָ, אין דרום־שפּאַניע זענען אַנטוויקלט געוואָרן בלומען, ביימער, גאָרטנס, וואַסערפאַלן, קאַסקאַדן. שושקעט זיך דאָ איבער אַ קוואַל מיט אַ טייכל אין לויף, אונטערן פּרעכטיקן אַנדאַלוזער הימל. אַ ווינטל שפּילט זיך אין די צווייגן פון די ביימער, און די זון שפּילט זיך מיטן שאָטן, וואָס ציט זיך און לייגט זיך שטיפעריש.

די אַלהאַמבראַ־בנינים, די היף, גערטנער זענען צעשפּרייט איבער אַ ריזיקן שטח. מעכטיק זענען זיי אין זייער פאַרנעם, פאָרעם און אינהאַלט. די קאַטוילישע דעראָבערער אין זייער מלחמה־ברויז, אין זייער נצחון־שכרות, זענען ניט בכוח געווען זיי צו פאַרלענדן. איבערבויען, פאַרענדערן האָבן זיי ניט געקענט, ניט געהאַט די מיטלען דערצו. איז אַלץ געבליבן, ווי ס'איז געווען אין יענע טעג פון 1491, ווען די חילות פון פערדינאַנד און איזאַבעלאַ האָבן איינגענומען די דאָזיקע ערטער. שטייען די ציפּרעסן, די צעדער און זיי צו פוסנס פליסן ווייטער וואַסערלעך, טרינקען פון זיי רויזן, נעגעלעך און די פייגל פּילן אויס די לופט מיט אַ גליקלעך גע־צוויטשער.

ווען די יידישע פּאָעטן אין שפּאַניע האָבן געזען אַז אין דער הייליקער שפּראַך פון קאָראַן שאַפן די אַראַבער לידער וועגן ליבע, פרויען, לוסט צום לעבן, האָבן זיי אין דער שפּראַך פון דער תורה אויך גענומען שרייבן וועגן בלומען, וויין און ליבע. די נאַטור האָט מיט זיי מער מיטגעווירקט ווי מיט די אַראַבישע דיכטער — דאָס אַלץ איז זיי גוט באַקאַנט געווען. די בלומען, ביימער, וואַסערקוואַלן און בערג אונטערן הימל פון אַנדאַלוזיע, עקסטרעמאַדוראַ זענען פאַר שמואל הנגיד, שלמה איבן גבירול, יהודה הלוי און זייערע פען־חברים געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון דער אַלטער היים, וועלכע זיי האָבן געקענט פון די אַלטע שריפטן, פון שיר־השירים. קוקנדיק אויפן לויף פון וואַסער, האָבן זיי געחלומט פון ירדן, געזען דעם אינד וואָס גענענט צום קוואַל. אין די ריחות וואָס האָבן געשוועבט אין דער לופט,

האָבן זיי געשפּירט דעם ריח פון זאַפראַן און צימרינג, מאַנדלען און ווײַנטרויבן, פון די ליליעס אין עמק־השרון, פון מירטן און נעגעלעך, וואָס טריפט פון די בריסט פון שולמית. פאַרקוקט אויף דער מיט שניי באַדעקטע סיערראַ נעוואַדאַ, צי סיערראַ מאָרענאַ האָבן זיי געחלומט פון אַלטן חרמון. אויף די אַרומיקע בערג האָבן זיי געזען דעם אײַלנדיקן הירש און די ציגעלעך וואָס לויפן אַראָפּ פון די בערג פון גלעד...

פאַרטרונקען אין די דאָזיקע מחשבות, האָב איך געשפּאַצירט איבער דער אַלהאַמבראַ, ניט געקוקט אויף דעם סוחרישן לבוש, וועלכן די הײַנט־צײַטיקע הערשער האָבן אָנגעגעבן דעם אָרט: וועגפירער, פּאָסטקאַרטלעך, סוווענירן פּאַר אַזוי פיל און אַזוי פיל פּעזעטאַס... ביליקער, טײַערער — מענטשן מוזן דאָך לעבן! כ׳האָב געשפּרייזט צווישן די אַקוועדוקטן, סאַ־זשעלקעס, באַגרינטע און באַבלימטע הויפן — דאָ האָט דער קאַליף גע־וווינט, דאָרטן האָט ער אויפגענומען געסט, דאָ האָט ער זיך געבאָדן, דאָרטן האָבן זיך געבאָדן זײַנע אָדאַליסקן — אַלץ פאַרטרונקען אין שאָטן, צווישן ווענט, באַצירטע מיט שטוקאַטורן, מאָזאַיִקעס אין העל־גרין, בלוי און גאָלד, פאַרשטעלט מיט אויסגעפּוצטע זאַלן. אַלץ איז דאָ ריין, שיין און פרייִלעך. און ווו האָט באַאַבדיל, דער לעצטער אַראַבישער הערשער, אונ־טערגעשריבן זײַן אַבדיקאַציע־אַקט? און ווו האָט איזאַבעלאַ, די קאַטוי־לישע, אונטערן דיקטאַט פון טאָרקוועמאַדאַ, אונטערגעשריבן דעם עדיקט וועגן פאַרטרײַבן די ייִדן פון שפּאַניע? קומען אויף פראַגעס און דערהאַלטן די נשמה ניכטער.

געווען אַ לאַנגער שפּאַציר. כ׳בין אַרויס פון דער אַלהאַמבראַ און אַרײַן אין די גערטנער פון דער כענעראַליפע — דאָרטן ווו די אַראַבישע הערשער זענען, נאָך זייער אַרבעטסטאָג, אַוועק אויף אָפּרו.

אין דער כענעראַליפע ווערן די געדאַנקען פאַרטרונקען אין וואַסער און גרינס. קאַסקאַדן און הימל־בלוי באַרויִקן די אויגן. ס׳איז גוט צו שפּאַ־צירן דאָ צווישן די שלאַנקע, הויכעביימער, גוט זיך אָפּצורוען נאָכן לאַנגן שפּאַציר איבער דער צײַט.

פּאַמעלעך גיי איך צוריק אין שטאָט אַרײַן. דער וועג באַרג־אַראָפּ

ציט זיך אָן אַ סוף. ווען כ׳בין געגאַנגען פריִער אין דער פּאַרקערטער ריכ־טונג, באַרג־אַרויף צו דער אַלהאַמבראַ, האָב איך די ווייטקייט ניט געפילט.



דער רעסטאָראַן אויף פּלאַזאַ נועוואַ האָט זיינע טישלעך צעשטעלט אונ־טערן פרייען הימל — צווישן ביימער און פּאַראַסאָלן. דאָ האָב איך זיך צו־געזעצט עסן מיטאָג. פון אַ דערנעבנדיקן טיש האָט עמעצער אין אַ גע־בראָכענעם ענגליש מיר געהאָלפן אויסקלייבן די שפּייזן. געווען איז עס אַ שפּאַניער, וואָס אַרבעט אין דרום־אַפריקע, איצט — אין דער היים, אויף אורלויב. ער האָט געקענט די שפּאַנישע מאכלים און זיי גערן געהאַט. דאָס לאַנד זיינס, ווען ער האָט עס פאַרגליכן מיט דרום־אַפריקע, האָט ער וויני־קער גערן געהאַט...

אָוונט צו בין איך אַוועק שפּאַצירן פּאַזע דעם טייך דאַריאָ. דער דאָזי־קער טייך, ניט קיין ברייטער, טיילט אָפּ צווי באַרגהייכן — אויף איינעם איז געבויט די אַלהאַמבראַ און די כענעראַליפע, אויפן צווייטן — דער קוואַרטאַל אַלבאַיסין. דאָס איז געווען דער אַלטער אַראַבישער קוואַרטאַל. די גאַסן זענען גערדיכט באַבויט, ענג, אַ סכנה דאָרטן צו שפּאַצירן, מען דאַרף זיך האַלטן צוגעקלעפּט צו די הייזלעך. דאָ און דאָרטן זעט מען אַ פּרעכטיק אַלט הויז אין מאַרישן סטיל; פון צייט צו צייט — אַ נייע, מאָ־דערנע געביידע. די צייט נעמט צו יעדע זאַך, וואָס דרינגט זיך אַרויף אויף איר.

דאָ האָבן אַ מאָל געוווינט די הויכע שׂררות פונעם קאַליף. דאָ איז געווען דער צענטער פונעם מאַרישן לעבן. ווען דער דרוק פון די קאַטוילישע חיילות האָט זיך געלאָזט שטאַרקער שפּירן, זענען די הויכע דיגניטאַרן אַריבער אין דער אַלהאַמבראַ. דער פּשוטער המון איז דאָ געבליבן. נאָך דער דעראָבערונג, האָבן ניט ווייניק פון זיי פאַרלאָזט דאָס איבעריקע האַלב־אינדזל, אָבער די וואָס זענען געבליבן, האָבן ניט קיין סך געליטן. מיט די אַראַבער איז עס ניט געווען ווי מיט די ייִדן. אויסער שפּאַניעס גרענעצן איז געווען אַ שטאַרקע אַראַבישע מאַכט און די שפּאַניער האָבן זיך געהיט

מיט איר איינצורייסן. זי האָט געקענט אָפּצאָלן. די געבליבענע מאָורן אין אַלבאַיִסין האָבן אויך די שפּאַניער ניט געשטערט: ניט געווען וואָס זיי מקנא צו זיין אין מאַטעריעלן און געזעלשאַפטלעכן זינען. מיט דער צייט זענען זיי אַריבער, ביז צום לעצטן, צום קריסטלעכן גלויבן. אָבער שוין נאָך יאָרהונדערטער טראָגן זיי נאָך אַלץ דעם חוזק־נאָמען: מאָריסקאָ (אַראַבערל) — אַ דימינוטיוו פון וואָרט „מאָראָ".

דער אַלבאַיִסין איז גרויס. אויף דער מערב־זייט קומען אויף קליינע, מאָדערנע הייזלעך, ווילאַס. ס'רוב געהערן זיי צו שפּאַניער פון פראַנקרייך אָדער גאָר צו פראַנצויזן וועלכע זענען געקומען אַהער צו געניסן פון אַ בי־ליקער, רויִקער לעבן, אונטערן הימל פון אַנדאַלוזיע.

מאַכנדיק אַ ברייטן בויגן, אַראָפּגייענדיק פון באַרג, בין איך אַרויף אויפן רוישנדיקן קאָלומבוס־וועג. ס'איז געווען אַן אַנדערע וועלט.

אויפן וועג צום איזאַבעלאַ־דענקמאָל בין איך אַריין אין געסל פון די ייִדן־שטאָף־הענדלער. כ'האָב וועגן אַזאַ געסל קיין מאָל ניט געהערט, אָבער אַזוי איז עס, ווען מען שפּאַצירט איבער אַלטע שטעט. אַ מאָל איז געווען — יאָ, אַ סך זאַכן זענען געווען און געוואָרן פאַרגעסן. אייניקע זענען פאַרבליבן.

גיי איך איבער אַ שמאָלינקער גאַס, באַבויט פוןביידע זייטן מיט חנעוודיקע רענעסאַנס־הייזלעך ווי אין אַלטן דאַנציג, אַמסטערדאַם. שמאָלע הייזלעך פון איין פענצטער אין דער ברייט, פאַרענדיקטע אין אַ דרייעק. און איטלעכס אַ צירונג פאַר זיך. די הייזלעך זענען קלענערע פון די, וואָס אין אַמסטערדאַם. צווישן זיי ציט זיך אַ שמאָלע גאַס, דאַכט זיך אַז די קרע־מער וואָלטן געקענט זיך דריקן די האַנט, איבערגעבן זיך סחורה פון איין זייט אויף דער צווייטער. די הייזער זענען ניט אַזוי הויך אָבער צוליב זייער נאָענטקייט שאַפן זיי אַן אייביקן שאָטן, וואָס הילט איין די גאַס. דער איינ־האַלט פון די געשעפטן האָט זיך געביטן. מען פאַרקויפט דאָ ניט מער קיין זייד נאָר געווינטלעכע שטאָפן און אָריענטאַלישע אָרנאַמענטן, סוווענירן פאַר טוריסטן. דעם אמת געזאָגט, האָב איך ניט געקוקט אויף די סחורות אין די קראָמען. כ'האָב געקוקט פאַר זיך, פאַרכישופט פון יעדן הויז. ס'איז ניט געווען מאַוריש, ס'איז ניט געווען שפּאַניש — ס'איז געווען שיין, מאָדנע שיין.

# אויף דער סיעררא נעוואַדאַ

וויפל טוריסטן קומען קיין שפּאַניע אין משך פון יאָר? מען זאָגט, אַז צוואַנציק ביז דרייסיק מיליאָן. אַ קלייניקייט! וויפל פון זיי פאָרן אַרויס און שטייגן אַרויף אויף דער סיעררא נעוואַדאַ? כ׳ווייס נאָר, אַז דעם טאָג ווען כ׳בין אַהין געפאָרן, איז דער אויטאָבוס געווען פול מיט סטודענטן פון שפּאַניע. בלויז איינער, אַ ממזרישער חברה־מאַן, אַ האָלענדישער סטודענט, האָט זיך דאָרטן פאַרבלאָנקעט מיט אַ סטודענטין פון יאַפּאַן אויף אירע שטודיעס אין גראַנאַדאַ. ס׳וואָלט מיך געוווּנדערט, ווען ער וואָלט זי ניט באַמערקט און ניט מיטגענומען...

ס׳איז מיר איינגעפאַלן אַרויסצופאָרן אין די בערג. וואָס האָט מיך אַהין געצויגן? געוואָלט אַ קוק טאָן אויף די מיט שניי באַדעקטע בערג, וועלכע וועלן מיר דערמאָנען אין די קאַרפּאַטן, אין די טאַטרעס? צי האָט מיך געצויגן די סיעררא, מיט וועלכער ס׳איז פאַרבונדן אין מיין פאַנטאַזיע העמינגווייס דזשאָרדאַן פון ראָמאַן „פאַר וועמען עס קלינגען די גלאָקן״? אָדער סתם געוואָלט אַרויס אין די בערג, ווייט פון אַ ישוב, זוכן הייכן, ווינטן, שניי, קלאָרע לופט און פוסט און שטיל זאָל זיין אַרום? האָט זיך מיר געבענקט נאָך אַ צימער ווי אין זאַקאָפּאַנע, מיט ווענט פון ווייסן האָלץ ערגעץ אין אַ באַרגהאָטעל, ווו ס׳איז שטיל און מען הערט בלויז דאָס סקריפּען און טרעשטשען פון די טרוקענע ברעטער און אַרום צעגייט דער שניי אונטער דער שיינענדיקער זון?

ס׳איז געווען גוט, ווען דער אויטאָבוס האָט געריַרט אַרויס פון שטאָט, אין דער ריכטונג צו די בערג. דער שאָפער האָט איינגעשלאָסן דעם ראַדיאָ. ס׳האָט זיך געלאָזט הערן אַ שפּאַניש ליד און חברה אין אויטאָבוס האָט עס אונטערגעכאַפּט, מיטגעזונגען — פריי, האַרציק. פאַרלוירן אין מיינע מחשבות, האָב איך געקוקט אַראָפּ, ווו ס׳איז געבליבן גראַנאַדאַ מיט איר נעכטן און היינט.

זייט געזונט, איר פיינע הערן,
גלאַטע דאַמען אין סאַלאָנען,
איך וועל איצט אויף בערגער שטייגן
און מיט שמייכל אייך דערמאָנען... —

האָט זיך מיר געפּלאָנטערט אין מוח אַ פרייע איבערזעצונג פון היינעס ליד, דער אַריינפיר צו זיין „האַרץ־רייזע". יאָ, ס'איז גוט צו שטייגן אויף בערג. ס'איז בכלל גוט אַוועקצופאָרן. דער פראַנצויז זאָגט: „אַוועקפאָרן איז אַ ביסל אָפּשטאַרבן"... כ'גלייב אַז דאָס האָט אַ פּעסימיסטישע באַפאַרבונג. יעדן פאַלס, דאָס מאָל איז דאָס „אָפּשטאַרבן" אויף אַ ווייל פון דער שטאָט — אַן אויפהייטערונג, אָפּפרישונג, אויפלעבונג אין אַן אַנדערער, אַ נייער סביבה, וועלכע מאַכט דיך פרייער, רייכער.

צום ציל איז געווען בלויז אַ צוואַנציק קילאָמעטער. געפאָרן זענען מיר אַ שעה, אפשר מער. ווער האָט געקוקט אויפן זייגער? מיר זענען אָנ־געקומען קיין מאָנאַטשיל, אַ צענטער פון באַרגהאָטעלן, פּאַראַדאָרס, ווי מען רופט עס אין שפּאַניש. מען האָט געקענט בלייבן, עסן, טרינקען, זיך אָפּ־פרישן, שפּאַצירן. ס'האָט עמעצער געוואָרפן דעם געדאַנק: באַצאָלן דעם שאָפער נאָך אַ פּאָר גראָשן, זאָל ער אונדז ברענגען נאָך העכער, צו דער וועלעטאַ! נו, חברה ווייסט ווו מען דאַרף פאָרן! אַכציק פּראָצענט זענען גלייך מסכּים געווען מיטן פאָרשלאָג און, הײדאַ, מיר פאָרן ווייטער, העכער! דער אויטאָבוס פאָרט איבער דער הויכקייט. די רייזע הייבט אָן צו זיין ניט פּשוט, אָבער דער שאָפער קען גוט די געגנט און שניידט דעם וועג ווי אַ טייוול, דרייט זיך, שטייגט העכער, העכער און בלייבט שטיין: על וועלעטאַ!

מיר פאַרלאָזן דעם אויטאָבוס, שטייגן ווייטער שוין צו פוס, ביז צום סאַמע שפּיץ: 3.470 מעטער! דער באַרג פון דער צווייטער זייט איז משופּע־דיק, שאַרף, כמעט ווי אַ גלייכע וואַנט — אַ שרעק אַראָפּצוקוקן. אַ סכּנה זיך אַפילו צו דערנענטערן ביזן ראַנד. איך שטעק בלויז אַרויס דעם פּאָטאָ־אַפּאַראַט און דריק — זאָל ער אויפכאַפּן וואָס ער וויל...

מיר בלייבן אויפן שפּיץ. די לופט איז שאַרף און פראָסטיק. דער ווינט רייסט. די בערג אַרום זענען נאַקעט, בלויז דאָ און דאָרטן איז געבליבן דער

שניי־צודעק. יעדערער קריכט אַריין אין זיין פּולאָוועה, ווינטער־היטל. און גיי גלייב, אַז אונטן, אין גראַנאַדאַ, איז אַ היץ, אַ חמימה — איבער 35 גראַד!

נו, מען דאַרף צוריקפאָרן! אָבער ניט אַלע ווילן — אַ גרופּע באַשטימט צוריקצוגיין צו פוס.

אָנקומענדיק אונטן, גיי איך אַריין אין אַ קאַפע־רעסטאָראַן זיך צו־זעצן, עפּעס טרינקען, זיך אַרומקוקן. דאָס קאַפעהויז הייסט „על שערפּאַ״. וואָס הייסט? ווען בערג זענען הימאַלייען, און ווען הימאַלייען — מוזן זיין וועגפירער — שערפּאַס...

חברה אַרום טרינקט קאַווע, ביר, פאַרבייסט טענדוויטשן, זיצט אַרום טישן, שמועסט, רוישט, וואַרט אויף דער מיטאָג־שעה, אויפן עסן.

לעבן מיר זיצט אַ גרופּע שפּאַניער. זיי זענען געקומען אין זייער אויטאָ, מיטגעשלעפּט מיט זיך אַ גאַסט פון אויסלאַנד — אַ דייטש. ער זיצט ווי פאַרשמעליעט, ווייסט ניט וואָס צו זאָגן. ער קען ניט די שפּראַך און מיט צוויי הענט, אַפילו מיט אַלע צען פינגער, קען מען קיין סך ניט זאָגן. עס נעמט מיך אָן אַ רחמנות און אין אַ געוויסן מאָמענט האַלט איך ניט אויס און פרעג אים אין זיין שפּראַך, וואָס ער וויל זאָגן. עס ווירקט אויף אים ווי אַ דונער פון בלויען הימל, ווען ער דערהערט אומגעריכט זיין שפּראַך. ניט ווייניקער ווירקט עס אויף זיינע שפּאַנישע פריינד, וועלכע האָבן אים מיטגעבראַכט. זיי קענען ניט באַגרייפן — אָט רעדט אַ מענטש שפּאַניש, אָט רעדט ער דייטש. דער שמועס גייט שוין בלויז צווישן אונדז. דער דייטש בלייבט ערגעץ פאַרגעסן אַרום טיש.

— פון וואַנען קענסטו שפּאַניש? — פרעגט לסוף ניט דרייסט אַ מיידל אין די אָנהייב צוואַנציקער יאָרן, וועלכע קען נאָך אַלץ ניט פאַרשטיין, ווי אַזוי אַ פאַרשטענדיקונג מיט אַזוי פיל שוועריקייטן ווערט מיט איין מאָל לייכט און פּשוט.

כ׳קוק אַ ווײַלע אויף איר, אויף דער סביבה, וויל אַרויסלייענען, וואָס זענען דאָס פאַר אַ מענטשן.

— מיר זענען פון מאַדריד — זאָגט דאָס מיידל.

פאַר מאַדרידער האָב איך אַ באַזונדערע שוואַכקייט. דאָרטן האָב איך געשטעלט מיינע ערשטע טריט אין דער צייט פון בירגערקריג. ווען כ׳בין

דאָרטן געגאַנגען אויף איין זייט פון דער גראַן־וויאַ, זענען אויף דער צווייטער זייט געפאַלן די סנאַריאַדן פון פראַנקאָס אַרטילעריע. כ׳האָב באַוווּנדערט די מאַדרידער, וועלכע האָבן דעמאָלט רויִק געגעסן זייער אייזקרעם און זיסקייטן, און יעדערער האָט פאַרבעטן צו זיין טישל מיט־צו עסן. כ׳האָב געזען פאַר זיך די געדיכט באַפעלקערטע קוואַרטאַלן פון מאַדריד — טעטואַן, קוואַטראָ קאַמינאָס, פּאַסיפיקאָ, געזען דעם מוט פון די איינוווינער אין אָנבליק פון דער צעשטערונג, וועלכע ס׳האָבן געזייט די יונקער־באָמבאַרדירערס. כ׳האָב געזען פאַר מיר די טיפע גרוב, וועלכע ס׳האָט געמאַכט אַ באָמבע פון 500 קילאָ אויפן פּלאַץ פּוערטאַ־דעל־סאָל, נאָענט צום מעטראָ, ווו ס׳זענען געזעסן צענדליקער משפּחות, געבליבענע אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. באַזונדערש האָט זיך מיר דערמאָנט אַן אויפשריפט אויף אַ ברייטן לייוונט, אַרויסגעהאָנגען איבער אַ גאַס אין קוואַטראָ־קאַמינאָס, צווישן צוויי הויכע הייזער, וועלכע האָט געשריִען: „מאַדריד וועט זיין דער קבר פון פאַשיזם!“

— ביסט פון קוואַטראָ־קאַמינאָס ? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— ניין, מיר זענען פון וואַליעקאַס. פון וואַנען קענסטו די קוואַרטאַלן פון מאַדריד ?

— כ׳בין דאָרטן געווען מיט פערציק יאָר צוריק...

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פאַרוווּנדערט, ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט אין זכרון.

— יאָ, יאָ, כ׳בין געווען דאָרטן — האָב איך געגומען איר אַרויסהעלפן — בעת דער פאַרטיידיקונג פון מאַדריד, קעגן פראַנקאָ...

זי האָט זיך אויפגעריסן פון איר אָרט און איידער כ׳האָב באַוויזן זיך צו אָריענטירן, איז זי שוין געווען לעבן מיר, אויף דער צווייטער זייט טיש און כ׳האָב געפילט איר שטאַרקן קוש. דאָס מאָל האָב איך אויפגעהויבן דעם קאָפּ, לייכט אַ שמייכל געטאָן.

— יאָ, איך בין איינער פון יענע...

פאַרלוירן האָט זי זיך צוגעזעצט אויף אַ שטול לעבן מיר, אַ רגע גע־שוויגן, געקוקט אויף מיר, באַוועגט דעם קאָפּ אַהער, אַהין.

— ווייסט, כ׳בין אַ קאַטוילישע...

אין איר קאָפּ איז אַוודאי דורכגעגאַנגען די אין משך פון לאַנגע יאָרן געפּירטע פראַנקיסטישע פּראָפּאַגאַנדע וועגן „רויטע באַנדיטן", וועגן פראַנקאָ, דעם פאַרטיידיקער פון קריסטנטום. ערגעץ ווו האָט זי ווייזט אויס אויך געהערט אַן אַנדערע מיינונג, גאָר ניט קיין שלעכטע, וועגן די, וועלכע זענען געקומען פון דער ווייט צו פאַרטיידיקן מאַדריד. איצט האָט זי געזען איינעם פון זיי, אַ לעבעדיקן פאַר אירע אויגן.

— איר האָט געטאָן אַ גרויסע זאַך — האָט זי אַ גערירטע געשעפּטשעט. אויך איך בין געווען גערירט. כ'האָב געזען פאַר זיך אַ טאָכטער פון מאַדריד, וועלכע איז נאָך אין יענע יאָרן אויף דער וועלט ניט געווען, וועלכע האָט איצט אַרויסגעזאָגט איר דאַנק פאַר די פאַרטיידיקער'ס פון איר הערצישער שטאָט. אין מיין באַגעגעניש מיטן היינט האָב איך ניט באַדויערט דעם נעכטן !

כ'בין געבליבן זיצן פאַרטראַכט, געזופּט דעם קאַפע, געפּרוווט אַלץ באַנעמען — דאָס אָרט, דעם אַרום, די מענטשן, סיערראַ נעוואַדאַ, ירושלים, שפּאַניע, הימל, בערג... אין דרויסן איז געשטאַנען דער אויטאָבוס, מיין פאַרבינדלער מיט דער קאָנקרעטער וואָר.

אין האָטעל, פאַרן שלאָפן גיין, בין איך צוגעגאַנגען צום נאַכט־אוידי־טאָר בעטן, ער זאָל מיר צוגרייטן דעם חשבון. כ'האָב שוין פריִער באַ־מערקט, אַז ער רעדט אַ זייער שיינעם פראַנצייזיש. מצד דער רעפּובליקאַנער רעגירונג זאָל ער בעתן בירגער־קריג האָבן געווען אין פראַנקרייך. כ'האָב שטאַרק געוואָלט אַ שמועס טאָן מיט אים. גלייך שטעלן די פראַגע האָט ניט געהאַט קיין זינען. האָב איך געפּרוווט אַהין־אַהער. ניין, ס'איז ניט געגאַנ־גען. ווייזט אויס, אַז געוויסע מענטשן היטן זיך מיט זייער אַנטי־פראַנקאָ־פאַרגאַנגענהייט. טאָ, לאָמיר עס דערווייל לאָזן אין אַ זייט.

# אויפן וועג גראַנאַדאַ — וואַלענציע

לויט שמ״רן וואָלט דאָס קאַפּיטל געדאַרפט הייסן: „אַנשטאָט פּאַלאַצן — בלאָטע־הײַזער, אָדער ווי דער שלעכטער ווערט אַ גוטער, אָדער ווי דאָס לאַנגע ווערט קורץ״. אָבער היות שמ״ר איז שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע, וועל איך די זאַכן דערציילן פּראָסט און פּשוט, אָן די אַלע פּאַרזאָגענישן, אָט סתם, ווי זיי זענען פאָרגעקומען.

אַ ריזנלאַנד, שפּאַניע! פאָרן פון גראַנאַדאַ קיין וואַלענציע, האָט מען מיר געמאַכט אַ רעכענונג, וועט געדויערן מיטן צוג 17 שעה. 17 שעה! גוואַלד, ווי האַלט מען דאָס אויס! אָבער ווידער אַ מאָל, האָסט אַ ברירה? דריי אַהין, דריי אַהער, ס׳וועט ניט העלפן. האָב איך באַשלאָסן זיך אַרײַנ־צוזעצן אין אַ שיינעם נאָכמיטאָג אין צוג און פאָרן. זיצן און קוקן דורכן פענצטער אויף אַ לאַנדשאַפט וואָס ציט זיך פון אַנדאַלוזיע, דורך עקסטרע־מאַדוראַ צום לעוואַנט — איז אויך אינטערעסאַנט.

כ׳האָב זיך פאַרשאַפט אַ גוטן פּלאַץ צו זיצן, געקויפט מיט אַ טאָג פריִער, מיט דער מעגלעכקייט בײַ נאַכט צו לייגן זיך שלאָפן — וואָס זשע קען דאָס זײַן שלעכט?

ס׳איז געווען אַן אָפּטייל פאַר זעקס פּערזאָן, און דער צוג האָט באַ־דאַרפט גיין פון צוויי נאָך מיטאָג ביז זיבן אין דער פרי. קען זײַן בעסער? יאָ, עס קען זײַן אַ שלאָפוואַגאָן, אַן אָפּטייל פאַר צוויי און אין אַ שנעלצוג. איז אָבער דער פּרייז פון אַזאַ בילעט מער ווי טאָפּל. מילא, וואָס ברענגט? מוז עס זײַן מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן? אין שפּאַניע זענען פאַ־ראַן נאָך ערגערע צוגן, ווי דער דאָזיקער. האָב איך אָפּגעגעסן מיטאָג אויפן וואָקזאַל פון גראַנאַדאַ, צוגעגרייט אַ ביסל עסן אויפן וועג און, באַוואָפנט מיט אַ ביסל פילאָסאָפיש געדולד, אַרײַן אין מײַן קופּע.

דאָ זענען שוין געווען דריי פּערזאָן: אַ מאַן און אַ פרוי, פון דער באַרצעלאָנער געגנט, פון מאַטאַראָ, וואָס איז מיר באַקאַנט געווען נאָך

פון יענע צייטן, און אַ דריטער, עפּעס אַ ניט קלאָרער טיפּ, אַ שטאַרק רעזערווירטער, מיט אַ שווער פּנים. די סיבה איז מיר גיך קלאָר געוואָרן. גענומען האָט ער אַ געוויינלעכן בילעט און זיך גלייך געכאַפּט, אַז די רייזע וועט אים אויספּאַלן שווער. האָט ער געמאַכט אַן „עסק" מיטן בילעטן־קאָנטראָלער, וועלכער האָט אים געגעבן אַן אָרט אין אונדזער שלאָפוואַגאָן. ער האָט באַקומען מיין אָרט, אונטן, און מיך באַשטימט אויבן. דאָס איז מיר ניט געפעלן. מאַכן אַ טומל צוליב דעם? דעם אמת געזאָגט, האָב איך ליב צו שלאָפן אין דער הייך. קריגן זיך, סתם, צוליב דער זאַך פון יושר? און, באמת, ווי לאַנג דאַרף איך עס בלייבן אין קופּע? לאָמיר מאַכן אַ גוטע מינע צום בייזן שפּיל, לאָמיר זען ווייטער.

דער שמועס מיטן פּאָרל איז געווען אַ העפלעכער, אַ דיסטאַנצירטער. זיי פאָרן אַהיים פון אַ באַזוך אין אַנדאַלוזיע. פון צייט צו צייט וואַרפן זיי אַ קריטיש וואָרט וועגן עקאָנאָמישן מצב, אָבער זייער רעזערווירט. דער דריטער האָט זיך ווייניק אַריינגעמישט אין שמועס. האָט ער שוין יאָ גע־רעדט, זענען עס געווען שאַרפע, קריטישע באַמערקונגען. אַן אַגראַר־אַרבעטער פון אַדמיניסטראַטיוון רעסאָרט, איז זיין הכנסה אַ גאַנץ באַגרע־נעצטע: אַ ביסל לוין, אַ ביסל פּענסיע. פון צייט צו צייט קוקט ער אַריין אין אַן אילוסטרירטן זשורנאַל מיט פּאָרנאָגראַפישע בילדער. פון די זייטן שרייט אַראָפּ אַ לאַנגער אַרטיקל מיט בילדער, וועגן געוועזענעם גענעראַל פון די צייטן פון בירגערקריג, על קאַמפּעסינאָ. און גיי ווייס, צוליב וואָס ער האָט געקויפט דעם זשורנאַל — צוליב די נאַקעטע בריסט, די קיילעכדיקע הינטנס, צי צוליב על קאַמפּעסינאָ. דער צוג פאָרט שוין אַ גוטע ווײַלע, אַ סטאַציע־איין, אַ סטאַציע־אויס, און ער, מיין דריטער מיט־פּאַסאַזשיר, פאָרט ווי איך, קיין וואַלענציע. האָב איך דאָך צייט — וועל איך אים דערוויל לאָזן צו רו.

דער צוג איז אָנגעקומען קיין גוואַדיקס. סטאָפּ! ניט נאָר סטאָפּ, מען פירט אַריבער אונדזער צוג אויף זייטיקע רעלסן. דער הויפּטטראַקט מוז פריי זיין. עס דאַרף דאָ פאַרבייפאָרן אַן עקספּרעסצוג, און די פּאַסאַזשירן פון עקספּרעסצוג האָבן, ווי באַקאַנט, ניט קיין צייט. און די פּאַסאַזשירן פון אונדזער צוג? ווער פרעגט אונדז? ווידער זיך אויפרעגן? לאָמיר בעסער

זען צו מאַכן וואָס עס לאָזט זיך, אַז די צייט זאָל פאַרביי, אָן זיך צו בודיען. גיי איך אַוועק אין בופעט פון וואָקזאַל. עפּעס טרינקען — איז ניט קיין געבאָט, אָבער עס העלפט פאַרטרייבן די צייט.

אַנטקעגן דער סטאַציע — מאָדנע הייזלעך. מען זעט אַ מויער מיט אַ טיר, פענצטער, אָבער די איבעריקע ווענט זענען ניט פאַראַן. די ערשטע פראָנטוואַנט איז פשוט צוגעשטעלט צום באַרג, אין וועלכן עס גראָבט זיך איין די „וווינונג". דאָס הייסט, אַז די וואַנט דעקט צו אַ הייל, אין וועלכער מענטשן וווינען. פשוט, הייזער אין דער ערד, אָדער ווי מען רופט זיי דאָ — בלאָטע־הייזער. אַנדערע האָבן אַ שיינע איינראַמונג. מען זאָגט, אַז אינעווייניק זענען זיי אַפילו שיין איינגעאָרדנט. דער רוב זעט ניט לוקסוסדיק אויס. די הייל שיינט צו זיין גאַנץ באַגרענעצט — עס וווינען דאָרטן די מענטשן, די הינער, די ציגן! כ'האָב אַזוי פיל געהערט וועגן שלעסער, פּאַלאַצן אין שפּאַניע, און דאָ בין איך געשטאַנען פאַר בלאָטע־הייזער!

אַזוי, אַזוי, אַפילו ווען דער צוג בלייבט אויס נויט ערגעץ שטיין, איז עס אויך ניט קיין פאַרלוירענע צייט. עפּעס האָסטו געזען!

די סעפּטעמבער־זון אין שפּאַניע איז אַ ליבע. פון די פעלדער בלאָזט אַ ווינטל. דאָס וואַרטן דאָ באַלעסטיקט ניט. נאָך אַ ביסל, נאָך אַ ביסל און עס וועט פאַרביי. ס'האָט געדויערט אַ פּאָר שעה. אָבער מיר וועלן אָנקומען קיין וואַלענציע ניט זיבן נאָר ניין אַ זייגער. וואָס קען עס שאַדן? וועל איך ליגן אויפן געלעגער אין דער פרי אַ ביסל לענגער! אפשר וועט עס אַפילו זיין בעסער — כ'וועל אָנקומען אין שטאָט אַ ביסל שפּעטער, ווען די געשעפטן, ביוראָס און אויך דאָס טוריסטן־ביוראָ זענען שוין אָפן.

דער צוג איז אַריין אין שוווּנג. מיר זענען געפאָרן, פאַרגעסן דעם לאַנגן איבער־רייס. נאָך אַ לאַנגער ווײַלע זיצן בין איך אַרויס פון קופּע, געשטאַנען ביים פענצטער אינעם דורכגאַנג און געקוקט אויף דער לאַנדשאַפט. ביים פענצטער איז אויך געשטאַנען מיין דריטער שכן. כ'האָב אָנגעהויבן שמועסן מיט אים, שטיל, ווי אין צווייען. ווי אַן עלטערער מענטש מוז ער האָבן מיטגעמאַכט דעם בירגער־קריג אין שפּאַניע. אינטערעסאַנט, אויף וועמענס זייט? כ'האָב אַ פרעג געטאָן:

— ווו זייט איר געווען בעתן בירגערקריג?

— אין מורציע.

מורציע איז געווען אין דער רעפובליקאַנער זאָנע. נו, בין איך, הייסט עס, אין דער היים! כ'האָב געקענט ווייטער אָ שטופּ טאָן דעם שמועס:

— מורציע? אין וועלכער איינהייט?

— אין דער גוואַרדיאַ דע אַסאַלטאַ.

די דאָמבע איז געפאַלן מיט איין מאָל. אין קעגנזאַץ צו דער גוואַר־דיאַ ציוויל, וועלכע האָט זיך געשטעלט אויף פראַנקאָס זייט, איז די גוואַר־דיאַ דע אַסאַלטאַ אַריבער צו דער רעפובליק און געטריי געקעמפט ביזן לעצטן מאָמענט.

— געווען גוטע חברה. כ'האָב זיי געזען אויפן פראָנט, אין פייער — האָב איך באַמערקט:

— ווו ביסטו געווען? — האָט ער געפרעגט פאַרווונדערט.

— כ'בין פון דער אינטערבריגאַדע...

דאָס אייז אויף מיין שכנס פּנים איז צעגאַנגען אין איין אויגנבליק. כ'האָב געהאַט פאַר זיך אַ מענטש, מיט וועלכן כ'האָב געקענט ריידן.

ס'איז געקומען אַ לאַנגע דערציילונג, ווי אַזוי ער האָט זיך, נאָכן פאַלן פון דער רעפובליק, געפרוווט דעקן, פאַרלוירן ווערן, בייטן די ווינטערטער, די אַרבעט־פּלעצער — מען האָט אים פון דעסטוועגן געפונען. ס'זענען דע־מאָלט געקומען די אַרבעט־לאַגערן, שטראָף־קאָמפּאַניעס, טעראָר, עינויים. אַ פאַרביטערט לעבן די גאַנצע צייט. ער האָט עס אַלץ איבערגעקומען, אויפ־געשטעלט אַ פאַמיליע. קינדער זענען געבוירן געוואָרן. אָבער לסוף איז עס ניט געגאַנגען מיט זיין פּרוי — זיך געגט. איצט פאָרט ער אויף אַ באַזוך צו אַ טאָכטער אין דער געגנט פון וואַלענציע.

— ווי גייט עס אייך איצט?

— כ'בין אויף פּענסיע. זייער אַ מאָגערע פּענסיע. מען האָפט, אַז איצט וועלן די פּענסיעס געהעכערט ווערן, און אויך פאַר די, וועלכע האָבן גע־קעמפט אויף דער זייט פון דער רעפובליק.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש, מענטשן וואָס האָבן געקעמפט פאַר דער זעל־בער זאַך, אין דער זעלבער באַוועגונג, האָבן זייערע אַ בשותּפותדיקע שפּראַך. זיי דאַרפן ניט קיין סך ריידן, כּדי זיך צו פאַרשטיין. ווען כ'האָב

אין אַלזשיר, נאָך פיר יאָר אָפּגעשלאָסנקייט אין די לאַגערן, געטראָפן אויף דער פריי חברים, פריינד פון פאַרשיידענע לענדער, האָבן מיר אַלע געזען די זאַכן, די לאַגע אויפן זעלבן אופן. געקענט די זעלבע פאַקטן, געהאַט אַן ענלעכן צוגאַנג און אָפּשאַצונג. ס׳איז ניט בלויז די פּאַרטיי־פּרעסע, וואָס ווירקט. אין די לאַגערן האָבן מיר זי ניט געהאַט, אָבער אַפילו די פיינד־לעכע פּרעסע לייענען מענטשן מיט דעם זעלבן פּאָליטישן געדאַנקענגאַנג אויף דעם זעלבן שטייגער. זיי פאַרשטייען זי אַזוי, ווי מען האָט זיי געלערנט זי צו פאַרשטיין אין משך פון די לאַנגע יאָרן אין דער באַוועגונג. מענטשן פון דער זעלבער באַוועגונג דערפילן שנעל אַן אייגענעם — ניט נייטיק צווישן זיי קיין איבעריקע ווערטער.

ער האָט מיר געשילדערט דעם עקאָנאָמישן מצב אין שפּאַניע, ספּעציעל אין דרום, פון וואַנען ער קומט. דער דרום איז באַקאַנט ווי אַן אַגראַר־געגנט. די גראַנדיס זענען דאָרטן פון לאַנגע צייטן געווען די בעלי־בתּים. בעתן בירגערקריג זענען זיי דאָ געווען אונטער פראַנקאָס שוץ און זיך געפירט ווי די אומבאַגרענעצטע הערשער. אַרום נײַנציק פּראָצענט פון דער ערד איז געווען אין זייערע הענט. די איבערוועגנדיקע פּויערים־מאַסע האָט זיך גע־מוזט באַפרידיקן מיט די לעכערלעכע פּאַרצעלאַציעס, ביי וועלכע זיי זענען געבליבן ביז היינט צו טאָג. לעבן האָבן זיי געקאָנט בלויז אויפן סמך פון באַאַרבעטן די פעלדער פון די גראַנדיס. איצט איז די לאַגע ממש טראַגיש. די גראַנדיס מעכאַניזירן זייערע ווירטשאַפטן, לאַנד־אַרבעטער ווערן באַ־זייטיקט אָן רחמנות. די צאָל אַרבעטסלאָזע דערגרייכט שוין איצט איבער צוויי מיליאָן.

— זעסט דאָס ייִנגל, וואָס איז אָקערשט פאַרביי? — האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן — דאָס איז אַ פּופּצניאָריק ייִנגל. ווי ער זאָגט, פאָרט ער צו זיין פאָטער אין פראַנקרייך. ס׳איז ניט אמת. פאַראַן אַ מאַפּיע, וואָס אַנגאַזשירט קינדער אויף אַרבעט אין דרום־פראַנקרייך, ביי די פאַרשיי־דענע פעלדאַרבעטן — אַ מין שקלאַפן־האַנדל. מען זאָל ניט שטערן דעם אַריבערגאַנג איבער דער גרענעץ, איז אָפּגעמאַכט, אַז זיי פאָרן צו זייערע פאַמיליעס. ס׳איז ניט אמת. אַזוי ווערן קינדער אַרויסגעריסן פון זייערע היימען. ניטאָ קיין אויסוועג. די נויט הערשט אין די פּויערשע שטובן.

כ׳בין אַריבער אויף אַן אַנדערער טעמע:

— ווי זעט אויס די פּאָליטישע לאַגע אין לאַנד? די רעגירונג, די הויכע אינסטאַנצן?

— אומבאַדינגט, די פראַנקאָ־מאַכט איז געבראָכן, אָבער ניט אומעטום. אין די קליינע מקומות, אַפילו אין די גרעסערע שטעט, זענען די נידעריקע אינסטאַנצן שוין אַרויסגעריסן געוואָרן פון די פראַנקיסטישע הענט. אין וואַלענציע, באַרצעלאָנע און מאַדריד זענען געענדערט געוואָרן די נעמען פון פאַרשיידענע גאַסן און בולוואַרן, וועלכע האָבן געהייסן נאָך פראַנקיס־טישע גענעראַלן. אין דער רעגירונג, אין אויסערן־מיניסטעריום, אין דער אַרמיי הערשט נאָך אַלץ די אַלטע גוואַרדיע, הערשן נאָך אַלץ די אַלטע פּרינציפּן. דאָ און דאָרטן ענדערט מען אַן אַלט געזעץ, מען פירט אַדורך אַ נייעם. אַלץ קומט פאָר אין גראַנגל, אָבער אָן סאָציאַלע אויפטרייסלונגען. אָט טאָקע דאָס געזעץ וועגן פענסיעס פאַר די געוועזענע קעמפער פון דער רעפּובליקאַנער אַרמיי איז איינס פון די דאָזיקע געזעצן. ניט לייכט געווען עס דורכצופירן. דאָס לאַנד נייטיקט זיך אין סאָציאַלע רעפאָרמען אָבער יעדער געזעץ לטובת די אַרבעטער טרעפט אָן אויף אַ ווידערשטאַנד.

— וואָס זשע מיינסטו, אַנהייבן פון ס׳ניי אַ באַוואָפנטן קאַמף?

— ניין, דאָס ניט. אָבער דאָך, מען שפּילט זיך מיט זיי צו פיל... — באַקום איך אַן ענטפער.

— ווי האַלטסטו — בין איך צוגעטראָטן צו דער לעצטער פראַגע — קען איך זאָגן, אַז איך בין איינער פון דער אינטערבריגאַדע?

— נו, ווייסט, שרייען איבער די דעכער דאַרפסטו ניט, אָבער ניטאָ וואָס מורא צו האָבן. שפּאַניע איז איצט אַ פריי לאַנד. ווען עס קומט צו דעקלאַרירן פּאָליטישע איבערצייגונגען, דאַרפסטו זיך ניט היטן.

געווען גוט צו הערן אַזעלכע קלאָרע ווערטער. מיר זענען נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען. לסוף בין איך פאַמעלעך צוריק אַריין אין קופּע. בעתן אַוועקגיין האָב איך דערפילט אַ לייכטן קלאַפּ פון אַ פריינדלעכער האַנט איבער מיין אַקסל. דער רעזערווירטער מאַן, דער דריטער פון אונדזער אָפּטיילונג, איז מיר געוואָרן זייער נאָענט.

ס׳האָט גענומען צופאַלן די נאַכט. מען האָט געעפנט די זיצערטער

פון אינמיטן, פון אויבן. דער קאָנטראָלער האָט אַריינגעבראַכט דאָס בעט־צייג — ליילעכער, קישעלעך, קאָלדרעס.

מיטנדאַכט, ווען מיינע פּאַסאַזשירן זענען שוין געשלאָפן, בין איך אַראָפּ פון געלעגער און אַוועק אין דער ריכטונג פון שפּייזוואַגאָן, געוואָלט טרינקען. ס׳איז געווען אַ לאַנגער וועג דורך אַ סך וואַגאָנען. פון צווייטן קלאַס אָן זענען די וואַגאָנען געווען אַזוי איבערפולט, ניט פאַרצושטעלן זיך. די אָפּטיילונגען זענען געווען באַזעצט און באַלייגט, ממש איינער אויפן צווייטן, און דער דורכגאַנג — איין מענטשלעכע מאַסע. איידער כ׳האָב געשטעלט אַ פוס, האָב איך געמוזט קוקן צי איך שטעל אים ניט אויף אַ מענטשלעכן אֵבר. וואָס כ׳האָב געגעסן און געטרונקען אין שפּייזוואַגאָן, דערמאָן איך זיך בכלל ניט, אָבער דעם וועג אַהין וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

צוריק אויף מיין געלעגער האָב איך נאָך לאַנג געטראַכט, ווי אַזוי מענטשן קומט אויס צו פאָרן נאָך היינט צו טאָג. די באַן־געזעלשאַפטן גיבן איבער אין זייערע פינאַנציעלע באַריכטן פאַר די אַקציאָנערן, וויפל מיליאַ־נען זיי האָבן געמאַכט אין משך פונעם יאָר. ווי אַזוי דאָס איז דערגרייכט געוואָרן, מוז מען זען מיט די אייגענע אויגן.

הינטער מיר איז געלעגן דער דריטער שכן, איצט מיין גוטער באַקאַנ־טער. ער איז געשלאָפן פריי, באַקוועם. ער האָט געוווּסט, פאַר וואָס עס איז טאַקע כדאַי צו באַצאָלן אַ פּאָר גראָשן מער — אַ קלוגער חברה־מאַן לכל־הדעות.

ס׳איז שוין געווען אַרום זעקס אַ זייגער אין דער פרי, נאָך שטאָק־פינצטער, ווען כ׳בין אויפגעשטאַנען, אַוועק זיך וואַשן, ראַזירן. דאָס טואַלעט־צימער איז געווען פריי. כ׳האָב געקענט אומגעשטערט זיך אָפּ־פרישן.

אָנגעטאָן, בין איך געבליבן ביים פענצטער אינעם דורכגאַנג. צו מיר איז, אין אַ ווייל׳ע אַרום צוגעשטאַנען מיין נייער באַקאַנטער. אויף די באַלויכטענע אויפשריפטן האָבן מיר געלייענט די נעמען פון די פאַרביי־לויפנדיקע ערטער: כאַטיוואַ, סיאַ. יאָ, מיר דערנענטערן זיך צו וואַלענציע.

ס'איז געווען האַלב זיבן. דער צוג איז געלאָפן ווי אַ שד, ווי ער וואָלט פליגל באַקומען. וויפל קילאָמעטער אַ שעה? ווער ווייסט? איינס בין איך זיכער — די צוויי שעה פונעם אויפהאַלטן זיך אין גוואַדיקס האָט ער שוין פאַרשלונגען. מיר וועלן זיין אין וואַלענציע זיבן אַ זייגער.

דער צוג איז אָנגעקומען צו דער צייט. כ'האָב זיך האַרציק געזעגנט מיט מיין אַלטן-נייעם פריינד.

# אין וואַלענציע

וואַלענציע איז געווען די ערשטע שטאָט, וועלכע כ'האָב געקענט פון דער צייט פון דער שפּאַנישער רעפּובליק. כ'האָב געבעטן אַ האָטעל נאָענט צום צענטראַלן פּלאַץ, וועלכן כ'האָב געדענקט ווי דעם עמיליאָ קאַסטעלאַר־פּלאַץ. די באַנסטאַציע איז ניט געווען ווייט פון דאָרטן, און אין געציילטע מינוטן בין איך געווען אויפן אָרט. כ'האָב אים דערקענט און ניט דערקענט. ווי תּמיד, אין לאַנגע יאָרן אַרום, ווען מען האָט דאָס אָרט געזען בלויז אין דמיון, זענען די ערטער אויס קלענער. כ'דערמאָן זיך, ווען כ'בין, נאָך יאָרן אָפּזיין אין דער גרויסער וועלט, צוריקגעקומען אין מיין געבורטשטאָט, האָבן מיר די גאַסן אויסגעזען אַזוי קורץ, די הייזער אַזוי קליין, כאָטש ריר אָן דעם דאַך מיט דער האַנט... אויך דער דאָזיקער פּלאַץ האָט מיר אויסגעזען קלענער. די פּאָסט איז געווען אויפן זעלבן אָרט ווי מיט פערציק יאָר צוריק. אַנטקעגן איר איז געווען דער וועג צו דער גרויסער קירך. אויפן פּלאַץ איז געבליבן דער בלומענמאַרק. בלויז דער נאָמען האָט ניט געשטימט. אַ מאָל איז עס געווען, ווי שוין דערמאָנט, דער פּלאַץ פון עמיליאָ קאַסטעלאַר, דער פּאָלקסטריבון. איצט איז עס דער פּלאַץ פון... קאַודיליאָ — „דער פירער". פראַנקאָ האָט אין זיין באַשיידנקייט זיך צוגעאייגנט דעם שענסטן פּלאַץ פון וואַלענציע. דאָרטן איז אויך אַוועקגעשטעלט געוואָרן זיין סטאַטוע — אַ בראַנדזענער רייטער אויף אַ פערד פון בראָנדז. שוין אָווידיוס און נאָך אים פּושקין האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז בראָנדזענע מאָנומענטן זענען ניט די שטאַרקסטע און אַז מען דאַרף עפּעס שטאַרקערס, בכדי דער רום זאָל אָנהאַלטן אויף דורות...

ווען כ'בין אַ ביסל שפּעטער אַריין אין דער באַנק, אַנטקעגן דער סטאַטוע, האָב איך מיטן באַנק־באַאַמטן אָנגעבונדן אַ שמועס און צווישן אַנדערן געפרעגט, צי ער ווייסט ווי דער פּלאַץ האָט געהייסן פריִער. ער האָט גוט געוווּסט און דערביי מיר דערציילט, אַז מען האָט שוין געענדערט דעם נאָמען פון פּלאַץ.

— וואָס זשע זיצט ער נאָך דאָרטן אויפן פערד ? — האָב איך געפרעגט.

— טו מיר אַ טובה און נעם אים אַוועק ! — האָט ער מיך געבעטן...

כ׳האָב טאַקע דעם זעלבן טאָג געלייענט אין דער וואַלענציער פּרעסע אַ לאַנגע רשימה פון גאַסן, פּלעצער מיט נעמען פון פראַנקאָ, זיינע גענע־רעלער און העלדן, וועלכע זענען איצט פאַרביטן געוואָרן דורך אַנדערע, אַלגעמיין היסטאָרישע, פּאָפּולערע פּערזענלעכקייטן. דער פּלאַץ האָט אָבער ניט צוריקבאַקומען דעם פריִערדיקן נאָמען. מען וועט אים איצט רופן : דער פּלאַץ פון וואַלענציער פאָלק.

אין אַ נאָענטן קאַפעהויז האָט אַ פאַרקויפערין קריטיקירט דעם דאָזיקן נאָמען :

— וואָס הייסט פון וואַלענציער פאָלק ? אַלץ איז פון וואַלענציער פאָלק, ניין ?

יאָ, מען האָט אַ סך געענדערט, אָבער, ווייזט אויס, מען קען ניט ענדערן אַלץ ווי מען וויל און אויף איין מאָל.

כ׳בין דערנאָך אַוועק אויף אַ שפּאַציר איבער די וואַלענציער גאַסן און פּלעצער. אין צענטער האָט זיך כמעט גאָרניט ניט געענדערט, אָבער אַרום און אַרום איז די שטאָט אויסגעבויט געוואָרן. אין פאַרגלייך מיט שטעט ווי גראַנאַדאַ, סעוויליאַ, קאָרדאָוואַ, האָט וואַלענציע ניט קיין סך אָנצובאָטן. אַ רושם מאַכט דער מוזיי פון פאָרצעליי און עמאַל, וואָס איז אַוודאי איינער פון די רייכסטע פון דעם מין אין דער וועלט. די עקספּאָ־נאַטן פון די עלטסטע צייטן ביז היינט צו טאָג, די פאַרשיידנסטע כלים און אַרטיקלען וואָס מען האָט אַ מאָל געשאַפן אין פאָרצעליי און עמאַל, האָבן געמאַכט אַ רושם אַפילו אויף אַזאַ פראָפאַן ווי איך !

פון צענטראַלן פּלאַץ בין איך דורך אַ זייטיק געסל אַוועק אין אַמאָליקן יידישן קוואַרטאַל. ווי געוויינטלעך — שמאָלע, ענגע גאַסן, וווּ די זון קען זיך ניט אַריינבאַקומען. די הייזער פאַרמרה־שחורהט, דאָס לעבן לויפט פון זיי אַוועק אין די ווייטע, ברייטע גאַסן...

געהאַט האָב איך אַן אַדרעס פון אַ שפּאַנישן פריינד, וועלכן כ׳האָב באַקענט צווישן די שפּאַנישע פּליטים אין וואַרשע. כ׳האָב געגומען זוכן זיין נאָמען אין טעלעפאָן־בוך און קוים, מיט קונצן אים געפונען. צוליב דער

שפּיל פון צוויי נעמען, וועלכע יעדער שפּאַניער האָט, איז זייער שווער עמעצן צו געפינען, ווען מען ווייסט בלויז איין נאָמען. כ׳האָב אים אָבער געפונען, ווייל כ׳האָב געדענקט זיינע צוויי פאַרנעמען. מיט האַרצקלאַפּן האָב איך אָנגעקלונגען. און יאָ, ס׳איז געווען דער ריכטיקער טעלעפאָן־נומער. ס׳האָט געענטפערט די פרוי. אַלץ האָט געשטימט, בלויז... מיין פריינד איז געשטאָרבן מיט איין און האַלב יאָר צוריק. זי האָט אָבער באַשטאַנען, כ׳זאָל קומען זי באַזוכן.

כ׳בין אַהין אַוועק. ס׳איז געווען אין די נייע קוואַרטאַלן, אין אַ מאָדער־נעם בלאָק, וווּ די דירות ווערן געקויפט מיט דער הילף פון מלוכה־הלוואות, בענק (משכנתאות — ווי אין ישׂראל!). די וווינונג איז געווען שיין איינ־געאָרדנט. די פרוי איז געבליבן מיט אַ דערוואַקסענעם זון, ליידער אַן אָפּגעשטאַנענער אין זיין אַנטוויקלונג, וואָס שאַפט אומעטום פּראָבלעמען און ווייטיק. פון דער סאָציאַלער הילף קען מען ניט קיין סך דערוואַרטן, און פּריוואַטע מענטשן, וועלכע זענען גרייט צו באַשעפטיקן אַזאַ יונגן מענטש, טראַכטן ניט וועגן העלפן, זיי זענען פאַראינטערעסירט אין אויסנוצן.

מיר האָבן לאַנג גערעדט וועגן דער צייט, ווען זיי האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס „סאָציאַליסטישע גן־עדן״, פּוילן, און צוריקפאָרן אין פראַנקאָ־שפּאַניע. ס׳איז ניט געווען קיין לייכטע צייט. די זיכערקייט־אָרגאַנען זענען זיי נאָכגעגאַנגען אין שפּאַניע, טראָט ביי טראָט. פּרויען האָבן אָנגעטאָן צלמלעך, געגאַנגען אין קירך, אונטערצושטרייכן אַז זיי זענען שוין גוטע קריסטן. חברים האָבן איבערגעריסן די באַציִונגען צווישן זיך — ניט צו באַשווערן דאָס לעבן איינער דעם צווייטן. מיט שווערע באַמיִונגען, אַ ביסל מיט זייטיקער הילף (רוף עס פּראָטעקציע!) איז זיי געלונגען צו קויפן די דאָזיקע דירה און צו דערגרייכן אַ חודשלעכע פּענסיע פון קרוב צו דרייסיק טויזנט פּעזעטאָס, בעת אַ דורכשניטלעכער לוין באַטרעפט איצט אין שפּאַניע אַרום פערציק טויזנט פּעזעטאָס.

אינעם לויף פון שמועס איז אַריינגעקומען די שוועסטער פון מיין פאַר־שטאָרבענעם פריינד מיט איר מאַן. מיר האָבן נאָך לאַנג געשמועסט. דאָס

איז געווען אַ שמועס מיט מענטשן פון אַ גאַנץ יאָר, וועגן פּאָליטישע און סאָציאַלע פּראַגעס. און אַזאַ שמועס גיט מער ווי צען צייטונגען און בראָשורן.

בכדי צו שטילן מיין פּראָפעסיאָנעלן נייגער, בין איך צו מאָרגנס אַוועק אין דער וואַלענציער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק. אויפן סמך פונעם בריוו פון דער ירושלימער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק האָט מען מיך אַריינגע־פירט צום וויצע־דירעקטאָר.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן, ווי געוויינטלעך, אַ פאָרשן מיט די אויגן, מיטן מוח, לסוף האָט זיך איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט, אַן אינטערעסאַנטער, אַ וואַרעמער. ס׳איז געווען אַ פרוי אַרום די פערציקער יאָרן, זייער אַ סימ־פּאַטישע. מיר זענען דערנאָך אַריבער צום גענעראַל־דירעקטאָר, אַ פרוי אַריבער די זעכציק.

ס׳איז אַוועק אַ שמועס וועגן ביבליאָטעק־ענינים אין וואַלענציע, אין ירושלים. די ביבליאָטעק דאָ איז אַ קליינע — אַרום זעקס הונדערט טויזנט ביכער, אין פאַרגלייך מיט דער פון ירושלים — אַרום דריי מיליאָן. מיר זענען אַריבער צו פערזענלעכע פראַגעס און, נאַטירלעך, צו דער גאָר פער־זענלעכער: פון וואַנען כ׳קען שפּאַניש...

כ׳האָב ניט געמאַכט קיין סוד און געזאָגט, אַז כ׳בין איינער פון דער אינטערבריגאַדע.

— אָ, ביסטו איינער פון די! — דאָ האָט די פרוי דירעקטאָר געוויזן אַן אויפגעהויבענע פויסט. — און איך בין איינע פון די — און דאָ האָט זי אויסגעשטרעקט די האַנט צום פאַשיסטישן גרוס.

— ווי איר זעט, זיצן מיר איצטביידע, ביים זעלבן טיש און שמועסן פרידלעך, אָן צו שיסן. כ׳גלייב אַז ס׳איז אַזוי בעסער. ניין?

— כ׳האַלט אַז כאָסע אַנטאָניאָ* איז אין אַ סך פונקטן גערעכט געווען...

— מיין ליבע פרוי דירעקטאָר, די געשיכטע האָט אַ סך געדולד, זי קען וואַרטן. מיר זענען פערציק יאָר נאָך דער בלוטיקער אויפטרייסלונג אין שפּאַניע און מיר שטייען אויפן זעלבן אָרט, ווי דעמאָלט ביים אָנהייב פונעם בירגערקריג, מיט די זעלבע פּראָבלעמען וואָס פאָדערן לייזונג, בלויז דאָס

---

* דער אידעאָלאָג פון שפּאַנישן פאַשיזם, פראַנקאָס גייסטיקער פאָטער.

וואָס אַ מיליאָן מאַמעס באַוויינען זייערע קינדער. איז ניט בעסער צו זיצן ווי מיר זיצן איצט דאָ און דערליידיקן ענינים אויף אַ פרידלעכן אופן?

כ׳האָב זיך באַמיט צו זיין קאָרעקט, ניט אָנגרייפעריש, ניט דערמאָנט, אַז דאָס האָט פראַנקאָ געוואָלט „העלפן" דער געשיכטע און גורם געווען די שרעקלעכע בלוטבאָד. צו וואָס זאָל איך אָנהייבן דעם וויכוח? פאַראַן אַ זאַך וואָס מען קען ניט גוט מאַכן — דאָס זענען די געפאַלענע. אָבער ווער טראַכט וועגן דעם?

מיר זענען צוריק ביי פּראָפעסיאָנעלע ענינים. כ׳האָב געוואָלט זען ביכער פון דער אַמאָליקער תקופה פון ייִדן אין שפּאַניע. מען האָט מיר געוויזן אַלטע מאַנוסקריפּטן, פּרעכטיק אילוסטרירטע, אָבער קיין ייִדישע ספרים זענען צווישן זיי ניט געווען. אפשר זענען דאָרטן יאָ פאַראַן אַזעלכע, אָבער זיי האָבן דערוועגן ניט געוווּסט.

קיין סך האָב איך דאָרטן ניט געלערנט, אָבער זיי, נאָך מיין אַוועקגיין, האָבן אַוודאי געטראַכט וועגן דעם, וואָס איז געקומען פון ירושלים, וואָס איז געווען אין שפּאַניע, אין יענע טעג...

כ׳בין אַוועק אויפן וואַלענציער מאַרק — האַלעס אונטער אַ דאַך. וואָס דאָרטן איז אַלץ געווען פאַר פלייש, ווורשט, עסנוואַרג, אויבס, גרינס — אין וואָס פאַר אַ צאָל און קוואַליטעט! ס׳האָט זיך געצויגן אין דער לענג און אין דער ברייט. כ׳האָב ניט געהאַט געזען דעם וואַלענציער גרינוואַרג־גאָרטן, די הוערטאַ וואַלענסיאַנאַ — דאָ האָב איך אים געזען. וואָס פאַר אַ שפע! אַפילו קענענדיק די מערק פון מערב און אַמעריקע, מאַכט עס אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק. וואָס דער מענטש איז אַלץ בכוח צו שאַפן און ברענגען אויפן מאַרק!

די וואַלענציער ערד איז זייער אַ רייכע. עך, רייכע, אוקראַיִנישע ערד, ווי אָרעם דו ביסט!..

# באַרצעלאָנע

צו מאָרגנס, גאַנץ פרי, האָב איך מיטן עלעקטרישן צוג פאַרלאָזט וואַלענציע און געפאָרן קיין באַרצעלאָנע. דער וועג איז געגאַנגען פּאַזע ים. פון דער יבשה־זייט האָבן זיך געצויגן די וואַלענציער פעלדער, וועמענס פרוכפּערדיקייט, באַגאָסן מיט מענטשלעכן שווייס, שאַפט עס די רייכקייט, וואָס אַ טייל פון איר האָב איך נעכטן געזען אויפן היגן מאַרק. מען פאָרט פאַרביי מערערע פּרעכטיקע פּליאַזשעס. ס׳נעמט אַ חשק אַראָפּצוואַרפן די קליידער, אַריין אין וואַסער, קושן זיך מיט די כוואַליעס. אַ פּרעכטיקער וועג אין אַ זוניקן טאָג. די פּאָר שעה אין באַן זענען פאַרביי ניט צו באַמערקן.

כ׳בין אָנגעקומען אין באַרצעלאָנע ביי טאָג. ס׳איז געווען זונטיק. כ׳האָב זיך אָפּגעזוכט אַ האָטעל, נאָענט צו דער ראַמבלאַ. שטאַרק געוואָלט ווינען נאָענט צום צענטער.

באַרצעלאָנע האָב איך פון פריִער ניט געקענט, כאָטש עס האָט געהערט צו דער רעפּובליק. כ׳בין דאָרטן פריִער געווען בלויז אַ פּאָר שעה — אויפן וועג קיין וואַלענציע־אַלבאַסעטע. אָנגעקומען דעמאָלט אַהער, האָט מען אונדז געלאָזט פּאַראַדירן איבער די גאַסן, כדי צו ווייזן, אַז ס׳איז פאַראַן אַן אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט, אַז אַנטיפאַשיסטן פון דער גאַנצער וועלט קומען צו הילף דעם שפּאַנישן פאָלק. מער ווי די באַרצעלאָנער האָבן געקוקט אויף אונדז, די פאַרביימאַרשירנדיקע, האָב איך געקוקט אויף די טראָטואַרן, בעת אונדזער דורכמאַרש. קיין באַזונדערן ענטוזיאַזם האָב איך ניט באַמערקט. ערשט שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען די סיבה דערפון: באַרצעלאָנע איז געווען די פעסטונג פון שפּאַנישן אַנאַרכיזם. אין באַרצעלאָנע איז אויך געווען אַ שטאַרקער קערן פון טראָצקיסטן (פּ.א.או.מ.), פּ.ו.מ., ווי מיר האָבן זיי גערופן. די דאָזיקע פּאַרטייען האָבן אין אונדז געזען, און ריכטיק, אַ פאַרשטאַרקונג פאַר זייער קעגנער, די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. די איבערפולטע גאַסן מיט ציווילע, ניט באַוואָפנטע, האָט ביי מיר אויפגעוועקט

די פראַגע: צו וואָס ברענגען מענטשן פון אויסלאַנד, ווען אין לאַנד איז פאַראַן אַזאַ גרויסער מענטשן־רעזערוואַר? כ׳האָב נאָך דעמאָלט ניט פאַר־שטאַנען דעם באַטייט פון אַ פּאָליטישן כּוחות־באַלאַנס און געהאַט וועגן וואָס צו טראַכטן בעת יענעם דורכמאַרש. ניט געווען קיין צייט צו זען די גאַסן. דערנאָך האָב איך געהערט פון חברים, וואָס זענען געווען אויפן צפון־פראָנט, נעמען פון פּלעצער, אַלעעס, וועגן געשעענישן וועלכע האָבן זיך דאָ אָפּגעשפּילט. איצט האָב איך געטראָטן איבער באַרצעלאָנע מיט פרייע, רויִקע טריט, מיט אַ ווילן צו זען, צו באַקענען די ערטער נעענטער.

צו דער ראַמבלאַס האָב איך געהאַט אַ פּאָר טריט און אַוועק אַהין.

ווי אַזוי באַצייכענען די ראַמבלאַס? לאָמיר פּרוּוון פאַרגלייכן מיט עפּעס ענלעכס אין ישׂראל. לאָמיר זאָגן, די שׂדרות־רוטשילד אין תּל־אָביב. ניין, דאָס קען מען ניט פאַרגלייכן. אין באַרצעלאָנע איז דער אינערלעכער טייל, די פּראָמענאַדע צווישן די צוויי רייען בענק, צוויי מאָל אַזוי ברייט און די לענג פון די ראַמבלאַס איז אָן אַ סוף. ביידע זייטן פון דער פּראָמענאַדע זענען אויסגעפּילט מיט בלומען־קיאָסקן. ביידע זייטן פון שאָסיי זענען אויס־געפּילט מיט געשעפטן, רעסטאָראַנען, און איבער אַלעם פליסט אַ שטענ־דיקער מענטשנשטראָם. דאָ און דאָרטן מישן זיך אַריין קלאַנגען פון צופּע־ליקע מוזיקער. מענטשן, בלומען און מוזיק מישן זיך צונויף אין איינעם — שווער, שווער צו געפינען אַן אָרט, וואָס מען זאָל קענען פאַרגלייכן מיט די ראַמבלאַס. פאַרגלייכן עס מיט דער עספּלאַנאַדע, וואָס גייט פון דער וואַשינג־טאָן־קאָלאָנע צום קאַפּיטאָל? יאָ, די עספּלאַנאַדע איז אַפילו ברייטער, אָבער ניטאָ דאָרטן די מוזיק, די בלומען, דאָס לעבעדיקייט. ווען איך די ראַמבלאַס ניט פאַרגלייכן נאָר סתּם שפּאַצירן איבער זיי, זיך צוקוקן צום אַרום, און ס׳איז דאָ וואָס צו זען. מענטשן קומען, גייען, לאַכן, שרייען. די צוגעפּעס־טיקטע בענק זענען פול באַזעצט. פון די צוגעשטעלטע שטולן מוז אַן אַל־טיטשקער אויפשטיין. ער האָט ניט באַצאָלט דעם קאָנטראָלער און דער דאָזי־קער פאָדערט דאָס זייניקע — ביזנעס איז ביזנעס!

ס׳איז אַ נאָכמיטאָג. כ׳וועל שוין היינט ניט גיין אין ערגעץ. היות כ׳האָב ווידער אַן אַדרעס פון אַ שפּאַנישן פריינד, וועלכן כ׳האָב געקענט אין וואַר־שע, וועל איך פּרוּוון אים אויפזוכן. ס׳איז תּמיד גוט זיך צו טרעפן און

שמועסן מיט פריינד. דאָס צווינגט אויך צו אַנטדעקן נייע קוואַרטאַלן — אַ קוק טאָן אַ ביסל ווייטער פון שטאָטצענטער.

צו ערשט בין איך געפאָרן מיטן אויטאָבוס צו דער פּלאַזאַ דע עספּאַ־ניאַ און דערנאָך צו־פוס דורך אַ לאַנגער האַנדלס־גאַס. כ׳בין געגאַנגען און געגאַנגען, ביז לסוף דערגאַנגען. ווידער אַ מאָל בין איך געשטאַנען פאַר אַ הויכן מאָדערנעם בלאָק, שיין, ריין, מיט אַ וועכטער ביים איינגאַנג.

מיין פריינד איז אַן אינוואַליד פון בירגערקריג. ער האָט אַ ביסל אַ צעטיילט לעבן. זיין פרוי איז פון דרום־פראַנקרייך. דאָרטן האָבן זיי אַ קליין הויז, וואָס איז געבליבן פון אירע עלטערן. זייער איינציקער זון, אַן אינזשע־ניר, לעבט און אַרבעט אין פּאַריז. טרעפט זיך די משפחה איין מאָל אין יאָר, אין דרום־פראַנקרייך, אינעם משפחה־הויז. אַ גאַנץ יאָר לעבט מיין פריינד אין באַרצעלאָנע אָפּגעזונדערט פון אַלטע פריינד. ניט געוווּסט אַפילו, אַז אונדזער פריינד פון וואַלענציע איז געשטאָרבן, אַז זיין משפחה לעבט דאָרטן.

גוט געווען זיך צו טרעפן. ווידער אַ מאָל, אין פּערזענלעכן שמועס ווערן די זאַכן אַ סך בולטער. דאָס לעבן איז שווער. די פּענסיע — אַ נישטיקע. די רעגולערע הכנסה איז פון איבערזעצן בולוואַר־ראָמאַנען פון ענגליש אויף שפּאַניש. ער האָט מיר געוויזן הויפנס אַזעלכע איבערגעזעצטע ביכער. אַן אַרבעט וואָס פאָדערט ניט קיין מי. מען צאָלט לויט דער צאָל זייטן און דאָס — אַ זייער נידעריקן פּרייז. קענטיק, פון דער פּרויס זייט פאַלט אויך עפּעס אַריין. נו, מען לעבט. ער האָט דערביי אַ סך פרייע צייט. אין פּוילן האָט ער געשריבן דערציילונגען, וועלכע ער האָט אָפּט פּובליקירט אין דער פּרעסע. דאָ שרייבט ער ניט. קיין שום מעגלעכקייט עפּעס צו פּובליקירן.

מיר האָבן לאַנג געשמועסט וועגן אונדזערע פריינד, וועלכע זענען גע־בליבן אין פּוילן, זייער האַלטונג, אַנטוויקלונג. כ׳האָב פאַרשטאַנען זיין פּאָ־ליטישן צוגאַנג. ער דערוועגט זיך ניט איבערצורייסן מיט דער באַוועגונג. מען דאַרף קענען די לאַגע דאָ. דאָס מאָל בין איך געווען ביי אים אַ קורצע צייט. כ׳בין דאָך געקומען אומגעריכט. כ׳בין פאַרבעטן געוואָרן אויף אָוונט־ברויט אין צוויי טעג אַרום. וועלן מיר ווייטער שמועסן.

צו מאָרגנס בין איך אַרויס אויף אַ לאַנגן שפּאַציר. בין געגאַנגען אין דער ריכטונג צו דער קאַטעדראַל. ווי געוויינטלעך, איז עס אין אַלטן טייל

שטאָט. דורכשניידנדיק די ראַמבלאַס, בין איך אַוועק אין גאָטישן קוואַר־טאַל. דעם וועג האָבן געצייכנט חנוודיקע, אַלטע הייזלעך. און צווישן זיי — די איבערבלייבענישן פון דער געטאָ־מויער און אַ געסל מיט אַ פּיל זאָגנדיקן נאָמען: קאַל דע קאַל, אַ דעפאָרמאַציע פונעם וואָרט קאַליע דעל קהל, מיט אַנדערע ווערטער — די גאַס פון קהל, בעסער געזאָגט: די ייִדנגאַס.

ס׳איז געווען מאָנטיק אין דער פרי. אָבער די גאַסן האָבן געהאַט אַ יום־טובדיק פּנים. ס׳איז געווען דער טאָג פון באַרצעלאָנעס הייליקן. אַרום פּלאַץ פון דער כּענעראַלידאַד (שטאָטראַט) האָט זיך געזאַמלט אַן עולם. אַ רייטער־אָפּטיילונג אין פּאַראַד־מונדירן, אין שאַקאָס, באַצירטע מיט פעדערן, האָבן אויסגעגלייכט די רייטעררייַ. באַלד וועט אָנקומען דער שטאָט־פּרעזי־דענט כּדי צו עפענען די פייערלעכקייטן. גאַנץ באַרצעלאָנע וועט זיך נעמען פרייען אויף אַ געגעבענעם סיגנאַל. און די באַרצעלאָנער זענען אַ פריילעכע חברה. מען דאַרף זיי ניט לאַנג בעטן, זיי זאָלן פריילעך זיין. פייערלעכקייטן, שפּילן וועלן היינט אויספילן די פּלעצער, די גאַסן, די שטאָט.

דערווײַלע בין איך אַוועק ווייטער איבער די שמאָלע געסלעך, פּאַ־סאַזשן פון גאָטישן קוואַרטאַל, צו דער מעכטיקער קאַטעדראַל, און לסוף בין איך שוין אין באַרצעלאָנע, אין זעלטענעם מוזיי, געווידמעט אין גאַנצן פּיקאַסאָ. דער מוזיי איז איינגעאָרדנט אין אַ פּרעכטיקן הויז און שפּיגלט אָפּ בעיקר די פרי־יאָרן פון זיין שאַפן. דער שעפער פון גוערניקאַ שטייגט דאָ פריי אויף אונטערן שפּאַנישן הימל, צום שטאָלץ פון זיינע לאַנדסלייט. דער כּוח פון קונסט האָט זיך ווידער אַ מאָל באַוויזן שטאַרקער צו זיין ווי דער כּוח פון דער שווערד. פראַנקאָס באַמבעס און דערציִונג האָבן ניט געהאָלפן.

נאָך מיטאָג בין איך אַוועק אויף דער פּלאַסאַ דע עספּאַניאַ און פון דאָרטן — אויף די הייכן פון מאָנטכויך. אין מאָנטכויך איז אַ מאָל איינגעַ־אָרדנט געוואָרן אַ וועלט־אויסשטעלונג. געבוג אָרט דאָרטן פאַראַן. נאָך איצט שטייען דאָרטן די געבליבענע פּאַוויליאָנען, וועלכע דינען ווי פאַרוויילונגס־ערטער, טעאַטער־ און קאָנצערט־זאַלן. דער גאַנצער באַרג איז אַ מעכטי־קער פּאַרק, צום פאַרגעניגן פון דער באַרצעלאָנער באַפעלקערונג, וועלכע קומט מיט אירע פאַמיליעס פאַרברענגען יעדן זונטיק און יום־טוב — אַ

סאָרט ווינער פּראַטער. פונעם שפּיץ באַרג שפּרייט זיך אויס אַ פּרעכטיקע פּאַנאָראַמע — באַרצעלאָנע און איר פּאָרט.

פון מאָנטכויך בין איך אַוועק, באַרג־אַראָפּ, צו פוס. אַ שאָד דעם וועג דורכצופאָרן שנעל! אויפן וועג בין איך אַריין באַזוכן פּועבלאָ עספּאַניאָל. „פּועבלאָ" האָט אין שפּאַנישן צוויי באַטייטן. ס'הייסט — פאָלק, ס'הייסט אויך — שטעטל. אין דעם פאַל איז עס אַ ספּעציעל אויפגעבויטער מאָדעל פונעם טיפּישן שפּאַנישן שטעטל: זיינע גאַסן, פּלעצער, קירכן, הייזער, געשעפטן, וואַרשטאַטן. שפּאַצירנדיק דאָ פילט מען זיך ווי אין איינעם פון די שטעטלעך אין אַראַגאָן, אַנדאַלוזיע, גאַליציע. אַלץ איז איינגעוויקלט אין אַ ראָמאַנטישן שלייער, אין בעסטן טעם.

כ'בין צוריק אַוועק צו דער כענעראַלידאַד. אויף די ראַמבלאַס איז דער יום־טוב געווען אין פולן גאַנג. אַ לאַנגער צוג פון פאַרשיידענע גיגאַנטישע פיגורן — פאַלקסהעלדן, הייליקע — האָט געצויגן דורך די ראַמבלאַס מיט געזאַנג און טאַנץ.

דער פּלאַץ פון דער כענעראַלידאַד איז געווען פול מיט מענטשן און מוזיק. דאָס פאָלק פון באַרצעלאָנע האָט געטאַנצט זיין סאַרדאַנאַ — אַ ליבער, סימפּאַטישער פאָלקסטאַנץ, אין וועלכן יעדערער קען זיך אָנשליסן, ווען ער וויל, אין וועלכער גרופּע ער וויל. עס טאַנצט יונג און אַלט, האַלטנדיק זיך האַנט ביי האַנט אין דער הויך, צו דער מעלאָדיע וואָס דריקט אויס די ליידן און האַרציקייט פון קאַטאַלאַנישן פאָלק.

ווען פראַנקאָ האָט פאַרנומען באַרצעלאָנע, איז די ערשטע זאַך וואָס ער האָט געטאָן, געווען — דערשיסן דעם מוטיקן, האַרציקן פּרעזידענט פון קאַטאַלאָניע, לויִס קאָמפּאַניס, און טאַקע אויף די הייכקייטן פון מאָנטכויך. די ידיעה וועגן זיין דערמאָרדן איז דערגאַנגען צו אונדז, ווען מיר זענען געווען אין איינעם פון די ערגסטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דרום־פראַנקרייך, אין ווערנעט. אונדזערע שפּאַנישע מיטגעפאַנגענע זענען געווען שטאַרק געטראָפן פון דעם באַרבאַרישן טאַט. אויך מיר, ניט שפּאַניער, זענען געווען טיף גערירט פון דער ידיעה. מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אין אַ באַראַק, און באַערט מיט שווייגן דעם אומגעקומענעם. וועקסלער, אונדזער רומענישער חבר, אַ פעיִקער מוזיקער, האָט אויף זיין ציִ־האַרמאָניע געשפּילט אַ סאַר־

דאַנאַ, דעם האַרציקן ניגון פֿון קאַטאַלאָנישן פֿאָלק. כ׳האָב זיך איצט צוגע־הערט צו די זעלבע טענער, אין גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען, און געטראַכט וועגן לויִס קאָמפּאַניס, וועגן וועקסלערן וואָס איז אומגעקומען ערגעץ אין אַ נאַצי־לאַגער. ס׳איז מיר געוועזן זייער טרויעריק. ווער פֿון די טאַנצנדיקע אויפֿן פּלאַץ וואָלט זיך פֿאַרגעשטעלט דאָס טרויער־געפֿיל פֿון סתם אַ פֿרעמדן, וואָס איז צופֿעליק געקומען קיין באַרצעלאָנע אינעם דאָזיקן טאָג פֿון איר יום־טובֿ? די באַרצעלאָנער האָבן געטאַנצט זייער סאַרדאַנאַ, געווען גליקלעך אין דאָזיקן פֿרידלעכן טאָג. זייער גליק איז געווען רירנדיק. כ׳האָב עס זיי פֿאַרגונען פֿון גאַנצן האַרץ.

ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, ווען כ׳בין אַריין אין אַ כינעזישן רעס־טאָראַן צו אָונטברויט. בעת מען עסט די כינעזישע שפּייזן, איז שווער צו אונטערשיידן וואָס איז פֿלייש און וואָס איז פֿיש. נאָך דעם דאָזיקן טאָג, שווער אָנגעלאָדן מיט איינדרוקן, האָב איך באמת ניט געוווּסט, וואָס איז פֿלייש און וואָס איז פֿיש...

צו מאָרגנס בין איך אַוועק קיין מאָנטסערראַט, אַ זעכציק קילאָמעטער פֿון באַרצעלאָנע. מען פֿאָרט צווישן פֿעלדער, קליינע שטעטלעך. מאָנטסער־ראַט ליגט אין די בערג, בעסער געזאָגט, צווישן באַרגיקע פֿעלדזן. ס׳זענען פֿאַראַן דאָרטן קלויסטערס, קירכן, אַ פּאָר האָטעלן, רעסטאָראַנען. אַרומ־גערינגלט מיט ריזיקע, מאָלערישע פֿעלדזן, שאַפֿט דאָס אָרט אַן איינדרוק פֿון מאַכט און פֿרייהייט.

כּדי אַרויפֿצוקומען אַהער מוז מען פֿאָרן מיט דער דראָטצײַן־באַן. דער בליק אַראָפּ אין טאָל איז באַצויבערנדיק. די קלויסטערס פֿון מאָנטסערראַט האָבן אַן אַלטע געשיכטע הינטער זיך — שוין פֿון פֿופֿצנטן יאָרהונדערט. צו די קלויסטערס האָט מען צוגעקלעפּט ניט איין נס און לעגענדע, און מענטשן קומען באַוווּנדערן, אָפּריכטן אַ תּפֿילה, און זעען אָפּט ניט דעם ריכטיקן נס — דאָס אָרט אַליין, איינגעראַמט אין אַזאַ ווונדערלעכן און גראַנדיעזן אַרום.

אין רעסטאָראַן פֿון מאָנטסערראַט פֿאַלט מען גלייך אַריין אין לויפֿנדיקן באַנד — אַ טאַץ, אַ טעלער פֿאַר זופּ, פֿאַר פֿלייש, מעסער, לעפֿל, גאָפּל, און ווייטער פֿאָרויס אין דער ריי. וואָס פֿאַר אַן עסן, טרינקען — די קאַסירערין

וואַרט שוין — שנעלער, שנעלער! די ריי באַוועגט זיך, מענטשן ווילן עסן און די בעלי־בתּים ווילן פֿאַרדינען! אויסגעריכט מיט אַלעם, קען מען זיך צוזעצן צו אַ טישל, אָפּאָטעמען. אַרום און אַרום הערסטו אַלע שפּראַכן: פֿראַנצייזיש, ענגליש, דייטש אָבער מערסטנס — פֿראַנצייזיש. דאָס אָרט איז דאָך ניט ווייט פֿון דער פֿראַנצייזישער גרענעץ. די רייזע פֿון פֿראַנקרייך קאָסט ניט קיין סך און די אויטאָבוסן שפּייען אויס זייער פֿולע לאַסט. ווי עס ווייזט זיך אַרויס, קען מען דאָ קומען אויך מיט אויטאָבוסן. וואָס קען מען דען ניט?

צו מאָרגנס בין איך אַוועק זען גאַודיס שאַפֿונג: די קירך פֿון דער הייליקער משפּחה.

כ׳האָב עמעצן געפֿרעגט אין ירושלים, נאָך זיין באַזוך אין באַרצעלאָנע, וואָס ער טראַכט וועגן דער קירך פֿון דער הייליקער משפּחה.

— כ׳וועל זאָגן דעם אמת, כ׳האָב זי ניט באַזוכט. כ׳האָב ניט געגרן ניט קיין פֿאַרענדיקטע הייזער, מיט פּוסטע, ניט־אויסגעפֿילטע פֿענצטער...

אַן אַנדערער פֿריינד מיינער, אַן אַרכיטעקט, אויך פֿון ירושלים, איז געווען פֿול מיט התפּעלות, ווען ער האָט גערעדט וועגן גאַודיס ווערק. נו, בין איך געגאַנגען אַ קוק טאָן אויף דעם, וואָס מען טאָר ניט דורכלאָזן, ווען מען איז אין באַרצעלאָנע.

די ניט־פֿאַרענדיקטע קירך, מיט אירע פּוסטע פֿענצטער (מען שמועסט, אַז מען וועט זי פֿאַרענדיקן אַרום יאָר 2000) שטייט דערווײַלע און וואַרט, ביז מען וועט אָנזאַמלען דאָס געהעריקע געלט...

דאָס פּוסטע האָט מיך ניט געשראָקן. כ׳בין געווען אין פֿאַרענדיקטן טייל. גראָד איז דאָרטן פֿאָרגעקומען אַ תּפֿילה. כ׳האָב באַזוכט דעם ניט־פֿאַרענדיקטן טייל. געווען אומעטום. אַראָפּ ביז אונטן, אַרויפֿגעפֿאָרן מיטן ליפֿט ביז דער העכסטער הייך. געקוקט פֿון נאָענט, געקוקט פֿון ווייטן — דאָס איז אַ קירך, געפֿלאַנירט מיט אַ גרויסן פֿאַרנעם — ווי איין גאַנצקייט. פֿיגורן דאַרפֿן אויספֿילן יעדן ווינקעלע. ס׳איז פֿאַראַן אויפֿן אָרט אַ מוזיי — פֿיגורן, גרופּעס וועלכע דאַרפֿן פֿאַראייביקן יעדן מיטגליד פֿון יוסף דעם סטאָליערס הייליקער משפּחה — אַן אַרבעט פֿון אַ קאָלאָסאַלן פֿאַרנעם, פּשוט אומגלייבלעך, אַז דאָס איז די אַרבעט פֿון איין מענטש. די אַרבעט האָט

געמאַכט אַן איינדרוק אָבער ס׳האָט ניט גערירט. מיר איז זי געווען פרעמד, קאַלט און אומפאַרשטענדלעך. די שיינקייט פון דעם אָדער יענעם פראַגמענט האָט מיר גאָרניט געזאָגט. אַוועקצושטעלן היינט צו טאָג פאַר דער וועלט אַ קירך אין איר פולער, איבערפולער גלאָריע, אָן אַ ברעקל שאָטן פון דער פאַרגאַנגענהייט — און דווקא דאָ אין שפּאַניע! — דאַרף מען זיין אַן אויסערגעוויינלעכער פאַנאַטיקער!

געוויס, פון אינטעלעקטועלן שטאַנדפּונקט איז די שאַפונג פון אַזאַ גיגאַנטישן אָביעקט ניט קיין געוויינלעכע זאַך. אָבער צו וואָס? כ׳גלייב, אַז דער פּשוטער קריסט שעמט זיך אַ ביסל מיט דער דאָזיקער איבערגעטריבנקייט און גייט בעסער אין זיין קליינער, פּאַראַפיאַלער קירך איידער אין אַזעלכע עקסהיביציאָניסטישע אַנשטאַלטן. אויב שוין יאָ אַ גרויסע געביידע, האָט דאָך באַרצעלאָנע איר קאַטעדראַל, און דאָס — גאָרניט קיין קליינע!

אין אָוונט, ביי מיין פריינד, האָב איך אויסגעדריקט מיין צווייפל, וואָס שייך דער קירך פון דער הייליקער משפחה. מיין פריינד האָט אויך ניט אַרויסגעוויזן קיין גרויסן ענטוזיאַזם פאַר איר. ער האָט אָבער געהאַלטן אַ סך פון גאַודי ווי אַן אַרכיטעקט, וועלכן מען דאַרף ניט מישפּטן לויט דער דאָזיקער איינציקער אַרבעט. מיר האָבן וועגן גאַודי לאַנג געשמועסט. צו אַנדערע פראַגעס ניט געקומען — אפשר האָבן מירביידע געוואָלט אויסמיידן אָנצורירן פּערזענלעכע סטרונעס...

מאָרגן נאָך מיטאָג האָב איך באַדאַרפט אַוועק קיין מאַדריד און באַשלאָסן דעם געבליבענעם פרימאָרגן אויסניצן צו זען אויך אַנדערע אַרבעטן פון גאַודי, קוים האַלט מען אים פאַר אַן אַרכיטעקטאָנישן גאָון. גלייך נאָך פרישטיק בין איך אַוועק באַזוכן דעם פּאַרק, באַצירט און פּראָיעקטירט דורך אים.

ס׳איז ניט געווען לייכט אַהין צו קומען. די פאַרבינדונג איז אַ זייער קאָמפּליצירטע — מיטן מעטראָ, מיט אויטאָבוס און צו פוס. אַ סך צו פוס. באַשווערט די זאַך האָט נאָך דער פאַקט, וואָס דער פּאַרק ליגט הויך אויף אַ באַרג. כ׳האָב געשאָלטן און בין געגאַנגען, געשאָלטן און געקראָכן, ביז כ׳בין אַהין אַרויפגעקומען. קיין סך האָב איך דאָרטן ניט געזען. געווען צו

מיד און געהאַט שוין ווייניק צייט. אָבער כ׳האָב ניט באַדויערט, ווייל דאָ האָב איך טאַקע פאַרשטאַנען גאַודיס גרויסקייט: פאַרבינדן דאָס פונקציאָ־נעלע מיטן עסטעטישן. מאַכן דעם שפּילפּלאַץ אויך פאַר אַן עסטעטישן גע־נוס, ווען אין אַלגעמיין באַפרידיקט מען זיך מיטן פונקציאָנעלן טייל.

כ׳בין אַוועק אין האָטעל איינפּאַקן די זאַכן, מאַכן דעם חשבון. דער האָטעל־אוידיטאָר האָט זיך צו מיר, אין משך פון דער גאַנצער צייט, זייער שיין באַצויגן. כ׳האָב זיך ביי אים אַ ביסל פאַרהאַלטן, אָנגעהויבן אַ שמועס. ער האָט אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט מיט מיר:

— איר זענט ענלעך צו אונדז, קאַטאַלאָנער. איר זעט אויס רעזער־ווירט אָבער ווען מען דערנענטערט זיך, פילט מען אַ וואַרעם האַרץ.

זיין „איר" איז געווען אַ קלאָרער — ער האָט געהאַלטן מיין ישׂראל־פּאַס אין האַנט.

— דאָס איז אַ כאַראַקטער־שטריך פון פעלקער, וועלכע האָבן געליטן פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג — האָב איך באַמערקט.

— פון וואַנען קענסטן די געשיכטע פון אונדזער פאָלק? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

כ׳האָב אים דערציילט וועגן מיין ערשטן מאָל זיין אין שפּאַניע, מיינע ידיעות וועגן קאַמף פון קאַטאַלאָנישן פאָלק. ער איז געווען שטאַרק גע־רירט. פון אַ שופלאָד הינטערן טיש, האָט ער אַרויסגענומען אַן אַלבאָם פון באַרצעלאָנע און געבעטן, כ׳זאָל עס נעמען צום אָנדענק. דער אַלבאָם איז ניט געווען קיין גרויסער, אָבער איז מיר דערלאַנגט געוואָרן מיט אַזאַ האַרצי־קער וואַרעמקייט, אַז עס האָט מיך טיף גערירט.

כ׳האָב אויפגעזוכט די דינערשאַפט און זיי געגעבן אַ גוטן טרינקגעלט. ס׳איז געווען אַ האַרציק געזעגענען זיך.

# אין מאַדריד

דער וועג קיין מאַדריד איז געגאַנגען איבער קאַטאַלאָניע, אַראַגאָן, פאַרביי סאַראַגאָסאַ, דורך באַרג און טאָל — אַ רייכער, מאַלערישער וועג.

— שיין! — האָט מיר אַ זאָג געטאָן אַ דערביי שטייענדיקער שפּאַניער, ווען ער האָט געזען ווי כ׳קוק אַ פאַרכישופטער אויף דער אָוונט־לאַנדשאַפט.

יאָ, כ׳האָב געקוקט איצט אויף דער לאַנדשאַפט, וועלכע כ׳האָב גוט געקענט פון מיינע רייזעס איבער די דאָזיקע ערטער אין מיליטערישע לאַסטוואָגנס. וויפל חן עס איז אויסגעגאָסן אויף דער דאָזיקער ערד!

דער האָטעל וועלכן מען האָט מיר אָנגעוויזן אויף דער סטאַציע, איז מיר ניט געפעלן. כ׳בין אַוועק זוכן אַ צווייטן, נאָענט צו דער טעלעפאָניקאַ, אויף דער גראַן־וויאַ. ס׳האָבן זיך דאָ געדרייט טונקעלע טיפּן און ניט ווייניק גאַסנפרויען. קיין געפאַר האָט אויף מיר ניט געלויערט. אַ סך האָבן מיר אויסגעזען צו זיין די זעלבע פון מיט פערציק יאָר צוריק...

אויף דער לעבעדיקער אַרטעריע פון מאַדריד, די גראַן־וויאַ, האָט אַלץ אויסגעזען ווי פריִער. דאָס מאָל אָבער אָן שוצזעק, און אַלץ אַרום האָט גע־ברויזט מיט לעבן. און געווען איז אַרום עלף ביי נאַכט.

ס׳איז געווען, ווי געזאָגט, אויף דער גראַן־וויאַ. אָבער געהייסן האָט זי לויט דער מאַפּע — אַווענידאַ דע כאָסע אַנטאָניאָ. פאַקטיש האָט זי מער ניט געהייסן כאָסע אַנטאָניאָ. מען האָט זי ווידער געענדערט אויף גראַן־וויאַ. ערגעץ אויף אַ וואַנט האָט אַ פאַרלוירענער פראַנקיסט ווידער אָנגעשמירט מיט שוואַרצע פאַרב: כאָסע אַנטאָניאָ. אַ מיאוסע, צעשמירטע אויפשריפט, וואָס קלאַמערט זיך אין דער פאַרגאַנגענהייט. די צייט איז אָבער שוין פאַרביי...

ס׳איז געווען אַ שיינער טאָג, ווען כ׳בין צו מאָרגנס אַרויס אין שטאָט, אויפן וועג צו דער מאַדרידער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק — די קאָמפּלו־טענזיס. די פילשפּראַכיקע ביבל, די קאָמפּלוטענזיס, אַרויסגעגעבן אונטער

דער הערשאַפט פון די שפּאַנישע קאַטוילישע מלכים, איז געווען דער לייכטפּונקט פון דער צייט און מען האָט איר נאָמען געגעבן מערערע הויכע אינסטיטוציעס. דער אוניווערסיטעט אין אַלקאַלאַ דע הענאַרעס האָט אויך באַקומען דעם דאָזיקן הויכן נאָמען. ווען ער איז אַריבער קיין מאַדריד, האָט ער מיטגענומען מיט זיך דעם נאָמען. אין משך פון די הונדערטער יאָרן איז דער הומאַניסטישער לבוש פון דעם אוניווערסיטעט אין גאַנצן אַראָפּגעפאַלן. ס׳איז געוואָרן אַ מעדיצינישע שול, אָן שום שייכות צו שפּראַכן, ביבל. אָבער דער נאָמען איז געבליבן.

די קאַטאַלאָגן, די שענק זענען געווען אַלט, צעבראָכן, אָפּגעניצט אָבער אינעווייניק איז אַלץ געווען יונג און פריש, זייער לאָגיש געפירט. געווען דאָרטן וואָס צו לערנען.

די שעהען זענען גיך פאַרביי. ס׳איז שוין געווען נאָך איינס, ווען כ׳בין אַרויס פון דער ביבליאָטעק און גענומען זוכן דעם וועג צוריק. לויט דער עצה פון אַ יונגן סטודענט בין איך אַריין אין אַן אויטאָבוס, וואָס האָט מיך געבראַכט אויף פּוערטאַ דעל סאָל. פון דאָרטן האָב איך באַדאַרפט נעמען אַ פאַרבינדונג צום פּראַדאָ. כ׳בין געשטאַנען און געוואַרט. ס׳האָבן געוואַרט נאָך מענטשן. איין פרוי האָט צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט. איז עס ניט געווען פּעפּיטאַ, די טאָכטער פון דאָן ראַפאַעל, פון יענער משפּחה וועלכע כ׳האָב געקענט פון דער צייט פון בירגערקריג? ווען כ׳האָב פאַרלאָזט די משפּחה פון דאָן ראַפאַעל, איז זי אַלט געווען אַרום זיבעצן. איצט, אין פער־ציק יאָר אַרום, איז זי שוין געווען אַרום די זעכציק. ווי דערקענט מען אַ פרוי נאָך אַזאַ לאַנגער צייט? כ׳האָב געקוקט, געפּאָרשט מיט די אויגן, דאַכט זיך אַז זי אויך — נאָר גיי ווייס... כ׳האָב ניט געהאַט דעם מוט צוצוגיין און פרעגן: „פּעפּיטאַ?" כ׳האָב אויך ניט געהאַט די צייט אָנצונעמען זיך מיט מוט. אַן אויטאָמאָביל איז אָנגעקומען. זי איז אַוועק, פאַרשוונדן. אוי, באַ־דויער איך, וואָס כ׳האָב ניט אַ פרעג געטאָן!

נאָך מיטאָג בין איך אַוועק זיך טרעפן מיט מיינער אַ מיטאַרבעטערין פון וואַרשע, וועלכע האָט זיך דאָ געפונען צייטווייליק. מיר האָבן זיך ניט געזען איבער פערצן יאָר. ס׳איז געווען אַ ליבע באַגעגעניש. מיין מיטאַר־בעטערין איז פאַר דער צייט זייער אַלט געוואָרן. כ׳האָב עס איר ניט גע־

זאָגט. ווי איך האָב אויסגעזען נאָך די פערצן יאָר, ווייס איך ניט. זי האָט עס מיר אויך ניט געזאָגט. מיר זענען ביידע געווען גוט דערצויגן...

מיר זענען אַוועק אויף פּלאַזאַ־מאַיאָר, אַ מעכטיקער פּלאַץ, אַרומגעצ־רינגלט מיט הייזער אין אַ פּירעק. אין די הייזער אונטן — קראָמען, קאַפע־הייזער, איבערגעריסן דאָ און דאָרטן מיט דורכגעגנג צו פאַרשיידענע גאַסן, דער עיקר — צום פאַרוויילונגס־טייל, צו די קאַבאַרעטן, פלאַמענקאָ־הייזער, רעסטאָראַנען. אין מיטן פּלאַץ געפינט זיך דאָס אומבאַדינגטע דענקמאָל פון אַ קעניג אויף אַ פערד. דער פּלאַץ דערמאָנט דעם פּאַריזער וואַנדאָם־פּלאַץ, אָבער כ׳מיין אַז דער מאַדרידער איז אָנגענעמער, אינטימער. מען דאַרף זיך אָבער ניט לאָזן נאַרן דורכן אויסערלעכן גלאַנץ. אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ זענען אַמאָל פאָרגעקומען פערדגעיעגן און אויטאָ־דאַ־פעען, פון די וואָס האָבן געלייקנט געוויסע דאָגמעס פון דער קירך. דאָס איז פאָרגעקומען אַפילו אָנהייב אַכצענטן יאָרהונדערט, ווען אין שפּאַניע זענען שוין לאַנג קיין ייִדן ניט געווען. אָבער דאָס איז אַ קנאַפּע נחמה...

מיר האָבן זיך צוגעזעצט צו אַ טישל אין דרויסן, אויף אַ קאַווע און זיסקייטן. מיין געוועזענע מיטאַרבעטערין איז שוין געווען אין שפּאַניע און אין מאַדריד מערערע מאָל. ס׳האָבן אינדז ביידע קיין ידיעות וועגן שפּאַניע ניט געפעלט. דערנאָך זענען מיר אַוועק איבער מאַדריד. די גאַסן זענען געווען פול געפּאַקט, מען האָט באַדאַרפט זיך האַלטן ביי דער קעשענע... די גאַסן, מיר גוט באַקאַנטע פון פריִער, האָבן זיך אין צווישן געענדערט, ווען ניט אין דער פאָרעם, איז אין אינהאַלט — צום שלעכטן.

כ׳האָב זיך אָפּגעשמועסט מיט מיין מיטאַרבעטערין אויף איבער מאָרגן, אויף מיטאָג. מאָרגן וועל איך אַרויספאָרן קיין טאָלעדאָ.

— זאָלסט דאָרטן באַזוכן דעם קאַטעדראַל — האָט זי ווי יעדע גוטע קריסטין, מיר אָנגעזאָגט ביים געזעגענען זיך.

# אין טאָלעדאָ

דעם וועג פון וואָקזאַל ביזן צענטראַלן פּלאַץ אין טאָלעדאָ, דעם זאָקאָ־דאָווער, האָב איך געמאַכט צו פוס. כ׳האָב געוואָלט זען די וועגן, בריקן, וועלכע זענען געבליבן פון די וויזיגאָטן. ס׳איז געווען אַ לאַנגער וועג, באַרג־אַרויף, אָבער ס׳איז כּדאַי געווען!

פון זאָקאָדאָווער פּלאַץ בין איך געגאַנגען זען די שול, ווי די שפּאַניער רופן זי — לאַ סינאַגאָגאַ דעל טראַנסיטאָ. ווי זאָל איך עס פאַרטייטשן? מסתּמא — דאָס בית־הכּנסת פון די עוברי־דרך. דער דאָזיקער, אויסער־לעך באַשיידענער בנין, מאַכט אַ מעכטיקן איינדרוק. דער בנין איז ליידיק אָבער עס זענען געבליבן די ווענט מיט אויפש,,ריפטן — פּסוקים פון תּהילים, אין אַ זייער קלאָרער פאָרעם. די באַגלייטער־פירער ריידן וועגן מיסטישע, קבלה־סימנים אויף דער וואַנט, וועלכע קיינער ווייסט הײַנט ניט, וואָס זיי ווילן זאָגן. און איך שטיי און לייען ווי פון מיין סידורל: „אשרי יושבי ביתך עוד יהללוך סלה... זכור נפלאים אשר עשה...״ און נאָך און נאָך פּסוקים אַרום און אַרום. אמת, דאָ און דאָרטן איז שווער צו לייענען דעם טעקסט. ווייזט אויס, אַז ביים רעסטאַווירן די שול האָבן די שפּאַניער אויפגעהויבן אַ טייל פון די אַראָפּגעפאַלענע אותיות און ניט שטענדיק זיי צוריקגעשטעלט אויף די ריכטיקע ערטער.

די ווענט אַליין ריידן פאַר זיך.

אויף דער מיזרח־וואַנט זעט זיך דאָס אָרט פון אָרון־הקודש. די וואַנט איז פול מיט פּרעכטיקע נישעס, אויסגעפילטע מיט פרעסקן, שטוקאַטורן. איבער זיי מערקן זיך די פענצטערלעך פון דער ווייבערשער שול. דאַכט זיך אַז אָט־אָט, נאָר וואָס, האָבן די ייִדישע פרויען אָפּגעווענדט פון דאָרטן זייער בליק. די שטילקייט אין דעם בית־הכּנסת רעדט, שרייט פּשוט אויס די טראַגעדיע, וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעשפּילט, ווען דער בויער פון דער שול,

רב שמואל הלוי, דער גרויסער פינאַנסירער און יועץ פון קעניג פּעדראָ דעם ערשטן, איז פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט.

די ווייטערדיקע זאַלן זענען פאַרוואַנדלט אין אַ מוזיי, געווידמעט דעם אַמאָליקן ייִדישן שפּאַניע. באַקאַנטע אונדז טיילן פון מצבות, כּתובות, הייליקע שריפטן, תּשמישי־קדושה — אַ פאַרבנרייך לעבן איז דאָ פאַרשטיינערט געוואָרן. קוקסט אויף זיי און ווערסט אויפגעציטערט. דאָס אַלץ איז רעסטאַווירט געוואָרן, ווי דאָס גאַנצע בית־הכּנסת. גלייך מיטן פאַרטרייבן די ייִדן פון שפּאַניע איז דער בנין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קירך. עס זענען אַריינגעשטעלט געוואָרן הייליקע בילדער און אויפן דאַך איז אַרויפגעשטעלט געוואָרן אַ צלם. איצט האָט מען די הייליקע בילדער און פיגורן באַזייטיקט. זיי וואָלטן שאָקירט די אַמעריקאַנער טוריסטן־ייִדן, אָבער דער צלם אין דרויסן, הויך איבערן בנין, איז געבליבן ווי אַ שאַנדפלעק פון טראַגישן עבר.

ניט ווייט פון דער סינאַגאָגאַ דעל טראַנסיטאָ געפינט זיך די סינאַגאָגאַ דע סאַנטאַ מאַריאַ לאַ בלאַנקאַ. די דאָזיקע סינאַגאָגע איז מיט אַ צוויי הונדערט יאָר עלטער פון דער שול פון ר׳ שמואל הלוי. געבויט פריִער, אין דער צייט פון די אַראַבישע הערשער, האָט זי באַקומען די פאָרעם פון די אַראַבישע מעטשעטן — ענלעך, ווען אין קלענערן מאַשטאַב, צו דער קאָרדאָווער מעסקיטאַ. צענדליקער זיילן, האַלב־בויגנס, איינגעהילטע אין אַלעבאַסטער. אמת, די פייערלעכע פאָרעם נעמט אַוועק די אינטימקייט פון אַ שול, אָבער דער אינערלעכער אויסזען צווינגט אַרויף באַוווּנדערונג. מען פילט נאָך די הייליקע פיגורן, וועלכע מען האָט דאָ געהאַט אַריינגעשטעלט אין די נישעס און זענען איצט אַוועקגענומען געוואָרן, כּדי צו רעסטאַווירן דעם ייִדישן מקום־קודש. וואָס מאַכט מען ניט, בכּדי צו ציִען געלט פון ייִדישע טוריסטן? אָבער דער קריסטלעכער קירכן־היעראַרכיע איז שווער צוריקצוגעבן דאָס געגזלטע. זיי האָבן צוריקגעגעבן דאָס געבעטהויז, צוגעגעבן, אַז ס׳איז אַ סינאַגאָגע, אָבער געלאָזט דעם אומגעלומפּערטן צולאָג. אַזוי קומט אויס, אַז עס איז טאַקע אַ סינאַגאָגע אָבער פון דער הייליקער מאַריאַ, די ווייסע...

געווען, געווען אַ ייִדישע שטאָט, טאָלעדאָ. מען האָט אַפילו, אַז דער

נאָמען קומט פון העברעיִשן: תּולדות. דאָס אַלץ איז געווען, און איצט ליגט אַלץ אין חורבות, אָדער גאָר — אַפילו קיין חורבות זענען ניט פאַרבליבן. כ׳גיי איבער די גאַסן און געסלעך. פיל זיך דאָ ניט פרעמד. דאָס זענען אונדזערע אַלטע גאַסן, וועלכע כ׳קען פון פוילן, פון בעלגיע, האָלאַנד, פראַנקרייך. כ׳גיי איבער זיי און נאָך היינט פיל איך די שפּיזיקע בליקן וואָס האָבן געשטאָכן יעדן אונדזעריקן.

שמאָל און קליין זענען די גאַסן פון געטאָ. אַלץ איז דאָ געווען צונויפ־געדריקט, צונויפגעפּאַקט. אָט בין איך אויף דער גאַס פון שמואל הלוי (מען האָט זיך דערמאָנט אין אים!). אַ פּאָר טריט און מען בלייבט שטיין פאַר זיין הויז. יאָ, ס׳איז געווען זיין הויז און מיט דער צייט איז עס אַריבער צום באַרימטן מאָלער על גרעקאָ. דאָס הויז איז געבליבן מיט אַלע זיינע אייגנשאַפטן — ווענט זענען ווענט, טירן זענען טירן און פענצטער זענען פענצטער. אויף ווענט קען מען אויפהענגען יעדן בילד וואָס מען וויל, און אַ קליאַמקע נעמט אָן יעדן האַנטדרוק. אַלץ וואָס איז פאַרבליבן פון הויז איז פון על גרעקאָ. דאָ האָט ער געגעסן, דאָרטן איז ער געשלאָפן, דאָ האָט ער געמאָלן. פון שמואל הלוי איז קיין סימן ניט געבליבן — ניט אין הויז, ניט אין גאָרטן. הענגען אין הויז פאַרשיידענע בילדער פון על גרעקאָ, צום מערסטן בילדער פון די הייליקע מאַרטירער. האָט ער דאָך זיי געמאָלן דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן. זיינע הייליקע מאַרטירער האָב איך געטראָפן אין אַלע מוזייען און קאַטעדרעס אין שפּאַניע און אין דער וועלט. כ׳בין אַפילו געווען אַ בעלן צו פאַרגלייכן זייערע פּנימער. ווו האָט ער גענומען אַזוי פיל פּנימער? אַ סברה, אַז דאָס פּנים פון זיין „הייליקן לוקאַש" איז זיינער אַן אייגענער, אַן אויטאָפּאָרטרעט. וואָס? אויסגעפעלט אַ מאָדעל? פאַר וואָס האָט ער ניט געמאָלן דאָס פּנים פונעם מאַרטירער, אין וועמענס הויז ער האָט געלעבט, פון שמואל הלוי?

נאָך מיטאָג בין איך אַוועק אין קאַטעדראַל. קאַטעדראַלן אין שפּאַניע האָבן אַ ווילדע גרייס. מען זעט אויסדריקלעך, ווי איינע האָט זיך פאַר־מאָסטן מיט דער צווייטער — וועלכע וועט זיין גרעסער.

דער קאַטעדראַל אין טאָלעדאָ האָט צו זיך ניט קיין גלייכן. דאָ איז שטענדיק געווען די העכסטע מאַכט פון דער קירך אין שפּאַניע. מיט איר

איז שווער געווען זיך צו פֿאַרמעסטן, און קיינער האָט זיך עס ניט דער־וועגט. די געביידע איז ברייט און מעכטיק געבויט. ס׳זענען דאָ פֿאַראַן אָפּטיילונגען אויף אָפּטיילונגען. אַן אָפּטיילונג פֿון הייליקע זאַכן — תּשמישי־כּהונה, קירכלעכע קונסט, סתּם קונסטווערק. מען קען דאָרטן גיין און גיין ווי איבער אַ גאַנצן שטאָטטייל און דאָס — אַ זייער גרויסן. ניט ווייניק אָפּטיילונגען בין איך פֿאַרביי און בלויז געוואָרפֿן אַ בליק אויף זיי פֿון דרויסן. אין דער אָפּטיילונג פֿאַר קונסטבילדער בין איך יאָ אַריין. עס זענען דאָ אָנגעזאַמלט קונסטווערק פֿון די גרעסטע מאָלער פֿון שפּאַניע, פֿון דער פֿלעמישער שול, פֿון איטאַליענישן רענעסאַנס. ניט איין גרויסער מוזיי וואָלט זיך מיט זיי געפֿרייט. די בילדער פֿון על גרעקאָ זענען דאָ פֿאַראַן אין אַ ריזיקער צאַל. ווען האָט ער זיי אַלע געמאָלן? כ׳גלייב, אַז מענטשן וועלן אַ ביסל מיד פֿון אים און מיטן לויף פֿון וויזיט וועלן זיינע בילדער צו איין פּראָטאָטיפּ, חזרן זיך איבער, ברענגען מיט זיך מער ניט קיין נייעס, מאַכן ניט מער קיין איינדרוק.

כ׳בין אַרויס פֿון קאַטעדראַל. ווייט אונטן האָט זיך געמערקט דער טייך טאַכאָ, וועלכער שניידט זיין וועג דורך גאַנץ שפּאַניע, קיין פּאָרטוגאַל און פֿאַלט אַריין, ערשט אין ליסאַבאָן, אין אַטלאַנטישן אָקעאַן. אויף זיין רעכטער זייט האָט זיך געצייכנט דער אַלקאַזאַר, די פֿעסטונג וועלכע איז בעתן בירגערקריג געבליבן אין די הענט פֿון די פֿראַנקיסטן. דאָרטן האָט זיך צוריקגעצויגן אַ גרופּע מיליטער־לייט, מיטנעמענדיק מיט זיך פֿאַר אַ שוץ, מען זאָל זיי ניט באָמבאַרדירן, אַ טייל פֿון דער ציווילער באַפֿעלקערונג. אין שפּיץ פֿון די מיליטער־לייט איז געשטאַנען דער גענעראַל מאָסקאַרדאָ. זיין זון, אַזוי דערציילט מען, איז געבליבן אין די הענט פֿון זיינע קעגנער. זיי האָבן געשטעלט מאָסקאַרדאָן פֿאַר דער דעציזיע: דער זון אָדער די פֿעסטונג. מאָסקאַרדאָ האָט אָפּגעזאָגט איבערצוגעבן די פֿעסטונג. איז דער זון דערשאָסן געוואָרן.

שפּאַניעס זין האָבן זיך קעגנזייטיק געשחטן אין שאָטן פֿון קריסטלעכן, באַרעמהאַרציקן קאַטעדראַל...

# צוריק אין מאַדריד

אין אָוונט, אויף אַ שפּאַציר אָן אַ באַשטימטן ציל, בין איך אַוועק צום מערב־טייל פון שטאָט. ווי אויף צו להכעיס האָט עס מיך פאַרטראָגן ערגעץ אין דער געגנט פון פּאַרקע דעל אָעסטע (דער מערב־פּאַרק). אומגעריכט האָב איך זיך געפונען אונטער דער פּוענטע דע לאָס פראַנסעסעס (די פראַנצייזישע בריק), דאָרטן ווו מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן, געזאַמלט כּוחות נאָך דעם, ווי מיר זענען פאַרטריבן געוואָרן פון קאַסאַ דעל קאַמפּאָ. און איבער פערציק יאָר אַרום איז מיר דאָס אָרט פּלוצעם דערשינען פאַר די אויגן! ס׳האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרץ. אַלץ איז דאָ געבליבן ווי געווען: די הייך פון לינקס, ווו מיר זענען אַרויף צו פאַרהאַלטן די מאַראָקאַנער, איז געבליבן ווי געווען — ליידיק, ניט־באַבויט. די לאַנדשאַפט האָט זיך ניט געענדערט. גאָרניט, גאָרניט! די נאַטור — שטיל, רויִק, ווי ס׳וואָלט דאָ קיין מאָל גאָרניט ניט פאָרגעקומען. דעמאָלט איז געווען נאָוועמבער. ס׳האָט גערעגנט פון הימל. פון קאַסאַ דעל קאַמפּאָ האָט גערעגנט מיט קוילן. איצט שטיי איך דאָ, אויפן זעלבן אָרט, זע פאַר זיך יענעם טאָג, זע מיינע חברים פון דעמאָלט. אין מוח דערוועקט זיך דאָס לידל:

Puente de los Franceses,  
Puente de los Franceses,  
Mamita mía, que bien le guardan!

(די פראַנצייזישע בריק,  
די פראַנצייזישע בריק,  
מאַמעלע מיינע, ווי גוט מען היט זי!)

Quieren pasar los moros,  
Quieren pasar los moros,  
Mamita mía, no pasa nadie!

(עס ווילן אַדורכגיין די מאַראָס,
עס ווילן אַדורכגיין די מאַראָס,
מאַמעלע מיינע, ס׳גייט קיינער ניט דורך!)

דאָס ליד האָט מען דעמאָלט געזונגען מיט ברען, מיט גלויבן. בסוד־סודות האָט אַוועלכער שפּאַניער צוגעגעבן אין וויץ: ס׳גייט קיינער ניט דורך, ס׳גייט קיינער ניט דורך, אָבער אַז זיי וועלן קומען אין אַ גרויסער צאָל... ס׳איז ניט געווען קיין וויץ...

מיט דער פאָרשטאָט־באַן בין איך צוריק אַוועק אַהיים. אויף דער סטאַ־ציע האָט עס געטומלט פון מענטשן. אין פּאַרק איז פאָרגעקומען דער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון דער שפּאַנישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אין די לאַצן האָבן זיי געהאַט אָפּצייכענונגען, בלומען. גרופּעס האָבן זיך געזוכט, איבער־געשריִען. די יוגנט האָט געזונגען לידער, אַנדערע לידער. נו וואָס, אַנדערע צייטן...



...אין צייט פון בירגערקריג איז דער פּראַדאָ געווען באַלייגט מיט ערד־זעק, ברעטער. די קונסט־אוצרות זענען געווען געשיצט. מען האָט זיי ניט געקענט באַקוקן. איצט האָב איך עס געקענט טאָן פראַנק און פריי. זיך דערוואַרט! כ׳בין אַהין אַוועק. כ׳בין אַריין דורך די ברייט געעפנטע טירן. ס׳האָט געזשומעט אַרום און ווי אין אַ בינשטאָק. כ׳בין געשטאַנען פאַר אַ לאַבירינט מיט דורכגענג און זאַלן. אין פּלאַן זענען זיי אַלע געווען נומערירט, סעגרעגירט לויט די תּקופות, מאָלער, קונסטזשאַנער. פון דער דאָזיקער ריזן־זאַמלונג, וועלכע איז געווען פאַר מיר, האָב איך געוווּסט, וועל איך ניט אַלץ זען. כ׳בין ניט קיין קונסט־קריטיקער, קיין קונסטקענער, אָבער כ׳בין צו איר ניט גלייכגילטיק. פאַראַן בילדער וועלכע אַפּעלירן צו מיר, רירן מיך, אינטערעסירן מיך ווי דער מענטשלעכער געדאַנק אין אַנטוויקלונג. אויף אַ ביסל פון זיי וועל איך גערן אַ קוק טאָן.

כ׳האָב ליב די צאַרטקייט פון מורילִיאָ, דעם חוזק פון וועלאַסקעז, די אָריגינעלקייט פון גאָיאַ. כ׳האָב ניט גערן גאָיאָס בילדער פון נאַפּאָלעאָנישן

קריג, כאָטש זיי זענען אַכזריותדיק אמתע. דאָס זענען פּראָפּאַגאַנדע־פּלאַ־קאַטן און פּלאַקאַטן, ווי אמת זיי זאָלן ניט זיין, האָבן מיך קיין מאָל ניט גערירט, אַפילו ווען זייער גוט געמאַכטע. כ׳האָב גאָרניט קעגן די פּלאַקאַטן פון טולוז־לאָטרעק, אָבער זיינע אַנדערע בילדער וואַרעמען דאָס האַרץ. די פּראָפּאַגאַנדע־בילדער פון מאַיאַקאָווסקי רופן ביי מיר אַרויס אַ שמייכל פון באַוווּנדערונג, אָבער ווי זאָגט עס היינע: „אַלץ איז אמת, אָבער קיין דיכטונג איז עס ניט...״ האַלטן מיר, הייסט עס, ביי גאָיאַ. כ׳האָב שטאַרק געגרן גאָיאַס פּאָרטרעטן. אויף זיין דוקעס פון אַלבאַ, דעם אָריגינאַל האָב איך, דאַכט זיך, געזען אין דער טעיט־גאַלעריע, קען איך קוקן און ניט מיד ווערן. כ׳האָב זייער גערן זיינע פּאָלקסמאָטיוון, ווי צום ביישפּיל, „די בלינדע הון״, „די ליאַלקע״. ער איז אַוועק פון פּרעציזן צייכענען און מאָלן. זיינע שטריכן האַלטן זיך ניט אין די רעאַלע ראַמען. שוין דעמאָלט איז ער אַוועק פון פּאָטאָ־באַגריף און אָנגעהויבן שילדערן דעם אינהאַלט, דעם סוזשעט אין לעבן, אין באַוועגונג, איבערלאָזנדיק דעם צושויער זיין פרייען געדאַנק און פאַנטאַזיע. שוין דזיאָטאָ האָט מיך געלערנט דערגאַנצן די פאָרעם, וועלכע ער האָט געצייכנט לייכט, פריי, אָבער עס האָט נאָך לאַנג געדויערט, ביז קינסטלער האָבן זיך דערוועגט צו באַפרייען די פאַרבן און לאָזן פאַרן צוקוקער די ענדלאָזיקייט פון דער פאָרעם און פאַרב. כ׳האָב ליב די ברויגלס, פּעטער און יאַן, וועלכע ברענגען מיך צוריק צו מיין קינדערישער, יוגנטלעכער פאַנטאַזיע־וועלט, נאַטור, מענטשן, זיטן. עס פאַרשיכורן מיך די פאַרבן פון טיציאַן, פון וועלכן על גרעקאָ האָט אַזוי פיל געלערנט, און דאַכט זיך אַז אין ערגעץ קען מען ניט זען אַזוי פיל בילדער פון טיציאַן, ווי אין פּראַדאָ!

כ׳בין אין פּראַדאָ ניט געווען קיין דריי שעה. גענוג! אַזאַ שלל פון שיינקייט! ס׳נעמט שווינדלען אין די אויגן, און כ׳האָב ניט גערן צו קוקן, ביז אַלע בילדער און פאַרבן גיסן זיך מיר צונויף אין איין מאַסע!

מאַסן מענטשן האָבן אויסגעפּילט די זאַלן פון פּראַדאָ, פּשוט געווען ענג, שווער זיך צו באַוועגן. כ׳האָב נאָך אין קיין מוזיי ניט געזען אַזאַ פּרע־קווענץ — ניט אין לוווּר, ניט אין ערמיטאַזש, ניט אין מעטראָפּאָליטען. גרויסע אימפּעריעס אין זייער בליצייט האָבן אין זייערע מעטראָפּאָליעס ניט

וויניק קונסטווערק אָנגעזאַמלט. ענגלאַנד, פראַנקרייך, האָלאַנד זענען אַ גוטער ביישפּיל דערפאַר. אָבער דאָס וואָס דאָס אַמאָליקע שפּאַניע האָט צונויפגעזאַמלט, לאָזט זיך מיט קיינער פון זיי ניט פאַרגלייכן. איז עס דערפאַר, ווייל זי האָט געהאַט אונטער איר הערשאַפט לענדער ווי פלאַנדריע מיט איר רייכער קונסטשול? און שפּאַניע אַליין האָט אין איר אויפשטייג דערמעגלעכט די אַנטוויקלונג פון קונסט, געצויגן צו זיך, מיט איר גאָלד, גרויסע קינסטלער פון אויסלאַנד? דער מוזיי פון פּראַדאָ לאָזט אייך איבער אין אַ חלום. מיטן חלום גייט מען נאָך אַרום לאַנגע טעג.

כ׳בין דערנאָך אַוועק אויף אַ שפּאַציר אין רעטיראָ. שטאַרק געוואָלט זען דעם פּאַרק, דעם טייך, די שיפלעך און איבער זיי — דעם דענקמאָל פון אַלפאָנס דעם דרייצעטן. כ׳האָב געדענקט נאָך פון יענער צייט די אויפ־שריפט אויפן דענקמאָל, וועלכן די רעפּובליקאַנער האָבן באַצייכנט מיט גרויסע סמאָלע־אותיות: R.I.P. (רעקוויעסקאַט אין פּאַצע — ער זאָל ליגן אין רו!), ווי מען שרייבט עס אויף מצבות. כ׳האָב דעמאָלט באַוווּנדערט, ווי אַזוי חברה האָט זיך אַרויפבאַקומען אַזוי הויך, כּדי אָנצושמירן די אותיות.

אין פּאַרק איז אַלץ געווען ווי אַ מאָל, נאָר אַ ביסל מער אָרדענונג. דער טייך איז געווען דער זעלבער, כאָטש דער גריכישער פילאָסאָף האָלט, אַז אַ טייך איז קיין מאָל ניט דער זעלבער! די שיפלעך זענען אויך געווען, אויב ניט די זעלבע, און יאָ, אַלפאָנס דער דרייצעטער איז ווייטער געזעסן אויפן פערד. און וואָס איז געוואָרן מיט דער אויפשריפט R.I.P.? ס׳האָט זיך מיר געגלוסט לאַכן — מען האָט זי פאַרשמירט מיט דער זעלבער פאַרב, פאַרדעקט מיט אַ גרויסן שוואַרצן פירעק. ווייניק וויסן, וואָס אונטער דעם שוואַרצן פירעק איז געשריבן. ווייזט אויס, אַז ס׳איז שווער געווען צו באַזייטיקן כעמיש די אויפשריפט. דער דענקמאָל איז זייער הויך און דאָס אָרט אויבן קליין, און סמאָלע איז סמאָלע, שווער זיך דערפון אָפּצוטשעפּען. האָט מען פאַרשמירט, געמאַכט אַ גלייכן פירעק. זאָל זיין אַזוי. ווער וועט וויסן?...

צו מאָרגנס בין איך אַוועק אויפן ראַסטראָ. דאָס איז דער מאַדרידער

מאַרק. זיין אין מאַדריד אין אַ זונטיקדיקן טאָג און ניט גיין אויפֿן ראַסטראָ — טאָר מען ניט!

כ׳האָב געזען דעם „וואַנצנמאַרק״ אין פּאַריז, די מאָסקווער באַראַ־כּאַלקע, דעם פּעקינער מאַרק און ניט ווייניק באַרריאַ־טשינאָס. צום מאַדרי־דער ראַסטראָ, דאַכט זיך, קען זיך קיינער פֿון זיי ניט גלייכן. ער ציט זיך קילאָמעטערס אויף לינקס און רעכטס און מענטשן קומען אַהין אפֿשר אַ מיליאָן אַ טאָג. אַ געדראַנג, אַ שטופּעריי. „אַכטונג געבן אויף די קעשענעס!״ — האָט מען מיר אָנגעזאָגט, און כ׳האָב זיך גוט געהיט. אויף מיין וועג האָב איך געטראָפֿן אַ יונגע אַמעריקאַנישע טוריסטין, וועלכע האָט פֿאַר איר וויזיט אויפֿן ראַסטראָ באַצאָלט מיט איר פּאַספּאָרט און מיט איר גאַנצן געלט. זי איז געשטאַנען לעבן אַ פּאָליציאַנט, געקוקט אויף די פּאַרביי־גייער, געוואָלט דערקענען דעם, וואָס האָט זי באַגנבֿעט... אַ שווערע זאַך צו זוכן אַ שפּילקע אין אַ וואָגן היי...

כ׳האָב זיך געדרייט צווישן די טישן מיט סחורות פֿון אַלע מינים, געקויפֿט אַ פּאָר מתּנות, אָבער צום סוף פֿון מאַרק בין איך ווייט ניט דערגאַנגען. אוממעגלעך! דער דאָזיקער ספּעקטאַקל האָט מיר דאָך אַוועק־גענומען איבער דריי שעה!

און נאָך אַן אָרט האָב איך געוואָלט זען — פֿוענקאַראַל. כ׳האָב דאָס אָרט געקענט פֿון די יאָרן פֿון בירגערקריג. ס׳איז אַ שטעטל ניט ווייט פֿון מאַדריד. מיר פֿלעגן אַהינפֿאָרן מיטן עלעקטרישן צוג אין אַ צען, צוואַנציק מינוט. מיר האָבן דאָרטן געהאַט אונדזער מיליטערישע באַזע. דאָרטן האָט זיך אויך געפֿונען דאָס בית־הקבֿרות פֿון דער אינטערבריגאַדע, פֿון די געפֿאַלענע אין די קאַמפֿן ביים פֿאַרטיידיקן מאַדריד. כ׳האָב געוואָלט דאָרטן זיין, באַזוכן די קבֿרים פֿון נאָענטע חבֿרים.

כ׳בין געפֿאָרן קיין פֿוענקאַראַל מיטן אויטאָבוס. ניטאָ מער דער עלעק־טרישער צוג. די ענדסטאַציע איז ניט געווען דאָס אָרט, וואָס איך האָב געזוכט.

— ווו איז דאָס בית־הקבֿרות? — האָב איך גענומען פֿרעגן.

מען האָט מיר געוויזן, אַז ס׳איז ווייט, איבער וועג און פֿעלד, און כ׳האָב גענומען גיין אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג. שוין נאָענט ביים ציל איז

מיר נאָך אַלץ דער אַרום געווען פּרעמד. האָב איך געפרעגט ביי אַן עלטערן מענטש, צי ער קען דאָ אַ בית־הקברות פון אינטערבריגאַדיסטן. ער האָט באַשטעטיקט די ריכטונג, אין וועלכער כ׳בין געגאַנגען. כ׳בין צוגעקומען צום טויער.

ס׳איז ניט געווען מער דער זעלבער טויער. אַ מאָל איז איבער אים געווען אַן אויפשריפט פון אייזערנע אותיות. איצט האָב איך זי ניט געזען. מיט אומזיכערע טריט בין איך אַדורך דעם טויער. ניט ווייט איז געשטאַנען דער וועכטער, באַשעפטיקט ביי זיינע אַרבעטן. כ׳האָב אים אַ פרעג געטאָן:

— דאָ איז געווען אַ בית־הקברות פון געפאַלענע אינטערבריגאַדיסטן, ניט אמת?

— יאָ — האָט ער געזאָגט, אויסגלאָצנדיק אַ פּאָר גלעזערנע אויגן.

— ווו איז עס? ווי איך זע איז דאָס בית־הקברות אויסגעוואַקסן. איך זע נייע מצבות...

— דאָס בית־הקברות פון די אינטערבריגאַדיסטן באַשטייט ניט מער.

— וואָס הייסט? — האָב איך רויִק ווייטער געפרעגט.

— די געפאַלענע זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין „טאָל פון די געפאַלענע״, וואַליע דע לאָס קאַיִדאָס, לעבן עסקאָריאַל.

— ווו איז דאָס אָרט פון די געוועזענע קברים? האָב איך דאָך געוואָלט וויסן.

— ניט פאַראַן מער. פאַראַן דאָרטן אַן אויפשריפט, אַן אָנדייט וועגן אַריבערפירן די קערפּערס פון די געפאַלענע.

ס׳האָט אין מיר געקאָכט און געזידט. „וואַליע דע לאָס קאַיִדאָס״ — דער טאָל פון די געפאַלענע איז פראַנקאָס אַן אויפטו. אַ קאָלאָסאַלער, קיטשעוואַטער מאָנומענט מיט אַ באַזיליקע און אַ ריזן־צלם. אין דער באַזי־ליקע זענען באַגראָבן דער דערמאָרדעטער שפּאַנישער פאַשיסטן־פירער, כאָסע אַנטאָניאָ און... פראַנקאָ גופא. אַרום און אַרום זענען באַערדיקט צענדליקער טויזנטער געפאַלענע אין קריג. פראַנקאָ האָט דערפון געמאַכט די זאַך פון גאַנץ שפּאַניע און דאָרטן אַריבערגעפירט אויך די קערפּערס פון די געפאַלענע קעגנער. אונדזערע חברים, געפאַלן אין קאַמף קעגן פאַשיזם און היטלעריזם, ליגן איצט צו פוסן פון שפּאַנישן פאָטער פון פאַשיזם און זיין

רעאַליזאַטאָר פראַנקאָ. צו אַזאַ ציינישער לעסטערונג וואָלט אַפילו דער טייוול זיך ניט דערטראַכט.

דעם „טאָל פון די געפאַלענע" האָב איך ניט באַזוכט.

...די נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק בין איך געווען מחויב צו באַזוכן. בין איך אַהין אַוועק באַלד אין דער פרי.

די נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק פאַרנעמט אַ ריזיקן בנין. די טרעפּ צו איר זענען באַשטעלט מיט דענקמעלער — אויבן, אונטן, פון אַלע זייטן. דאָס זענען די קאָריפייען פון דער שפּאַנישער קולטור: סערוואַנטעס, לאָפּע דע וועגאַ, קאָלומבוס און נאָך און נאָך. ווער וועט אַלץ אַראָפּלייענען פון די פּנימער, פון די אויפשריפטן?

אַדורך דעם הויפּט־אַריינגאַנג, שטייט מען ערשט פאַר אַ לאַבירינט פון קולואַרן, איינגענג, טירן, וועכטער. ווי גוט, וואָס עס זענען פאַראַן וועכטער! כ'נעם אַרויס מיין איינלאַדונג פונעם דירעקטאָר און פרעג, ווי קען איך צו אים קומען. פּשוט איז עס ניט. קומט אַ מענטש אָן אַ סוויטע, אָן אַ טראַסק — צום דירעקטאָר! אַ זעלטנהייט! מען קוקט אויף מיר, מען באַטראַכט מיך גוט. דער טעלעפאָן הייבט אָן אַרבעטן. לסוף, יאָ, מען פירט מיך. אמת, ניט צום דירעקטאָר נאָר צום וויצע־דירעקטאָר.

דער וויצע־דירעקטאָר, אַ מענטש אין די פערציקער, האָט מיך, דעם גאַסט פון דער ירושלימער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק, אויפגענומען מיט אַ געוויסער פאַרלעגנהייט. די לאַגע האָט זיך געענדערט ווען כ'האָב דער־קלערט, אַז מיר קענען רעדן שפּאַניש. ס'איז געווען אַ לאַנגער, פּראָפע־סיאָנעלער שמועס: וועגן ביבליאָטעק־ענינים, וועגן די לעצטע טענדענצן אין דאָזיקן געביט.

דער וויצע־דירעקטאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ מענטש, פול מיט וויסן, אַ זייער באַשיידענער, יעדער וואָרט געמאָסטן און געוויגן. אַדורכ־בליקנדיק איינע פון זיינע ביבליאָגראַפישע אַרבעטן צו אַן אויסשטעלונג וועגן שאַפונגסוועג פון סערוואַנטעס, האָב איך באַמערקט אַז ער האָט קלאָר אונטערגעשטראָכן די השפעה פון לעאָן עברעאָ, וועלכער איז ניט קיין אַנדע־

רער ווי יהודה, דער זון פון דאָן יצחק אַברבנאֶל, אויפן אויטאָר פון „דאָן קיכאָט".

— אין אייער אַרבעט „סערוואַנטעס און דאָן קיכאָט" דערמאָנט איר אין דער ביבליאָגראַפיע, דאָס ווערק פון לעאָן עברעאָ „דיאַלאָגן וועגן ליבע" אַרויסגעגעבן אין ווענעציע, אין 1568, וואָס איר האָט אין אייער ביבליאָטעק. אין דער הקדמה צו זיין בוך „דאָן קיכאָט" דערמאָנט סערוואַנטעס לעאָן עברעאָ, ווי אַ קענער פון ליבע־פּראַגעס. דערמאָנענדיק דעם נאָמען לעאָן עברעאָ באַמערקט איר אין קלאַמערן, „יהודה, בן יצחק אַברבנאֶל". איר ווייסט אַוודאי, אַז דאָן יצחק אַברבנאֶל איז געווען איינער פון די גרויסע ייִדישע גייסטער, אַ מאַן פון אַ הויכער קולטור, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן פון שפּאַניע אין 1492 מיט טויזנטער אַנדערע ייִדן, וועלכע האָבן דאָ געלעבט און געשאַפן אין משך פון הונדערטער יאָרן. צי זענען ביי אייך געבליבן סימנים פון זייער רייכער קולטור־ירושה, וואָס איז דאָך אַ באַשטאַנדטייל פון דער שפּאַנישער קולטור?

— ניין. ליידער האָבן מיר דעם מערסטן טייל פאַרברענט אויף די אויטאָדאַפעען, און דאָס איבעריקע איז אַוועק מיט זיי אין דער פרעמד...

ער האָט עס געזאָגט מיט אַ טיפן באַדויערן, ווי אַ מענטש וואָס ווייסט צו שעצן קולטור־אוצרות.

מיר האָבן לאַנג געשמועסט וועגן צושטייער פון די שפּאַנישע ייִדן צו דער שפּאַנישער קולטור. ער האָט אין דעם אַרויסגעוויזן אַ געוויסע בקיאות.

— ווי קומט עס — בין איך אַריבער אויף אַן אַנדערער טעמע — וואָס דווקא היינט, ווען איך באַזוך אייער ביבליאָטעק, ווערט יאָסער אַראַפּאַט אויפגענומען אָפיציעל דורך דער שפּאַנישער רעגירונג, און מיט ישׂראל, מיט וועמענס פאָלק עס בינדן אייך אַזוי פיל קולטור־פעדעם, האָט איר ניט קיין דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען?

— נאָפּט — האָט ער אַ זאָג געטאָן, אָן צו טראַכטן אַ ווײַלע.

אונדזער שמועס איז געפלאָסן פריי, פריינדלעך. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— אייגנטלעך, פון וואַנען קענסטו שפּאַניש?

— כ'האָב געהאַט אַ זייער גוטן, אַ באַרימטן לערער...

— ווער איז עס געווען?

— דאָס פֿאָלק פֿון מאַדריד — האָב איך איצט שוין אָן זשענירן זיך געזאָגט. — כ׳בין דאָ געווען מיט פֿערציק יאָר צוריק. ווי איינער פֿון דער אינטערבריגאַדע אָנטייל גענומען אין דער פֿאַרטיידיקונג פֿון מאַדריד קעגן פֿראַנקאָ...

כ׳ווייס ניט, צי איז ער געווען פֿראַנקאָס אָנהענגער, צי אַ קעגנער, צי איז עס געווען דער פֿאַקט וואָס איינער פֿון די, וועגן וועלכע ער האָט אַוודאי ניט ווייניק געהערט, איז איצט געשטאַנען אַ לעבעדיקער פֿאַר אים, אין זיין קאַבינעט, צי האָט ער גאָר געזען אין מיר איינעם פֿון די, וואָס זענען דאָ אַ מאָל, אַ מאָל געווען און זענען אַוועק? ס׳האָט אויף אים געמאַכט אַן איינדרוק. ער האָט מיך אַ פֿרעג געטאָן, צי כ׳וואָלט ניט וועלן, מען זאָל מיר ברענגען קאַפֿע? כ׳האָב העפֿלעך אָפּגעזאָגט. ס׳איז מיר געבליבן ווייניק צייט.

— איר ווילט באַזוכן די ביבליאָטעק? — האָט ער געפֿרעגט.

— געוויס. עס אינטערעסירט מיך שטאַרק!

ער האָט טעלעפֿאָנירט צו זיין אַסיסטענטין, איר געזאָגט, אַז ביי אים אין קאַבינעט געפֿינט זיך אַ גאַסט פֿון דער ירושלימער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק און ער בעט, זי זאָל מיר ווייזן זייער ביבליאָטעק. כ׳שטעל מיר פֿאָר די פֿראַגע, וואָס איז געקומען דורכן טעלעפֿאָן, ווייל ער האָט געענטפֿערט:

— אָבער ער רעדט שפּאַניש...

אין אַ ווײַלע אַרום איז אַריינגעקומען אַ סימפּאַטישע, יונגע פֿרוי. ער האָט זי פֿאָרגעשטעלט. איינער פֿון די צוויי נעמען, וועלכע זי האָט געטראָגן, ווי יעדער שפּאַניער און שפּאַניערין — לאַזאַראָ, האָט מיך געלאָזט אַ ביסל טראַכטן... זי איז געווען פֿרום־קאַטויליש. זי איז געווען אין ירושלים, נאָך געווען אונטערן איינדרוק פֿונעם באַזוך: אַזוי פֿיל הייליקייט! אַפֿילו אַ מענטש אין ירושלים האָט זי גערירט. זי איז געווען זייער ליבנסווירדיק אין אירע אויפֿקלערונגען און ענטפֿערס.

כ׳האָב אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין מאַדריד פֿאַרבראַכט מערערע שעהען און עס אַפֿילו ניט באַמערקט.

אויפן וועג אַהיים האָב איך געוואַנדערט איבער די מאַדרידער גאַסן, געטראַכט וועגן נעכטן און היינט, אַ פּאַרזונקענער אין מאַדרידס קולטור־רייכקייט, אין איר פילפאַרביקייט. וואָס נאָך זען אין דער ווינציקער צייט, וואָס בלייבט מיר ? פון די ווענט האָבן געשריִען פּלאַקאַטן וועגן אָקסנקאַמף, וואָס דאַרף מאָרגן פּאָרקומען. כ׳האָב וועגן אָקסנקאַמף געהערט דערציילן אָן אַ סוף. מענער, ברייטפּלייציקע, וועמענס כּוח עס האָט געזעצט דורך די מוסקלען, האָבן גערעדט וועגן שיינעם שפּיל, אַ פּאַראייניקונג פון מוט און גראַציע. אַ פרוי מיט אַ צאַרטער פיגור, אַ דעליקאַטע, אַן איידעלע, האָט מיר דערציילט וועגן דער פּראַכט און גראַציע, וואָס זענען פאַרקערפּערט אין אָקסנקאַמף. כ׳האָב געהערט וועגן יעדער פּאַזע פון דאָזיקן קאַמף: דער אַריינפיר צום ספּעקטאַקל, דאָס אויפטרעטן פון דער סוויטע, פון טאָרעאַדאָר, די פאַרשיידענע פּאַזעס פונעם קאַמף גופא, אָבער קיין אָקסנ־קאַמף האָב איך ביז איצט ניט געזען. אין די יאָרן פון בירגערקריג איז אין רעפּובליקאַנער טייל פון שפּאַניע דער אָקסנקאַמף געווען פאַרווערט. וואָלט עס ניט געווען פאַרווערט, וואָלט איך אויך ניט געגאַנגען. אַלע ענטוזיאַסטן פון דאָזיקן שפּיל, פרויען און מענער, אינטעלעקטועלע און פיזישע אַרבע־טער, האָבן ניט דערוועקט אין מיר קיין אינטערעס פאַר דעם. אַ טייל מענער האָבן געזוכט אַ ווענטיל פאַר זייערע בלוטיקע אינסטינקטן. איידעלע פרויען האָבן דאָרטן געפונען דעם מאַנספאַרשוין פאַר זייערע חלומות — דעם טאָרעראָ. כ׳האָב געהערט אַרגומענטן קעגן די וועלכע האָבן ניט גערן דעם אָקסנקאַמף צוליב זיין אַכזריותדיקייט, אַז דאָס שעכטן אַן אָקס איז ניט ווייניקער ברוטאַל...

יאָרן זענען פאַרביי, כ׳האָב געקענט טראַכטן און טראַכטן. מיט אַ וואָך צוריק האָב איך געקוקט אין טעלעוויזיע אויף אַ פראַגמענט פון אַן אָקסנ־קאַמף. אין שפּאַניע איז עס אַ ספּאָרט, און מען ווייזט עס אין דער ספּאָרט־אוידיציע. כ׳האָב ניט געקענט קוקן, ווי דער אָקס לויפט מיט די שווערדן אַריינגעזעצט אין זיין קאַרק. ס׳האָבן זיך געפונען אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן מיר געוואָלט איינרעדן, אַז דער אָקס האָט הנאה פון דאָזיקן שפּיל. נו, די מעשׂה מיטן פיש, וואָס האָט גערן מען זאָל אים בראָטן אויף הייסן אייל!

נייז, אויף דעם דאָזיקן טייל פון דער שפּאַנישער קולטור האָב איך ניט געוואָלט קוקן.

שווער צו פאַרשטיין פּסיכישע געוווינהייטן פון אַ פאָלק. מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז דאָ פאָרגעקומען אַ קאָנגרעס פון די שפּאַנישע צער־בעלי־חיים־געזעלשאַפטן. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרשטאַרקן די שוץ איבער די בעלי־חיים פון אַלע מינים. דער קאָנגרעס איז אָבער געווען איינשטימיק: דעם אָקסנקאַמף ניט אָפּצושאַפן. דער אָקסנקאַמף, האָבן זיי פעסטגעשטעלט, איז דער באַליבטסטער ספּאָרט פון אונדזער פאָלק — אַן אויסדרוק פון כּוח און גראַציעזקייט! קיין פאַרטרעטער פון די אָקסן איז אויפן קאָנגרעס ניט געווען... געווען דאָרטן בלויז פאַרטרעטער פונעם האָמאָ־סאַפּיענס.

כ׳האָב איבערגעלאָזט די פּלאַקאַטן וואָס האָבן גערופן מיט קולי־קולות צום אָקסנקאַמף און אין אָוונט אַוועק, אין איינעם פון די נאַכטלאָקאַלן צו אַ פלאַמענקאָ־ספּעקטאַקל.

אַראָפּגייענדיק פון פּלאַזאַ מאַיאָר, דורך איינעם פון די דורכגענג, געפינט מען זיך אויף דער קאַליע דע לאָס קוטשיליעראָס, פריי איבערגעזעצט: די גאַס פון די מעסער־שטעכער! דער נאָמען (ניט קיין שלעכטער, וואָס?) איז אַוודאי אַן איבערבלייבעניש פון אַמאָל. היינט זענען דאָ פאַראַן זייער באַקאַנטע, סעלעקטיווע נאַכטלאָקאַלן. אָפּשאַפן איצט דעם נאָמען וואָלט געווען אַ נאַרישקייט — אַזאַ ראָמאַנטישער נאָמען! חוץ דעם, די עלעגאַנטע באַזוכער פון די דאָזיקע לאָקאַלן, צי באַשעפטיקן זיי זיך ניט מיט מעסער־שטעכעריי אויף זייער אופן?..

אין קלוב בין איך געקומען אַרום ניין אַ זייגער אין אָוונט. אויסער דעם מענטש פאַר דער טיר איז נאָך קיינער ניט געווען. נו, מענטשן זענען באַשעפטיקט! די ספּעקטאַקלען הייבן זיך אָן אין די שפּעטע שעהען. כ׳האָב זיך אומגעקערט. געשפּאַצירט איבער געסלעך און פּלעצער און שוין אַ גוט מידער אַריין אין זאַל אַרום צען אַ זייגער אין אָוונט און נאָך אַלץ געווען פון די ערשטע. כ׳האָב זיך אויסגעקליבן אַ גוט אָרט, נאָענט צו דער בינע, מיט פאַרגעניגן זיך אַוועקגעזעצט, גרייט אויפצונעמען אַלץ.

דער זאַל איז געווען אָן שום לוקסוס, געאָטעמט מיט באַהעמישקייט, כאָטש דער מענעדזשער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פראַק, ווי צו אַן אָוונט־

אויפֿנעם. פֿאַמעלעך האָבן זיך באַוויזן מענטשן, פֿאַרנומען ערטער, יעדערער לויט זיין געשמאַק און ווילן. מ׳האָט מיר אַוועקגעשטעלט אַ בעכער מיט פֿיינעם, גוטן וויין. אויף דער בינע האָבן זיך געגומען באַוויזן אַרטיסטן, מוזיקער — מענער, פֿרויען. זיי זענען געקומען, געגאַנגען, אַריינגעשטעלט אַ בענקל, אַוועקגעלייגט אַ גיטאַרע, זיך צוגעזעצט, געשטימט דעם אינסטרו־מענט, אַרויסגעפּליקט אַ פּאָר טענער, אַרויסגעגאַנגען, אַריינגעקומען. ס׳האָט זיך לסוף געשאַפֿן אַן אַנסאַמבל. באַלד, באַלד און די באַזונדערע טענער וועלן זיך פֿאַראייניקן און אַ שאַל טאָן אין אַן אַקאָרד.

דער זאַל איז נאָך ווייט ניט געווען פֿול, אָבער ס׳איז געווען אַ פֿערמאַ־נענט קומען. דער זאַל, כאָטש באַשיידן באַלויכטן, האָט דערמעגלעכט לייכט צו געפֿינען אַן אָרט זיך אַוועקצוזעצן. מיט דער צייט האָט דאָס קומען זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ לעבעדיקן שטראָם. עס זענען געקומען שפּאַניער מיט זייערע סעניאָריטעס, געקליידטע ווי צו אַן אָוונט־באַזוך. עס זענען געקומען טוריסטן אין זייער געוויינטלעכן טוריסטן־לבוש — אַלע, גרייט צו געניסן פֿון ספּעקטאַקל — ווי אַ צוגאָב צו אַ גוטן אָונטברויט, צו אַ גוט פֿאַר־בראַכטן טאָג.

אויף דער בינע זענען געווען פֿיר פֿרויען, אין סעווילער טראַכט — קליידער, שמאָלע אין דער טאַליע, וועלכע צעגייען זיך אין זייער פּולער ברייט, ווי אַ קליאָש, צו דער ערד צו. עס זענען געווען דריי מענער, אָנגעטאָן, ווי פֿון דער גאַס אַריינגעקומען. זיי האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. איינער האָט פֿייערלעך צעקלונגען די סטרונעס פֿון דער גיטאַרע, דער צווייטער האָט באַגלייט און דער דריטער האָט גענומען פּליעסקען מיט די הענט צום טאַקט. האָסט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס קלאַפּן ניט צוויי דלאָניעס איינע אין די אַנדערע, נאָר צוויי ברעטלעך. אַ ווײַלע שפּע־טער האָבן זיך אויף די פֿרויען אָנגעשלאָסן אינעם פּליעסקען צום טאַקט און איינע האָט זיך געלאָזט אין אַ טאַנץ, באַגלייטנדיק זיך מיטן קלאַפּן פֿון שפּיצפֿוס און מיט די קנאַפּל. די קאַסטאַניעטן צווישן אירע פֿינגער האָבן הילכיק געצייכנט דעם טאַקט. דער רעש פֿון טאַנץ האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן קלאַנג פֿון די גיטאַרעס, די איבעריקע אויף דער בינע האָבן געפּאַטשט

מיט די הענט און פון צייט צו צייט צוגעוואָרפן קאָמפּלימענטן, ווערטער פון דערמונטערונג פאַר דער טענצערין און פאַר די אַנדערע.

ווען די טענצערין האָט פאַרענדיקט איר טאַנץ, איז געקומען אַ פלאַ־מענקאָ־זינגער. נאָך אים זענען די גיטאַרעס ווידער אַריין אין שווונג און אַן אַנדערע טענצערין איז אַוועק אין טאַנץ. אין פלוג וואָלט זיך געדאַכט, אַז עס זענען די זעלבע טענץ, אָבער יעדער שפּאַניער, וואָס קען די זאַך, ווייסט, אַז עס זענען פאַראַן מערערע סאָרטן פון אָט דעם טאַנץ — פאַנדאַנגאָ, פאַנדאַנגיִאָס און נאָך און נאָך. ווי קען איך זיי אויסרעכענען! און יעדער טאַנץ האָט זיינע באַוועגונגען, ריטעם, קערפּער־באַוועגונג, אויסקלאַפּן מיט די שיך און קנאַפּל.

ס'איז פאַר מיר ניט געווען דער ערשטער פלאַמענקאָ־ספּעקטאַקל. אין די יאָרן פון בירגערקריג האָב איך געזען מערערע אַזעלכע ספּעקטאַקלען, אָבער זיי זענען פאָרגעקומען אין אַ גאַנץ אַנדערער טביבה. אַנדערע אַר־טיסטן, אַן אַנדער עולם. אין זאַל זענען דעמאָלט מערסטנס געזעסן סאָלדאַטן, ניט זעלטן מיטן געווער ביי דער זייט. זיי האָבן געפילט, פאַרשטאַנען יעדן בויג, יעדע באַוועגונג, ניט געניייטיקט זיך אין דערמונטערונג פון דער בינע. ס'האָבן דעמאָלט אָפּט געזונגען יונגע סאָלדאַטן, זיך פאַרגאַנגען ביז די העכסטע טענער, אָפּגעבראָכן, ווייטער געצויגן און געשלעפּט דעם עולם מיט זיך העכער, אַרויף, אַרויף, ביז דער עולם האָט איבערגעריסן מיט אַ שטור־מישן „אָלעי!" און מיט אויסגעשרייען, באַזונדערש צו די פרויען: „אָלעי, שיינינקע, געבענטשט זאָל זיין די מאַמע, וואָס האָט דיך געבוירן!" באַגלייט מיט פייערדיקע אַפּלאָדיסמענטן, אַ טופּען מיט די פיס און מיט אויסגעע־שרייען פון גאַנצן האַרצן. קינסטלער, צוקוקער האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין מאַסע. דאָס האַרץ האָט זיך געקוויקט!

נאָכן קריג אין שפּאַניע האָב איך, זייענדיק אין אויסלאַנד, ניט איין מאָל געזען אויספירן שפּאַנישע טענץ, געהערט פלאַמענקאָ־זינגערס. זיי האָבן קיין מאָל ניט דערגרייכט דעם ברען פון יענע טעג. די טענצערינס, די פלאַ־מענקאָ־זינגערס האָבן אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון פייגל, וועלכע רייסן זיך צום פליִען, הייבן זיך אַ ביסל אויף און פאַלן גלייך צוריק צו דער ערד...

אַרום צוועלף אַ זייגער ביי נאַכט, ווען ס׳איז איינגעטרעטן אַן איבער־רייס, האָב איך באַצאָלט די קאָנסומאַציע און זיך געקליבן אַוועקצוגיין. דער הויפּט־קעלנער, צופרידן פונעם טרינקגעלט וואָס ער האָט באַקומען, האָט מיר שטיל פאַרטרויט זיין עצה צו בלייבן: דער ווייטערדיקער טייל דאַרף זיין אַ גאַנץ באַזונדערער. בין איך געבליבן. האָב געקוקט און געפּאַטשט פון העפלעכקייט. די פייגל האָבן זיך דאָך ניט אָפּגעריסן פון דער ערד...

כ׳האָב ניט געהאַט קיין טענה צו די אַרטיסטן, וואָס זייער קונסט האָט מיך ניט מיטגעריסן, ווי אין „יענער צייט״... ס׳איז ניט מער געווען „יענע צייט״, ניט „יענע צוקוקער״ און איך בין אויך ניט געווען דער זעלבער!

צו מאָרגנס בין איך אַוועק וויזיטירן מאַדריד מיט אַן אָרגאַניזירטער עקסקורסיע. דער שפּאַציר מיטן אויטאָבוס האָט געדויערט אַרום פיר שעה! מיט ברייט געעפנטע אויגן האָב איך געקוקט אויף די מאַדרידער גאַסן, בול־וואַרן — ברייטע, ווייטע. אַ שיינע שטאָט מאַדריד! ווידער געקומען אין פּאַרק רעטיראָ און אין דער סיודאַד אוניווערסיטאַריאַ. די פירערין פון דער עקקורסיע האָט דערציילט, אַז אין 1936 זענען דאָ פאַרגעקומען קאַמפן. איצט איז דער אוניווערסיטעט ווידער אויפגעבויט געוואָרן. דאָ איז אַזאַ און אַזאַ פאַקולטעט, דאָרטן — אַזאַ און אַזאַ לאַבאָראַטאָריע. די מענטשן האָבן גע־הערט, ניט געהערט, געקוקט, ניט געקוקט — וואָס האָבן זיי שוין געקענט זען! די געשיכטע האָט אַ גרויסן בויך. זי פאַרשלינגט אַלץ!

פאַרענדיקט די עקסקורסיע, ערגעץ נאָענט צו דער פּלאַזאַ דע עספּאַניאַ, בין איך אַרויף אויפן פּלאַץ, זיך צוגעזעצט. פון דער ווייטן האָבן זיך גע־צייכנט גרויסע, הויכע הייזער, האָטעלן, רייזע־ביוראָס, פאַרשיידענע געזעל־שאַפטן. אויפן פּלאַץ, באַזייט מיט פאָנטאַנען און בענק, זענען געזעסן מאַמעס, קינדער, מענטשן נאָך דער אַרבעט. אין שאָטן פון די ביימער, ביים געמורמל פון די פאָנטאַנען, ערגעץ אין דרום־טייל פון פּלאַץ, האָט סערוואַנטעס גע־קוקט ווי זיין העלד, דאָן קיכאָט, געפּאַנצערט און אין פולער באַוואָפענונג, פאָרט אַרויס צו דער שלאַכט פאַר געהויבענע צילן, באַגלייט דורך אַ באַ־לייביקטן סאַנטשאָ־פּאַנטשאָ, וואָס שלעפּט זיך נאָך אויף אַן אייזעלע...

כ׳האָב פאַרלאָזט דעם שיין באַלויכטענעם שפּאַניע־פּלאַץ, אַוועק צום צוג אויפן וועג אַהיים דורך ליסאַבאָן.

# אין ליסאַבאָן, אויפן וועג אַהיים

...אין געדיכטע רייען האָבן די ליסאַבאָנער, אונטער אַ שווערן רעגן, געוואַרט אויף זייערע אויטאָבוסן, אויפן וועג אַהיים. מיין פּראָגראַם איז געווען געענדיקט. כ'האָב גענומען אַ טאַקסי און אַוועק צום פליפעלד.

די ליסאַבאָנער עראָדראָם־אַדמיניסטראַציע האָט אַ שוואַכע דערפאַרונג אין טשאַרטער־פליען. לאַנגע, אָנגעשוואָלענע רייען האָבן געוואַרט אין די זאַלן. די רייען האָבן זיך גערוקט פּאַמעלעך פאָרויס. ניט געפּערלעך, אַ ביסל געדולד און ס'וועט פאַרביי.

דער עראָפּלאַן האָט זיך אויסגעפילט מיט רוישיקע ישראל־בירגער, צונויפגעמישט מיט פּאָרטוגעזישע עולה־רגל צו די הייליקע ערטער אין ישראל.

לעבן מיר זיצט אַן אַלטיטשקער פויער מיט זיין פרוי. ער זעט ניט אויס צו זיין רייך. דאָס האָט טאַקע זייער זון, וואָס אַרבעט אין דייטשלאַנד, באַצאָלט פאַר זיי די נסיעה. אַלץ וואָס געשעט אַרום איז ניי און פרעמד פאַר זיי. ווען די סטיואַרדעס ברענגט דעם טאַץ מיט די פאַרשיידענע מאכלים, ווייסן זיי ניט ווי אַזוי אָנצוהייבן, וואָס מיט וואָס צו טאָן. די פרוי, אַ דרייסטערע, קוקט, פרעגט ביי מיר. זי באַוווּנדערט די גוטע, קלוגע זאַכן און נעמט זיך צו זיי פּאַמעלעך, אָפּגעהיט.

דאָס זשומען פון מאָטאָר איז רעגלמעסיק, מאָנאָטאָן. עס שלעפערט איין. מיין פויער זיצט, קוקט פאַר זיך מיט באַוווּנדערנדיקע אויגן.

די נאַכט ענדיקט זיך. מיר דערנענטערן זיך צום ציל.

— צופעסטיקן די רימענס! — קומט אַ באַפעל.

די רעדער פון עראָפּלאַן באַרירן די ערד.

— מיר זענען אויף דער הייליקער ערד — מעלד איך מיין שכן, דעם אַלטיטשקן פויער פון פּאָרטוגאַל.

— וואָס הייסט ? — פרעגט ער מיט באַוווּנדערונג — מיר האָבן זיך דאָך ניט גערירט פון אָרט !

דער אַלטיטשקער האָט ניט געוווּסט, אַז מיר האָבן אַדורכגעמאַכט טויזנ־טער קילאָמעטער, אַ מרחק פון ליסאַבאָן ביז לוד. ניט קיין ווונדער. ווען ער פאָרט מיט זיין וואָגן, הוידלט עס און וואַרפט, מען פילט, אַז מען פאָרט. ער האָט איצט גאָרנישט ניט געפילט. האָט ער געגלייבט, אַז מיר שטייען אויף אַן אָרט...

— — — — — — — — — — — —

זינט אַ פּאָר טעג בין איך ווידער אין ירושלים, אַריינגעטאָן אין מיין אַרבעט. דער ראַדיאָ ברענגט אַלץ נייעסן פון דער וועלט : דאָ — אַ קריג, דאָרטן — קאַמפן ; דאָ — אַן אַטענטאַט, דאָרטן — אַן אויפרייס. פאַר די אויגן שטייען מיר נאָך די פאַרגעקומענע שלאַכטן אין קאַסטיליע, עקסטרע־מאַדוראַ, לעוואַנט און אַראַגאָן, וועמענס ערד האָט איינגעזאַפּט אַזוי פיל מענטשלעך בלוט. כ׳זע די שפּאַנישע שטעט, פאַרבונדן מיט דער ייִדישער געשיכטע, מיט דער פּרעכטיקער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער קולטור, איר פאַרפאַלגונג און פאַרלענד. כ׳טראַכט וועגן דעם אַלטיטשקן פויער, מיין עראָפּלאַן־שכן, וואָס האָט געגלייבט, אַז נאָך אַלע מרחקים וועלכע מיר האָבן דורכגעמאַכט, האָבן מיר זיך ניט גערירט פון אָרט.

כ׳זיץ מיר אין מיין ירושלים, דעם באַפרייטן און פאַראייניקטן, און טראַכט מיט פאַרגעניגן : „זאָל מיר מיין אַלטיטשקער שכן מוחל זיין ! אָ, יאָ, מיר האָבן זיך דאָך גערירט !"

## פרייוויליקע פון ארץ־ישראל, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין בירגערקריג אין שפּאַניע, 1936 ־ 1939

**אַבין, זונדל** (**בערל באַלטי**), געשטאָרבן אין ישראל, ת״א, 1981.
**אַבראַמאָוויטש, דניאל**, געפאַלן ביי גאַנדעסאַ, 1938.
**אַדלער, חיים** (**אַנרי טראַיאַן**), לעבט אין פראַנקרייך.
**אינזעל, יעקב**, געפאַלן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פראַנקרייך, 1944.
**אלוני, נח** (**ליפקיס**), לעבט אין ישראל, נתניה.
**אַלעקסאַנדראָוויטש, דוד**, אומגעקומען אין צווייטן וועלטקריג אין פראַנקרייך.
**אַנטלער, משה**, געפאַלן אויפן עבראָ־פראָנט, 1938.
**אַנטלער־זיידמאַן, סוניאַ**, אומגעקומען ווי אַ פּאַרטיזאַן אויף דער תליה, אין טולוז, פראַנקרייך.
**אָסטראָווסקי, דוד**, לעבט אין ישראל, ת״א.
**אַקוויטט, ראָבערט**, געפאַלן אויפן עבראָ־פראָנט, 1938.
**אַראַם** (אַרמענער), געפאַלן אין שפּאַניע.
**וואָלאָדיאַ** (אַרמענער), גורל אומבאַקאַנט.
**אַרמוש, עמיל**, געפאַלן אויפן עבראָ־פראָנט, 1938.
**באָטווינסקאַ, אַדעלאַ**, לעבט אין ישראל, רמת־גן.
**באַיאַן, וואָלף**, גורל אומבאַקאַנט.
**בוים, לעאָן**, געפאַלן ביי אירון, 1936.
**ביל, ראָבערט**, פאַרפייניקט צום טויט דורך די דייטשן, פּאַריז, 5.6.1942.
**בן־ארי, משה**, געפאַלן ביי ברונעטע־מאַדריד, 1937.
**בן־מרדכי, שמואל**, געשטאָרבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.
**בראָדקין, יאָנאַס**, לעבט אין ישראל, חולון.

**בראָנשטיין, מישאַ** (מיכאל בראָן), לעבט אין פוילן.
**ברין ישראל,** (יעזשי), אומגעקומען אין תפיסה אין פוילן, 1976.
**בריקנער, יוסף,** געפאַלן ביי לערידאַ, 1938.
**בר־עקיבא** (פייוול זאַוואָדניק), געפאַלן אין שפּאַניע.
**גאָטליב, ישראל,** גורל אומבאַקאַנט.
**גאָלדענשטיין, חיים,** לעבט אין רומעניע.
**גאָטעסמאַן, זאב,** געשטאָרבן אין טולוז, פראַנקרייך, פאַר דער באַ־פרייונג.
**גאַרבער, יהושע** (**שיקע**), לעבט אין ישראל, ת״א.
**גוריון, אַהרון,** זיין גורל נאָך דער באַפרייונג פון פוילן — אומבאַ־קאַנט.
**גינצבורג, אַהרון** (**אַרנאָלד**), לעבט אין פוילן.
**געדולדיק, יונה** (**מישעל מאַרטיניאַק**), דערמאָרדעט דורך דער געס־טאַפּאָ אין פאַריז, 1943.
**געלמאַן, אַברהם,** לעבט אין ראַטן־פאַרבאַנד.
**גראָסמאַן, מתתיהו** (**מאַטיס**), אומגעקומען אין אוישוויץ.
**גרובער, יצחק** (**איטשעלע**), לעבט אין ישראל, חיפה.
**דינעס, משה,** געפאַלן אויפן עקסטרעמאַדורא־פראָנט, 1938.
**האַלפערן, בערל,** געפאַלן אין שפּאַניע, 1937.
**האַלפערן, נפתלי** (**סטעפאַן האַליצקי**), לעבט אין פוילן.
**האַפּט, משה,** לעבט אין ראַטן־פאַרבאַנד.
**העבט, חיים,** גורל אומבאַקאַנט.
**העלמאַן, אפרים,** גורל אומבאַקאַנט.
**העלפאַנט, אַברהם,** געפאַלן אויפן עבראָ־פראָנט, 1938.
**הערצבערג, גרשון** (**געניעק זשולקאָווסקי**), לעבט אין פוילן.
**הערשקאָוויטש, סענדער,** געשטאָרבן אין ישראל, ת״א, 1979.
**וואַלפזאָן, איזידאָר** (**ערנעסט**), גורל אומבאַקאַנט.
**וואַלפזאָן, צפורה** (**צעלינאַ**), גורל אומבאַקאַנט.
**וואַסערשטראָם,** גורל אומבאַקאַנט.
**ווזעק, אפרים,** לעבט אין ישראל, חולון.

**ווייטמאַן, אַברהם**, געפאַלן ביי טערועל, 1937.
**ווײַמאַן, אַברהם**, גורל אומבאַקאַנט.
**ווייסמאַן, יוסף מענדל**, געפאַנגען און פאַרמישפּט צום טויט אין שפּאַניע.
**ווייסבלום**, שרה, גורל אומבאַקאַנט.
**ווייץ, אַלבערט (נחומי)**, געפאַלן ביי מאַדריד, יאַנואַר 1937.
**ווילדער, ברוך** (זר), לעבט אין ישראל, קיבוץ יד־חנה.
**ווינד, ישעיהו (שייקע)**, געפאַלן אין שפּאַניע.
**וועקסלער, הערצל**, געפאַלן ביי ברונעטע, מאַדריד, 1937.
**זאַלטאַן, שמואל**, געפאַלן ביי ברונעטע, מאַדריד, 1937. פראַנקרייך, 1942.
**זאַלצמאַן, זלמן**, לעבט אין ישראל, ראשון־לציון.
**זילבערמאַן, יוסף**, גורל אומבאַקאַנט.
**זילבערשטיין, אַברהם**, געפאַלן אין שפּאַניע, 1937.
**חפץ, פּנחס**, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין ראַטן־פאַרבאַנד, 1953.
**טאַבאַטשניק**, געפאַלן אויפן אַראַגאָנער פראָנט.
**טודריס, שמואל**, געפאַלן אויפן עבראָ־פראָנט, 1938.
**טודריס, שמחה**, גורל אומבאַקאַנט.
**טוואַרדאָווסקי, יעקב**, גורל אומבאַקאַנט.
**טור, יוסף**, אויסגעוואַנדערט. לעבט אין ווין.
**טייטעלבוים, אַלטער**, געפאַלן אין שפּאַניע.
**טענענבוים, אַהרון**, אומגעקומען אין אוישוויץ.
**טשערנאָמאָרעץ־שיחור, ד״ר, שמעון**, געשטאָרבן אין באָסטאָן, פאַראייניקטע שטאַטן.
**יאָנאַס, שמואל**, נאָכן לאַגער גורס — גורל אומבאַקאַנט.
**יאָסעלעוויטש**, גורל אומבאַקאַנט.
**יונגשטיין, אַברהם (יורסקי)** לעבט אין פּוילן.
**יונגשטיין, טוביה**, געפאַלן ביי קאַסאַ דעל קאַמפּאָ, מאַדריד, 1936.
**יעקובי, אימרי**, געפאַלן אין שפּאַניע.
**יפה, יצחק**, געפאַלן ביי קאָרדאָווא, 1937.

**יפה, שלמה** (עמיר), געשטאָרבן אין ישראל.

**כהן, האַנס**, געפאַלן אין שפּאַניע.

**כהן, י.**, געפאַלן ביי קאָרדאָוואַ.

**לאַנגער, מאַרסעל**, קאָמאַנדאַנט פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פראַנקרייך. גיליאָטינירט אין טולוז, 25.7.1943.

**לב, אריה** (לעוו לעאָן, „משה גוי"), לעבט אין ישראל, רמת־יוסף.

**לוי, מאיר**, געפאַלן אין שפּאַניע.

**לוריא, יעקב**, לעבט אין ישראל, ת"א.

**ליטוואַק, צבי**, אומגעקומען אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פראַנקרייך.

**ליפּמאַן**, געפאַלן ביי קאַספּע.

**ליפּסאַן, יוסף**, געפאַלן אין שפּאַניע.

**ליפּסקינד, יוסף**, געפאַלן ביי לערידאַ.

**לעווין, דאָראַ**, לעבט אין ישראל, חיפה.

**מאַרגאָליס, אַברהם** (אַבראַשאַ), נאָכן צווייטן וועלטקריג — גורל אומבאַקאַנט.

**מייסנער, פּערדינאַנד**, גורל אומבאַקאַנט.

**מייטיס, רות**, לעבט אין פראַנקרייך.

**מילבאַנד, משה** (מאָניעק), געפאַלן אין שפּאַניע.

**מיטלמאַן, אַבראַשאַ**, גורל אומבאַקאַנט.

**מילמאַן, אַברהם**.

**מילמאַן, מרדכי**, געפאַלן אויפן עבראָ־פראָנט, 1938.

**מינקעס, חיים**, נאָכן לאַגער גורס — גורל אומבאַקאַנט.

**ניצאַן**, (?), געפאַלן אין שפּאַניע.

**סאָלאָמאָנאָוו, דוד נתן**, נאָך שפּאַניע — גורל אומבאַקאַנט.

**סאָקאָל, מאַקס**, געפאַלן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פראַנקרייך.

**סופר, נחום**, לעבט אין ישראל, חיפה.

**סעגאַל, מיכאל**, געפאַלן אין שפּאַניע, 1937.

**סעגאַל, שמואל**, לעבט אין ישראל, ת"א.

**עלי, אַבדל חליק (אַראַבער)**, געפֿאַלן אין שפּאַניע.
**עלמאַן, מתתיהו (מאַטיס)**, לעבט אין פּוילן.
**עלקאַן, חיים**, געפֿאַלן אויפֿן מאַדרידער־פֿראָנט, 1936.
**עלקאַן, יוסף**, גורל אומבאַקאַנט.
**עסטרייכער, משה**, לעבט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד.
**עפּעלבוים, ישראל**, געשטאָרבן אין ישראל, חיפה.
**עקשטיין, בנימין**, געפֿאַלן אין שפּאַניע, 1938.
**עקשטיין, חיים**, געפֿאַלן אויפֿן עקסטרעמאַדוראַ־פֿראָנט, 1938.
**ערליך, אליהו**, געפֿאַלן אויפֿן עקסטרעמאַדוראַ־פֿראָנט, 1938.
**פּיקאַר, יחזקאל**, געשטאָרבן אין ישראל, חיפה, 1983.
**פּיקס, משה**, געפֿאַלן אין צווייטן וועלטקריג.
**פּלעוואַ, אַלעקסאַנדער**, געפֿאַלן ביי מאַדריד.
**פּראָיעקט, אַהרון**, געשטאָרבן אין ישראל, חיפה, 1974.
**פֿאַוזי (אַראַבער)**, גורל אומבאַקאַנט.
**פֿיינגעלערנטער, עמנואל (מוניע)**, געשטאָרבן אין פּוילן, 1960.
**פּשעדאַנסקי, סאַשאַ**, לעבט אין פֿראַנקרייך.
**צענטנער, ישראל**, געשטאָרבן אין ישראל, ת״א, 1976.
**קאַוואַ, מאַקס**, אומגעקומען אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין
פֿראַנקרייך, 17.1.1942.
**קאַמי, דוד**, געפֿאַלן אין שפּאַניע.
**קאַרפּ, לייב**, געפֿאַלן אין שפּאַניע.
**קאָרען, דוד**, לעבט אין ישראל, קיבוץ כפר־מנחם.
**קירכמייער, יעקב**, געפֿאַלן אין שפּאַניע.
**קעסעלמאַן, יהושע (סוניאַ)**, געפֿאַלן ביי בעלטשיטע.
**קראַמסקאַי, סיאָמע**, געשטאָרבן אין פֿראַנקרייך.
**קראַסנאָוו, יאַשאַ**, לעבט אין ישראל, טבריה.
**קראַסעלניק, קאָפּל**, לעבט אין ישראל, חיפה.
**ראָזאָווסקי, אַהרון (רענקאַ)**, געפֿאַלן אין שפּאַניע, אַפּריל 1938.
**ראָזמאַרין**, געפֿאַלן אין שפּאַניע.
**ראָזענצווייג־שושני, אַברהם**, לעבט אין ישראל, חיפה.

**ראָט, מרדכי**, געשטאָרבן אין ישראל, חולון, 1971.
**ראָטענבערג, דוד**, געשטאָרבן אין פוילן.
**רודאַיעוו, באָריס**, געשטאָרבן אין ישראל, ת״א.
**שאַפּיראָ, וואָלף**, גורל אומבאַקאַנט.
**שטאָקשטיל, אַברהם**, געשטאָרבן אין לאַגער אין פראַנקרייך, 1942.
**שטאַמלער, שמואל**, געפאַלן אין שפּאַניע.
**שטערן, בערנאַרד**, געפאַלן אויפן כאַראַמאַ־פראָנט, 1937.
**שמולעווסקי, דוד**, לעבט אין פראַנקרייך.
**שמיל, שמיל**, גורל אומבאַקאַנט.
**שניצער, יוסף (יאָסקע)**, געפאַלן אויפן עקסטרעמאַדוראַ־פראָנט, 1938.
**שענקער, נתן**, גורל אומבאַקאַנט.
**שרייער**, גורל אומבאַקאַנט.

די דאָזיקע רשימה איז ניט קאָמפּלעט. ניט געווען קיין רעגיס־טראַציע פון די, וועלכע זענען אַוועק פרייוויליק קיין שפּאַניע. די רשימה איז צוזאַמענגעשטעלט לויטן זכרון פון לעבן געבלי־בענע חברים, רשימות און געדענק־ביכער. יעדע באַמערקונג, אויפקלערונג און השלמה וועט מיט דאַנק אָנגענומען ווערן.

זיך ווענדן: שלום שילוני, רח׳ חנה סנש 2, חולון 58277, ישראל. טעלעפאָן: 03־847703.

**האיגוד הישראלי ללותמי הבריגדות הבינלאומיות 1936־1939.**

# געוועזענע שפאַניע־קעמפער, וועלכע זענען נאָכן קריג אין שפאַניע געקומען קיין ישראל און זיך רעגיסטרירט אין „איגוד לוחמי ספרד בישראל"

**(בכדי אויסצומיידן איבערחזרונגען, זענען געבליבן אין דער ערשטער רשימה די פרייוויליקע פון ארץ־ישראל, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט אין מדינת־ישראל.)**

אַטיאַס, **חיים**, געשטאָרבן אין ירושלים, 1976.
אַראָנזאָן, **יוסף**, אויסגעוואַנדערט. לעבט אין לאָנדאָן.
באָבער, **מאַקס**, לעבט אין נתניה.
באָרענשטיין, **משה** (מאַריאַן), לעבט אין ירושלים.
בן־יעקב, **מרדכי** (מירקאָ), געשטאָרבן אין חיפה, 1979.
ד"ר בראָנשטיין, **פאַניאַ**, לעבט אין קרית־חיים.
גאַדעט, **מאַקס**, לעבט אין בת־ים.
גינצער, **צבי**, לעבט אין חיפה.
גרושקאַ, **אָשר**, געשטאָרבן אין נצרת, 1969.
גרינבערג, **מישעל**, לעבט אין גילה, ירושלים.
גרינשטיין, **אַהרון**, געשטאָרבן אין חולון, 1966.
דאַנאָן, **ראַול**, לעבט אין חיפה.
דגני, **דוד**, לעבט אין תל־אביב.
דאַרעווסקי, **מאַקס**, געלעבט אין בת־ים. אויסגעוואַנדערט 1975.
האַלפּערין, **פּעפּי**, לעבט אין חיפה.
האַמערמאַן, ד"ר, **אַננאַ**, לעבט אין חיפה.
העלער, ד"ר, **יוסף**, געשטאָרבן אין תל־אביב, 1976.
הררי, **יעקב** (ריקו), לעבט אין חיפה.

וועליקאַנאָוויטש, ד״ר, ווישקאַ, לעבט אין מגדל העמק.
זשעפּקאָוויטש, יוסף, לעבט אין חולון.
טעכניטשעק, מאַקס, לעבט אין תל־אביב.
יאַקובאָווסקי, מאַריאַן, לעבט אין בת־ים.
יורקאָווסקי, חיים, געשטאָרבן אין בת־ים, 1980.
לאָטרינגען, קובאַ, לעבט אין קיבוץ משמר העמק.
לאַמערס, יאָהאַן, לעבט אין חיפה.
לביא־לעווקאָוויטש, אַברהם, לעבט אין קיבוץ יגור.
לובעלסקי, בנימין (באָלעק), לעבט אין ירושלים.
לייבאָוויטש, ריווע, לעבט אין בת־ים.
לינקער, אַרנאָלד, לעבט אין חיפה.
מאַיעראָוויטש, ד״ר, אַניטאַ, לעבט אין נהריה.
מיילער, ד״ר, יאַנינאַ, געשטאָרבן אין תל־אביב, 1982.
מיילער, עמנואל, לעבט אין תל־אביב.
מילער, פרומקאַ, געשטאָרבן אין קרית מוצקין, 1980.
סגורה, דוד, לעבט אין תל־אביב.
סטיפעל, אַדאָלף, לעבט אין רחובות.
סטעליאַנו, מירקאַ, געשטאָרבן אין בת־ים, 1981.
סקאָרופּינסקי, מישאַ, לעבט אין בת־ים.
סרולעוויטש (ישראלי), אַנאַ, לעבט אין ערד.
ערסלער, ד״ר, גאַבריש, געוווינט אין ראשל״צ, אויסגעוואַנדערט 1976.
פאַסטאָר, מאַטעוש, לעבט אין בת־ים.
פאַשט, אַדאַם, לעבט אין בת־ים.
פאָגעל, רות, געשטאָרבן אין תל־אביב.
פינטשוק, פאַולינאַ, לעבט אין תל־אביב.
פערלמאַן, ד״ר, מיכאל, לעבט אין חיפה.
פרוינט, מיעטשעסלאַוו, געשטאָרבן אין בת־ים, 1981.
פריי, פּיטער, געוווינט אין תל־אביב. אויסגעוואַנדערט 1981.
קאָוואַלסקי, אַרטור, לעבט אין תל־אביב.

קאַט, **אַנזשעל** (**שוואַרצמאַן, פּעיוואַ אַנדזשעליקאַ**), געשטאָרבן אין חולון, 1973.

קאַזאַק, **דוד**, לעבט אין תל־אביב.

קאַטלאַרז, **איגנאַץ**, לעבט אין חולון.

קופּערמאַן, **יחזקאל**, געשטאָרבן אין רמת־גן, 1973.

קרעמפּעל, **משה**, לעבט אין רמת־גן.

ראַדוואַנסקי, **מיעטשעסלאַוו** (**סימאָן**), געוווינט אין בת־ים. אויסגעוואַנדערט.

ראָזענהאָלץ, **מענדל**, לעבט אין קרית שלום, תל־אביב.

ראָזענטאַל, **משה**, לעבט אין נשר, חיפה.

ריבאַ, **משה**, לעבט אין רמת־גן.

**ריבאַס־רותם**, **יוסף**, לעבט אין קיבוץ החותרים.

שאַרף, **אַברהם**, לעבט אין תל־אביב.

שערף, **נוסיה**, לעבט אין חולון.

שטיין, **לאה**, לעבט אין קרית־ים, חיפה.

שטערנזיס, **מאַרסעל**, לעבט אין רעננה.

שילוני, **שלום**, לעבט אין חולון.

שלייען, **שלמה**, לעבט אין תל־אביב.

# אינהאַלט


9 אַ וואָרט פריִער

## אין יענע שטורעמטעג

13 דאָן ראַפאַעל
25 אַ פשוטער חברה־מאַן
42 מייַנע לאַנדסלייט פאַלן
42 מיט אַ שמייכל פון אַ קונדס
46 אינעם געוויש פון וואַלד
63 פון פוילישן טאָרג ביז שפּאַניע...
69 „יפים הלילות בכנען“...
85 דער צעשטערטער טאַנץ
98 זעלנערישע ליבע

## לאַגער־איין, לאַגער־אויס

119 מיט אויסדויער און שבתדיקע ליכט
141 אין סאַהאַראַ־מידבר, צווישן ייִדן
151 די פאַרזעצונג
164 דאָרטן ווו אַפילו דער טויט באַפרייט ניט

## אין יאָרן אַרום

173 אַ שטיקל חשבון־הנפש

## אַ הייַנטיקע רייזע אין נעכטיקן טאָג

209 פון ליסאַבאָן קיין סעווילִיאַ
212 אין סעווילִיאַ
219 אין קאָרדאָוואַ
224 מאַלאַגאַ
227 גראַנאַדאַ
234 אויף דער סיערראַ נעוואַדאַ
239 אויפן וועג גראַנאַדאַ־וואַלענציע
247 אין וואַלענציע
252 באַרצעלאָנע
261 אין מאַדריד
264 אין טאָלעדאָ
268 צוריק אין מאַדריד
282 אין ליסאַבאָן, אויפן וועג אַהיים
285 פרייַוויליקע פון ארץ־ישראלע
291 געוועזענע שפּאַניער־קעמפער אין ישראל